ב. גלאזמאן.

ברוך גלאזמאן

# באַגינען

באַוועלען

פארלאג „קולטור“
1921

# אינהאַלט:





## באַגינען.

### א.

אז איך בין אויפגעשטאַנען אין דער פרי, זיך אויסגעשטרעקט די פארלעגענע ביינער, אָפּגעמאַכט מיינע גימנאַסטישע עקסער־ציסען און אָפּגעוואַשען מיין גוף מיט קאַלטען וואַסער, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן אַ קוק אין דרויסען און דערזעהן, אַז די וועלט איז ליכטיג. איז מיר געוואָרען ליכטיג אויפ׳ן הארצען, און איך האָב פריידיג אַ שמייכעל געטאָן אין מיין צימער אריין. איך האָב גע־וואוסט, אַז ע ס איז אַ גוטער סימן. אַ ליכטיגער טאָג, האָב איך צו זיך געזאָגט אין דער שטיל, און בין געוועהן גרייט אָנצופאַנגען מיין טאָג ארבייט.

דערזעה איך ביי מיר אויפ׳ן טישעל, וואָס שטעהט לעבען מיין בעט, אַ פּאַפּירעל, אַ טעאַטער־פּראָגראַם, און אויפ׳ן ליידיגען זוים פונ׳ם בויגעלע פּאַפּיר איז אָנגעשריבען מיט קרומע, צע־דרעהטע אותיות:

— איך וועל אייך ברייננגען אַ ביסעל ווארניש.

רייב איך מיר דעם שטערן און קוק אויף דעם פּאַפּירעל. ווער וועט דאָס מיר ברייננגען אַ ביסעל ווארניש, פרעג איך. און אַזוי ווי דער כתב איז ענליך אויף מיינעם — איך שרייב מיט עט־ליכע האַנטשריפטען, עס ווענדט זיך שוין, איך האָב עס באַ־מערקט, אי אָן מיין פיזיאָלאָגישען, אי אָן מיין פסיכישען צו־שטאַנד — האָב א י ך עס דאָך מסתמא אָנגעשריבען.

אין טעאַטער בין איך געוועהן אליין. דאָס פּראָגראַם, איך בין זיכער, האָט אויף זיך קיינע אויפשריפטען ניט געהאַט לעצטע נאַכט. קיינער, אויסער מיר, האָט עס פון דאַן אָן ניט געהאַל־טען אין האַנט. פון אומגעזעהענע נאַכט־באַזוכער רעדט מען דאָך ניט.

. איך, הייסט עס. גוט. וועל איך דאָס ברייננגען דעם ווארניש. וועמען־זשע, וואונדער איך מיך, וועל איך עס ברייננגען דעם וואר־ניש, און צוליב וואָס? וואָס איז דער באַטייט פון די דאָזיגע ווערטער, און ווי קומען זיי אויפ׳ן טעאַטער־פּראָגראַם?

אבי איך האָב געדיינקט, אז איך וועל האָבען א ליכטיגען רוהיגען טאָג. אויפגעשטאנען בין איך מיט א מח א קלאָרען און א פרישען, און גרייט געווען אויף אים לאָזען מאָלען פארשידענע מיטענטאָגיגע ליכט־געוועבען.

ווענד איך מיך אָפּ פון דעם פאפירעל, זעץ מיך אנידער צו דעם מיט'ן רוקען, ווייל דער בלויזער אָנזעהן פון די דאָזיגע אומ־פארשטענדליכע ווערטער רייצט מיך.

נאָר עס העלפט ניט. איך פיהל, אז איך בין אין מיין הדר נישט אליין. די ווערטער, מיינע און נישט מיינע, די פרעמדע ווערטער אָנגעשריבען אין מיין אייגענעם כתב, רייצען זיך מיט מיר און לאבען שרויטענ־גלייך פון יענער זייט רוקען:

— הא־הא־הא. איך וועל אייך בריינגען אביסעל ווארניש...

נו, האָט עס מיך געערגערט א גאנצען טאָג. כ'האָב מיך גע־וואָלט אָן דעם פארגעסען, ווי אָן א קליינינקייט. מאָלע וואָס, א פּאָר ווערטער. וואָס געהען זיי זיך מיט מיר אָן.

עס ערגערט מיך אָבער אלץ. וואָס הייסט, איך זאָל אויף אזויפיל איבער מיין זכרון קיין באלעבאָס נישט זיין, און, ביי אלע אָנשטריינגונגען, זאָל עס מיר ניט געלינגען צו דערמאנען זיך פארוואָס און ביי וואָסערע אומשטענדען איך האָב אָנגעשריבען די דאָזיגע ווערטער?

ווייל שוין א לייגנערע צייט, אז איך האָב ספקות וועגען דעם מח־צושטאנד מיינעם, צי ער איז ווי עס דארף צו זיין. מאנכמאָל טו איך אזעלכע אומדערקלערליכע זאכען, דערנאָך פארנעם איך מיך, אזוי אָפּגעהאקט מיט איינמאָל, וואָס איז עס דאָס וואָס איך האָב געטאָן. איך געדיינק בלויז, אז עפּעס אן אומדערקלערליכע זאך איז געטאָן געוואָרען. כ'קאָן מיך אָבער אפילו ניט דערמא־נען, ווער עס האָט די אומדערקלערליכע זאך געטאָן. דאמאָלס ווער איך מיר אזוי אומהיימליך און פרעמד, א סקרוך געהט מיר איבער איבער'ן לייב פאר זיך זעלבסט... און עס דערווייטערט מיך אזוי פון זיך.

א גאנצען טאָג האָב איך מיך געערגערט אזוי, און גאָרנישט געקאָנט טאָן. מער נישט — געוואָרען אָפּגעשוואכט, אויסגעמאַ־טערט פון די אומזיסטע אָנשטריינגונגען.

א מידער בין איך אזוי פארנאכט געבליבען זיצען אין מיין שאָקעל־שטול ביים פענסטער. געשלאָפען בין איך, ניט געשלאָפען, נאָר פון גרויס מידיגקייט און ערגערניש בין איך אריינגעפאַלען אין א צושטאנד פון האלב־באוואוסטזיין.

אין צימער איז געווען בין־השמשות׳דיג־טונקעל, און די לאָמפּען־פייערס, וואָס דער אָווענט האָט געזייהט אינ׳ם בלויליכען פעלד דרויסען, האָבען זיך דורך די פארצויגענע פאָרהייגלאך אין מיין טונקעלער לופט נישט אריינגעמישט. איך האָב מיר מיינע מידע איברים אינ׳ם סאמעט פון דעם פאָטעל געצויגען, גערדרעמעלט, גערוהט.

און ווי איך ליג אזוי און ווער אויסגערוט, האָב איך מיך — ניט דערמאנט, ווייל עס וואָלט דאָך געהייסען, אז דאָס אָן וואָס איך האָב מיך דערמאנט, איז טאקע פאָרגעקומען פריהער, ביי אנדערע אומשטאנדען, אָבער געווען איז עס זיכער ג ע ו ו ע ן, (איר פארשטעהט דאָך מיין מיין) — איז ניט איך האָב מיך דערמאָנט, נאָר איך האָב ד ע ר ז ע ה ן.

אָט איז עס: איך געפין מיך אויף דער שוועל פונ׳ם טונקעל־באלויכטענעם קאמער, וואו בלויז א שוואך ליכט ברענט. און גרינג איז עס מיר גאָר אָנגעקומען, ווייל די מיטגוואלטיגע אָנשטריינגונגען, וואָס איך האָב דורכ׳ן טאָג געמאכט, זיינען, ווי שווערע פלאָסטען, וואָס האָבען דעם איידעל־ווייכען מח־געוועב גערדיקט, אראָפּגעווישט געוואָרען אין דער אָווענטיגער האלב־ליכטיגקייט, און ע ס איז גערן און מיט׳ן א י י ג ע נ ע ם ווילען ארויפגעשוואומען.

עס איז נאכט, לעצטע נאכט. שוין אפשר נאָהענט טאָג. ארום פיר־פינף א זייגער — באגינען. און עס גיט מיך פּלוצלונג א וועק אויף פון שלאָף. איז׳ן איז עס העט ווייט אין דער דריי־טער אשמורה, שטיל אזוי און איינגעהאלטען אין זיך. די געדיכט־אָנגעשאָטענע שטערען זינגען אין דער שטילער שנייאיגער נאכט, ווינקען זיך איבער איינער מיט׳ן אנדערען, און דערציילען זיך ווינטערדיגע מעשיות, מיט א קלוגען שמייכעל אויף די גאָלדענע פּנים׳לאך. — דאָס אלץ זעה איך אָבער ניט מיט מיינע אויגען, ווייל מיין בעט שטעהט נאָר אָן א זייט פון פענסטער, נאָר איך זעה עס מיט מ י י ן ג א נ צ ע ן ג ו ף. ווייל שטיל איז עס

אזוי, און מיט די טויזענטער קליינינקע עפּענונגען, וואָס זענען איבער'ן גוף צעשפּרייט, פאַרנעמט מען אין סוף־נאַכט די דינסטע ציטערען פון אומגעזעהענע זאכען.

קאַלט איז עס, און נאָך פרי, ווייל איך ווידער איינשלאָפען. נאָר עס גיט מיך א כאַפּ אויף צום צווייטען מאָל. עס ברענט מיך עפּעס אין דעם טונקעלען מח־קאַמער, און וויל, מען זאָל עס ארויסנעמען.*) איך שטעק ארויס מיין האַנט פון אונטער דער קאָלדרע, נאָר די בלייכקייט פונ'ם אנטבלויזטען לייב אין דער נאַכט־פינסטערניש שרעקט מיך אָפּ. א טויטע, נישט־מיינע האַנט איז דאָרטען געווען. אוי, ווי קאַלט — — — — — איך נעם דאַמאָלס מיין האַנט, — די שטומע טויב, וואָס איך האָב ארויס־געשיקט אין דער פינסטערניש וואָס ארום אויסצוגעפינען עפּעס פאַר מיר, — צוריק אונטער דער ווארימער קאָלדרע אריין.

און דרעה מיך איבער צו דער וואַנט, ציה אויף זיך מיט גוואַלד דעם שלאָף ארויף, נאָר די אָנשטריינגונג מאַכט מיך נאָך וואַכעדיגער. די אומרוהיגקייט ווערט שטאַרקער. דער שמאָלער פאַסיקעל וואַכעדיגער באַוואוסטזיין, וואָס לייכט זיך דורך א שפּאַרינקעלע אין טונקעל־קאַמער אריין, זאָגט מיר, אז עפּעס איז מיר דאָ איצט אויפ'ן מח אזוינס, וואָס קומט צוגעהן בלויז זעל־טען, אין א באַגינען, און אז איך מוז עס דעריבער אָפּשפּאָרען, אויפהאַלטען, פאַרקערפּערליכען, ווייל מיט'ן טאָג־אָנקומען וועט עס שוין ניט זיין.

דער לעצטער ברען, ארויסצוראַטעווען דאָס וואָס ס'קומט אָן זעהר זעלטען, איז געווען צו הייס, און עס האָט מיך א דריי־פערטעל־שלאָפענדיגען פון בעט א הויב געטאָן. עס האָט מיך א צונד און א ריס געטאָן. כ'האָב געוואוסט שוין, אז אנדערש וועל

*) איך מוז דאָ באַמערקען, אז דאָס אלץ האָב איך נישט גע־פיהלט, און זיכער נישט ג ע ו ו א ו ס ט, לעצטע נאַכט. עס איז בלויז א י צ ט, בשעת איך שרייב, וואָס איך באַמיה מיך, אומ־באַהאָלפען און אומגעלומפּערט, צו געפינען כאָטש ווייפיל ס'איז נישט איז פּאַסענדיגע ווערטער, כדי איבערצוגעבען דאָס, וואָס האָט, אָדער האָט נישט פּאַסירט לעצטע נאַכט. לעצטע נאַכט אָבער בין איך נאָר גע־ווען באַוואוסטזיניג פון א בלויזער גייסטיג־פיזישער אומרוהיגקייט אין מיין גאַנצען נשמה־גוף.

איך ניט קאָנען אנטשלאָפען ווערען. אויפ'ן נאַכט־טישעל הענ־
איך אָנגעטאפּט דעם בלייפעדער און אויפ'ן טעאטער־פּראָגראם,
וואָס איז דאבוי געלעגען — מיט'ן שטיקעל טאָג־באוואוסטזיין
אָנטרעפענדיג דעם ליידיגען זוים — אָנגעשריבען מיט שוואכע
פארשלאָפענדע כחות, נ ע נ ו י ט:

— איך וועל אייך ברייננען אביסעל ווארניש.

און בין אנידערגעפאלען אויף מיין בעט, א דערשעפּטער פון
דער אָנשטריינגונג, האלב־גע'חלש'ט. די אומרוהיגקייט איז
דערנאָך מער געשטיגען. איך האָב געציטערט מיט'ן גאנצען גוף,
ווי א חולה־נופל, און עס האָט מיך אלץ געריסען פון בעט ארונ־
טער נאָך עפּעס פארשרייבען. נאָר איך, פארצווייפעלט און אָפּ־
געשוואכט, ווי א קינד א קראנקס, האָב מיך הילפלאָז געווענדט
צו דער טונקעלהייט און ארויסגעזאָגט צו דעם די · דאָזיגע
ווערטער:

— גאָט, גאָט, פּליעז גאָט, לאָז מיך אנטשלאָפען ווערען —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָ האָט מען מיר אָנגעקלאפּט אין טיר, איך האָב געהייסען
אריינגעהן. איז אריינגעאנגען מיין באלעבאָסטע. דער טיש,
זאָגט זי, איז געגרייט, אלע זיצען שוין ארום אים, און מען ווארט
אויף מיר פאר וועטשערע.

ב.

דאָס איז שוין ביי מיר זיכער. אין דעם האָב איך גאָר קיין
ספק ניט. אלץ איז אזוי, ווי איך האָב עס געזעהן. איצטער
ו ו י י ס איך, אז א י ך האָב עס אָנגעשריבען און וויים אויך,
ווען איך האָב עס אָנגעשריבען, און ביי וואָסערע אומשטאנדען.
אָבער — צוליב וואָס? און וואָס מיינט עס גלאט אזוי דיר אין
מיטען דער נאכט:

— איך וועל אייך ברייננען אביסעל ווארניש, —

און גלייך נאָכדעם אנטשלאָפען ווערען?

עס איז קיין וואונדער ניט, וואָס איך האָב מיך אזוי איינ־
געשפּארט אויסצוגעפינען דעם מיין פון די דאָזיגע עטליכע ווער־
טער, וואָס האָבען ווארשיינליך גאָר קיין מיין ניט. עס איז ביי
מיר שוין אריין אין נצחון. פארוואָס עפּעס זאָל איך נישט? —

נאָר קיין אָנשטריינגונג אויף אויפצועפענען דאָס קעמערל פון מיין זכרון, וואו עס ליגט דער מיין פון די ווערטער פארבאָרגען, ווייס איך, דארף מען ניט מאכען, ע ס  ו ו ע ט  ז י י ן  נ אָ ך  ע ר נ ע ר. איך באשליס דעריבער צו נעמען זיך אין די הענט אריין. איך באמיה מיך נ י ט צו מאכען קיינע אָנשטריינגונגען. איך דערלאָז ניט קיינע צעטומלענדיגע אויפרעגונגען אין מיין מח אריין. איך וויל „עס" ארויסנארען.

אומזיסט.

איז בין איך איינמאָל בייטאָג געזעסען אזוי ארום מיין שרייב־טישעל. א טאָג א ווארימער. עס איז ערשט נאָכמיטאָג. די זון ברענט. איך זיץ אנטקעגען איר. ווער איך אזוי צעהיצט פון דער ווארימקייט. א שלעפעריגקייט א בייטאָגיגע רוקט זיך אויף מיר אָן.

איך לאָז מיך פון די הענט ארויס. און פארגעס מיך צו ב א מ י ה ע ן זיך נישט צו מאכען קיינע אָנשטריינגונגען. איך פארזשמורע די אויגען, און דורך די אויגען־לידלאך זייהט זיך אריין א פיאָלעט־רויטע זוניגע פארב.

הערט נאָר. איך בין געגאנגען איינמאָל אין וועג. בין איך צונעקומען צו א דאָרף.

דורך דער גאנצער זאמדיגער לייננ פון דער איינציגער גאס בין איך דורכגעגאנגען, און וואָלט מיך דאָ אויך ניט אָפגעשטעלט. איך האָב מיר ליב גלאט געהן אזוי איבער וועגען, וואָס איך וויים ניט, וואו זיי פירען. נאָר איך דערהער עמיצער רופט מיך. שטעל איך מיך אָפּ און קוק מיך אום.

עס איז א גרויסער גאָרטען, א פאנאנדערגעבליטער, אין רעכטען מיטען פרילינג. די בוימער באדעקט מיט א געדיכטען, ווייסען און געלען צוויט. אזוי שעהן,ווי נאָר א דורך א מענשען געמאָלענער גאָרטען קאָן זיין, די פארבען נאָך פריש. און אין דעם צוויט שווארצט זיך, אָפּגעזונדערט אין א ווינקעל גאָרטען, א קליין הייזעל. די טיר אָפען, די פענסטער פארמאכט.

שטעהט דאָרטען לעבען דעם הייזעל, אין דער פרילינגדיגער זון, אן אלטיטשקער, איינגעבויגען, וואקט שוין צוריק צו דער ערד. ער קלאפט מיט א האמער די לעצטע טשוועקעס אין א קאסטען אזא: אן אָרון, זעהט זיך אויס, א טרומנע. דאָס האָלץ איז נאָך

רוי, ניי, מיט בלוויליכע אָדערלאַך, וואָס לייכטען זיך פונ׳ם יונגען לייב פונ׳ם האַלץ ארוים.

ווינקט צו מיר דער אלטינקער, שמייכלענדיג מיט׳ן גרויען קאָפּ, איך זאָל צוקומען נעהענטער. ער וויל, הייסט עס, וואָס פון מיר.

מילא, געה איך צו נעהענטער. איז אָבער ארום און ארום דעם גאָרטען, פארשטעלענדיג מיר דעם וועג, א פּלויט. א פּלויט גאָר א נייער. דאָס האָלץ — יונג און רוי. פון די סוקעס טריפט נאָך גאָלדענע קאליפאָניע, ווי די ארייננעזאפּטע אינ׳ם האָלץ צע־שמאָלצענע זון וואָלט איצט פונ׳ם האָלץ זיך צוריק ארויסגעגאָסען. איך הויב אויף די אויגען צו זעהן, אויב איך וועל קענען איבער׳ן צוים אריבערגעהן.

דערזעה איך:

אויף דעם פּלויט זיצט, אָנהאלטענדיג זיך אָן א צווייג אי־בער׳ן קאָפּ, א יונג מיידעל, נאקעט, גאָר נאקעט. איר לייב — שמייכעלדיג און רויזליך־ווייס, ווי דער צוויט ארום איר אויף די בוימער. אָט דעריבער, טראכט איך, האָב איך זי צוערשט ניט באמערקט, ווייל זי איז געווען פונ׳ם זעלבען קאָליר, וואָס דער צוויט.

דער אלטינקער קלאפּט די לעצטע טשוועקעס אינ׳ם ניי־אויפגעבויטען אָרון אריין. מיט זיינע לעצטע כחות רופט ער מיך דורך דער ווארימער פרילינגדיגער לופט: אהער־ר! אהער־ר! און די מיידעל, זיינס אָן אייניקעל מסתמא, זאָגט גאָרניט, נאָר שמייכעלט אויף מיר אזוי נאקעט־ווייס פונ׳ם צוויט ארוים.

איך בין צוגעגאנגען צו איר נעהענטער.

— דו האָסט א פרילינגדיגען גאָרטען, זאָג איך צו איר, אין וועלכען דער צוויט האָט זיך פאנאנדערגעבליט, ווילסטו דאָך ניט, אז דער צוויט — און ווען דער זומער וועט קומען, די עפּעל — זאָל זיך אין אלע זייטען פאנאנדערשפּרייטען, האָסטו א פּלויט ארום דעם גאָרטען אויפגעבויט. דאָס האָלץ איז רוי, איידעל, און בלויע אָדערלאַך שלאָגען זיך פון אונטער דער פרישער האָלצענ־הויט ארויס. וועל איך עס צודעקען מיט א מאנטעל פון גלעזער־נעם, טונקעל־דורכזיכטיגען לאקיר, מיט א בגד פון קרישטאָלענעם

בארג־גלאזור. ווארט נאָר, מיידעל, איך וועל דיר ברײנגען אביסעל ווארניש.

ג.

ניין.

עס האָט נישט געהאָלפען.

פון וואנען וויים איך דען. פיליכט איז עס דער שטארקער באגער מײנער פאר א באשייד געווען די סבה פון מיין טאָג־חלום? און האָט זיך דען דער דאָזיגער זעלביגער טאָג־חלום מיר אויך באוויזען דאן ביינאכט? ווער וועט דאָס מיר זאָגען? און דער עיקר — דער עיקר איז, אז איצט איז דאָך גאָרניט פרילינג, נאָר עס איז א נאסער ווינטערדיגער טאָג, און א שניי־רעגען גיסט זיך אומעטיג אין דרויסען. די גאסען קוקען אויס ווי זיי וואָלטען זיך געקליבען צו זיין נאס פאר יאָרען און יאָרען, קאָנען זיך נישט העלפען, און וויינען דעריבער איבער דעם.

און נאס און פארנעפּעלט ציהען זיך מיינע רעיונות:

ווארניש מיינט אין אידיש לאקיר, גלאזור. עס איז פליסיג און דורכזיכטיג, ווי צעשמאָלצענער דינער גלאָז. ווען איר לאַקירט אָפּ א זאך מיט דעם, איז די זאך, ווי אונטער א גלאָז־צודעק. אָט שטעהט ביי אייך, צום ביישפּיל, אין צימער א טיש. איז דער טיש פון נייעם האָלץ, רוי, טעמפּ, פרעמד, האָט צו אייך קיין שום שייכות נים, א טויטע זאך. איר נעמט דאן און לאקירט אים אָפּ. איצט איז עס דערזעלבער טיש — און נים דערזעלבער. ער קוקט אויף אייך שוין פון דער זייט, מיט אן אייגענער חשיבות, איידעלער, לעבעדיגער, מיט אן אייגענעם לעבען, נאָענטער — נאָענט־פרעמד שמייכעלט צו אייך, ווי אן אלטער זעהר גוטער באקאנטער, וואָס האָט אויף זיך א שווארצען בגד פון פרעמדקייט און דערווייטערטקייט אָנגעטאָן.

— אנו־נאָר, טרעפּ — — — — איך בין שוין אונטער גלאָז.

איר בויגט זיך איבער איבער׳ן טיש, און דערזעהט דאָרטען — זיך. — — — —

וואָס־זשע האָט עס מיך אויפגעוועקט אין מיטען דער נאכט, און מיך געצוואונגען אָנשרייבען:

— איך וועל אייך ברײנגען אביסעל ווארניש?

# פארטונקעלט גאלד.



פאַרטונקעלט גאָלד:

ביינאַכט.

ס'איז שוין צייט צו דאַוונען מעריב.

ברית.

Resurgam.

בײנאַכט.

אין דער שטאָט צ ע נ ט ע ר ו י ל, װאָס געפינט זיך אין אַ מיטעלװעסטליכען שטאַט, האָט געלעבט אַמאָל אַ מאַן, ניט קײן פרומער און ניט קײן גאָטספאַרכטיגער. איז ער געװען ענליך אויף אַ סך אנדערע מענשען — אויף דער גאַנצער װעלט.

און אויך די שכנים ארום האָבען געװאוסט, אַז ער איז ניט קײן פרומער מענש.

און דער דאָזיגער מענש איז געװען אַ איד, כאָטש אין דער נאכבארשאפט, אין װעלכער ער האָט געװאוינט, זענען די אײנ־װאױנער געװען גוים. נאָר זײ האָבען ניט געװאוסט, אויב ער איז אַ איד, אָדער אַ גוי. מען פלעגט אים אפילו אַמאָל, אין אַ זונטאָג, אָדער אַ קריסטליכער חגא, זעהן ארײנקומען אין קירך. אָבער דאָך װאָלטען זײ באשטימט ניט געקאָנט זאָגען, אַז ער איז אַ קריסט. װײל צו קײן קריסטליכען „פעריש*) איז ער ניט גע־װען צוגעשריבען. מען פלעגט אים אויך זעהן ארײנקומען אין די פארשידענע קירכען. אַמאָל פלעגט עס זײן אַן עפיסקאָפּאלישע — און אַמאָל אַ יוניאָניסטישע, אַמאָל אַן אוניװערסאלע — אַמאָל אַ קאטױלישע, אַמאָל אַ ספּיריטואליסטישע — אַמאָל אַ באפּטיס־טישע, אַמאָל אַ מעטאָדיסטישע — אַמאָל אַ לוטעראַנישע, אָדער אַ פּרעסביטעריאַנישע — מיט אײן װאָרט, דער דאָזיגער מענש האָט איבערגעדינט אַלע עבודה־זרות.

און אפשר האָט ער זײ גאָרניט געדינט. עטליכע פון די קירכען־מתפללים פלעגען אַמאָל אַ באהאַלטענעם בליק װארפען אויף אים, װײל זײ האָבען געװאָלט זעהן, אויב ער בוקט זיך און נױגט זײן קאָפּ, בשעת דער קריסטליכער תפלה בלחש. און אין די קאטױלישע קלױסטערס, צװישען די גרױע ערפורכטיגע שטײ־נערנע װענט, האָבען אײניגע שטילע גאָטבעטער, קניענדיג זיך אויף די קאלטע פּליטעס פאר די שטײנערנע פיגורען פון די הײ־ליגע און מארטירער, אויך באמערקט, אַז ער מאכט ניט קײן װשענו־

*) קירכען־געמײנדע.

פלעקט ביים אריינגעהן אין קירך אריין, און צלמ׳ט זיך ניט איבער ביים ארויסגעהן. נאָר ער זיצט שטענדיג אַן אויסגעגלייכטער, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און פארטראַכטע אויגען, וואָס זעהען און זעהען ניט, און קנים זיך ניט, און בוקט זיך ניט.

האָבען זיי גלייך פארשטאַנען, אַז ער איז אַ פרעמדער.

נאָר אַזוי ווי עס איז ניט געווען קאָנטיג, אַז ער זאָל זיין אַ גאָט׳ס לעסטערער און זאָל האָבען געקומען אהער אָפּשפעטען, נאָר ער האָט זיך געהאַלטען זעהר שטיל און בנעימות׳דיג, האָט מען אים דעם אריינגעהן אין ערגעץ ניט פארבאָטען, נאָר פאַר־קערט. מען האָט אים אומעטום אויפגענומען בסבר פּנים יפות, מיט די פריינדליכסטע שמייכלען און באַגריסונגען. און אין די ניט־קאַטוילישע קירכען, וואו די גלחים פארטראָגען זיך מער מיט׳ן עולם, און זענען ניט אַזוי כהנים׳ש־דערווייטערט, פלעגען די פּאַ־סטאָרס און די מיניסטערס מיט שטראַלענדיגע פּנים׳ער אים דערלאַנגען די הענט ביים ארויסגעהן. זיי פלעגען אים ווינשען אַ „פּיספּול סאַבבאַטה“ און אים בעטען, ער זאָל נאָכאַמאָל קומען.

און ער פלעגט טאַקע קומען נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל. ווארים דער דאָזיגער מענש, וואָס כאָטש ער איז ניט געווען קיין פרומער און גאָטספאָרכטיגער, איז ער אָבער דאָך גע־ווען פון די לעצט־הייגטוועלטיגע. פלעגט ער דאָס הפנים טאָן צוליב דער שעהנער רעליגיעזער מוזיק און די הייליגע פייערליכ־קייט פון דעם גאָטעס־דינסט, וועלכע פלעגט אים אזויפיל רוה און העכערען תענוג פארשאפען. און תענוג־האָבען — דאָס איז דאָך די לעבענס־קלוגהייט, צו וועלכער אונזער דור, דער לעצטער, איז געקומען.

איז געווען, אַז מען פלעגט שפּילען און זינגען די ביבלישע אָראַטאָריאַס פון מ ע נ ד ע ל ס אָ ן ־ ב א ר ט אָ ל ד י, פלעגט ער חלומ׳ען פונ׳ם געזאַנג פון די לוים, באַגלייט דורך אַ געקלימפּער אויף הארפען. און ער האָט געפּיהלט, אַז אַמאָל — אין אַן אַנדער געשטאַלט, אָנגעטאָן אין אַ ברייט־לויזען מאַנטעל, מיט אַ קאַש־טאַנענ־ברוינער באָרד און זיין הויט־קאָליר — טונקעל־איילבירטיג, — האָט ער שוין דעם דאָזיגען געזאַנג געהאַט פארנומען.

און ווען דורך דער טונקעלער לופט פלעגען זיך דורכקוויקלען די טיף־אויפרודערנדיגע, אין די נידעריגע אָקטאַווען, אָרגעל־

ברומען, בשעת מען האָט געשפּילט ה י י ד נ ׳ ס, ה ע נ ד ע ל ׳ ס און ב א כ ׳ ס רעליגיעזע מוזיק, פלעגט אים דאָס הארץ צעגעהן און די אויגען זיך צומאכען, און ער פלעגט זיך געפינען אין אנאנדער וועלט.

ווייל זייענדיג פון די לעצט־היינטוועלטיגע מענשען, האָט ער מסתמא געהאט נענוג צייטען פון ספקות, אָפּהענדיגקייט און מידיגקייט, ווען זיין גאנץ אינערליך וועזען האָט זיך געצוקט און געוואָרפען. געוואָלט האָט ער דעריבער, אז א רו זאָל אויף אים נידערען און אים שטיל מאכען.

און דער דאָזיגער מאן איז געווען א איד. נאָר קיינער האָט עס ניט געוואוסט, אויסער אים גופא. ניט אפילו די אידען פונ׳ם קליינעם, ווייניג־מענשענדיגען אידישען קווארטאל אין דער דאָזיגער שטאָט.

ווייל פון צייט צו צייט פלעגט ער אויך אהינצו קומען, און א פרעמדער, אָהן ליבע, אפשר מיט בלויז אביסעל רחמנות, זיך ארומדרעהען איבער די אידישע גאסען. געפּרואווט האָט ער אויך איינמאָל אריינגעהן אין דער אידישער שול. דאָ האָט מען אים זעהר פריינדליך אויפגענומען, און מען האָט זיך ארום אים א סך, שוין צו־פיל, געשמאיעט, און געפּאָרעט, באקוקט און באוואונדערט, נעקוקט אין די אויגען, און אין מויל אריין, געוואַרט אויפ׳ן פארבייגעהענדיגסטען אויסדרוק, וואָס וועט זיך א שפּיגעל טאָן אין זיין אויג, און אויף יעדען וואָרט, וואָס ער וועט לאָזען פאלען. ווייל מען האָט ניט געוואוסט, אז ער איז א איד.

האָט מען אים א סדור׳ל דערלאנגט און מיט א פארשולדיגט שמייכעל אים פארשידענע זאכען דערקלערט. און אין זייער גאנץ באנעמען זיך צו אים איז געווען צו דערקענען די נכנע׳דיגקייט צו דעם פרעמדען, וואָס האָט באוויליגט זיך ארונטערלאָזען אונטער דעם שאָטען פון זייער באלקען, און דער שמייכעלע האָט זיך פארענטפערט:

— נעמט נישט אָן פאר אומגוט אונזער אָרימקייט דאָ... בע־כע.

און אים האָט וועה געטאָן דאָס הארץ, וואָס ער קוקט זיי אויס ווי א פרעמדער. און ער האָט זיי מיט א העפליכען שמיי־

כעל אויסגעהערט. אַ פּרעמדקייט האָט אויף איהם געוועהט פון דער שול. דער טומעל, דער געפּילדער פון די מתפללים, זייער וואַכעדיג האַלטען זיך אינ׳ם מקום־קדוש, די נישט ריינקייט און אַריסקייט פון דעם בנין, די פאַרהאָוועטקייט און דאָס איילען־זיך, די געוועהנליכקייט און אומהיילינקייט פון דער גאַנצער לופט ארום — דאָס אלץ האָט אים אָפּגעשטויסען. ער האָט פאַרקרימט מיט דער נאָז, און פאַרשטשעמעט די ליפּען.

זעלטען־זעלטען פלעגט ער שוין איצט קומען אהין. די צווי־שענצייט צווישען איין שול־באַזוך און דעם צווייטען פלעגען וואָס אַמאָל ווערען לייגנער. די ענד־פּונקטען — בלייכער און אָפּגע־מעקטער. און זיין פּרעמדקייט — שטאַרקער, ענגער. און אז ער האָט אמאָל אַ טראַכט געטאָן, אז ער איז אַ איד, האָט עס אים אויסגעקוקט זעהר מאָדנע און ווייט, ווי אַ לאַנג־פאַרשאָלענער הילך.

און עס איז דאָך געווען מאָדנע...

ווייל דער דאָזיגער מענש איז געווען ניט נאָר אַ איד, נאָר אַפילו אויך אַ אידישער שרייבער. אָבער קיינער ארום אים האָט עס ניט פאַרדעכטיגט און קיינעם ארום אים האָט ער וועגען דעם ניט געוואָלט דערציילען, ווייל געוואוסט האָט ער דאָך, אז קיינער ארום אים דאַרף ניט זיין שרייבען, און די, פאַר וועמען ער שרייבט, נאָך ווייניגער, ווי עמיצער אנדערש. און אַזוי ווי צווישען אידען איז אים געווען פרעמד און אָפּשטויסענדיג צו וואוינען, ווייל זיי האָבען מיט זייער איצטיג לעבען און זייער ווירקליכקייט אַלע זיינע חלומות איבער׳ן פּנים געשמיסען, האָט ער זיך ביסלעכווייז דערווייטערט פון זיי, כדי ער זאָל קאָנען פירען אַ ריין־אידיש לע־בען. ער האָט איצט געוואוסט: אמת׳ע אידישקייט, פּונקט ווי זיין שרייבען, איז אַ פּריוואַט־זאַך, וועלכע קיינער דאַרף ניט, אויסער אים אליין. האָט ער עס פאַרשלאָסען אין זיך, און קיינעם אהינצו ניט ארייננעלאָזט.

קיינעם נישט — אפילו נישט זיין פרוי.

ווי מאָדנע...

בל־ימיו האָט דער דאָזיגער מאַן געביינקט און גע׳חלומ׳ט

װענען אַ אידישער הײם. ער האָט געזעהן, אַז דאָס איז דאָס אײנ־ציגע, װאָס עס בלײבט פאַר די אידען איבער אין די איצטיגע טעג. עס װערט אָפּגעשװײנקט דורכ׳ן מבול דער אידישער ד ר ו י ס ע ן, די אידישע גאַסען און די אידישע שטעט. עס בלײבט בלױז אי־בער די הײם, װעלכע מיר זאָלען נאָך האַלטען אידיש, װי גאָר אמאָל אין מיטעל־אַלטער, װײל מיר קערען זיך דאָך אום צום מיטעל־אַלטער.

נאָר װי בײ אַלע מענשען, אַזױ איז אױך זײן פּריװאַט־לעבען בײ אים ניט אַרױסגעקומען, װי ער האָט עס געװאָלט. װאָרים צוליב זײן אױסערליכען גױ׳אישען באַנעמען זיך און גױ׳איש אױסזעהן און מאַנירען, פלעגט ער כמעט אױסשליסליך פאַרקערען מיט גױם און גױ׳אישע אידען. און אין געװיסע מינוטען האָט ער זיך מענשליך פאַרליבט אין אַ מײדעל. דאָס מײדעל איז גע־װען אַ אידישע לױט איר אָפּשטאַם, אָבער אַ גױ׳אישע לױט איר דערציהונג, אַרט דענקען און לעבענס־אופן. און װען ער האָט זיך עס אַרומגעזעהן, איז שױן געװען צו־שפּעט. די זאַך האָט זיך צו־פיל פאַרפּלאָנטערט. אָפּפּלאָנטערן האָט מען שױן ניט גע־קענט, נאָר בלױז איבערשנײדען. נאָר אױף דעם האָט ער קײן כח ניט געהאַט. האָט ער עס געלאָזט געהן, װי עס געהט און זיך נאָך מער אײנגעשלאָסען.

און די פרױ האָט גאָרניט פאַרשטאַנען, װאָס עס טוט זיך בײ איר מאַן אין הארצען. זײענדיג בײדע הײנטװעלטיגע מענשען, האָבען זײ שױן געפונען גענוג געמײנשאַפטליכע גרונדען, אױף װעלכע זיך צוזאַמענצוקומען און זאַכען, איבער װעלכע צו שמועסען. האָט זי זײן פרעמדקײט גאָר ניט געפיהלט. אָבער אים האָט עס נאָך מער װעה געטאָן, װאָס ער דאַרף פירען אַ טאָ־פּעלטען לעבען, און האָבען אַ נעהײמען לעבען, װעלכען ער דאַרף באַהאַלטען אפילו פון זײנע נאָהענטססטע.

און אַז ער האָט דערזעהן, אַז עס איז אים שױן באַשערט דורכ־צושטופּען זײנע טעג אױף אַ ניט אידישען אופן, אַז אין הױז איז בײ זײ אַלץ אומאידיש, די שפּראַך, װאָס זײ האָבען גערעדט אײנס צו דאָס אנדערע איז ניט זײן שפּראַך, און זײנע חלומות און געדאַנקען זענען ניט אירע, — איז ער נאָך פאַרשלאָסענער

געוואָרען. און ביי אים איז אפילו אָפּגעשטאָרבען דער חשק צו האָבען קינדער, ווייל ער האָט געוואוסט, אז זיי וואָלטען נאָך מער די פרעמדקייט אינ׳ם הויז פארשארפט.

און עס איז נאָך געווען גוט, וואָס זי איז געווען א היינט־וועלטיגע, האָט זי דאָך זעלבסט געהאט א וויכטיגערע באשעפּ־טיגונג אין לעבען: א ל י י ן  צ ו  ל ע ב ע ן און צו האָבען תענוגים, וואָס דאָס איז דאָך גופא ניט קיין אידישער געדאנק.

און זיי האָבען געלעבט צוזאמען: זי, דער היינטיגער מענש, וועמען עס ארט נישט, ווען אפילו מיט אים וועט אונטערגעהן די וועלט, און ער, דער היינטיגער איד, וועלכער ווייס, אז ער איז פון די לעצטע.

אָט אזוי זענען פארגאנגען טעג און יאָרען. דאָס לעבען איז זיך געגאנגען זיין וועג, בארג־אראָפּ און בארג־ארויף. דער מאן וואָס האָט געלעבט אין דער שטאָט צענטערוויל אין דעם מיטעל־וועסטליכען שטאַט, איז וואָס אמאָל אָפּגעפרעמדטער געוואָרען. זיינע באציהונגען מיט דער אידישער וועלט זענען וואָס אמאָל גע־וואָרען ווייניגער, ווייטער און זעלטענער. און מיט דער ארומיגער גוי׳אישער וועלט איז ער זיך בלויז אויבענאויפיג צוזאמענגעקו־מען. אזוי אז אמאָל, ליגענדיג אזוי וואכענדיגערהייט אויף זיין בעט האָט זיך אים אויסגעדוכט: ער איז איין מענש, איין איד, פארוואָרפען ערגיץ אויף אן אינזעל.

און דאָס שרייבען איז ביי אים געוואָרען זעלטענער. און אז ער פלעגט אמאָל עפּעס אָנשרייבען, פלעגט עס זיין פון אן אנדע־רער, אויסגעטראכטער, אמאָליג־אידישער וועלט, ווייל מיט דעם איצטיגען אידישען לעבען האָט ער גאָר ניט געוואָלט האָבען צו טאָן. דעריבער פלעגט זיין שרייבען זיך אים אָפּטמאָל אויסווייזען, ווי ער וואָלט געצויגען פון אן איינזאמען שטיין אונטער א וואסער.

און ווער ווייס גאָר.....

איינעמ׳ס אומגליק איז דאָך דעם צווייטענ׳ס גליק, און איי־נעמ׳ס פורעניות איז דאָך דעם אנדערענס דערלייזונג.

איז אין א וואָכעדיגען טאָג געגאנגען דער דאָזיגער מאן אי־

בער די גאסען פון דער שטאָט, און זײַנע פיס האָבען אים פאר־טראָגען אין דעם אידישען קווארטאל.

נו, מילא, ער איז שוין דאָ. איז ער פארבײַגעאנגען לעבען א קענדי־סטאָר. דרויסען פון דער טיר איז געשטאנען א קלײנער צײַטונגס־סטענד מיט אידישע צײַטונגען. ער האָט געקויפט צו אײנע פון יעדער צײַטונג און איז אוועק מיט זײ אהײם. און האָט זײ אין די גוי'אישע גאסען געטראָגען אונטער דער פּאָלע, אז קײן פרעמדענ'ס אויג זאָל עס ניט זעהן. ער האָט זיך דערמאנט בשעת מעשה, ווי ער האָט געלײענט אין די קינדער יאָרען ווענען די מאראנען, וועלכע פלעגען באהאלטענערהײט אײַנקויפען ברײַן אויף פסח און טראָגען עס אונטער'ן מאנטעל צו די פארבאָרגעני־שען, וואו זײ פלעגען פראווען די סדרים. א גרויסע פרײד האָט זײַן הארץ אָנגעפילט, ווי ער וואָלט א ווארים עופה'לע אונטער זײַן פּאָלע געטראָגען, ווײל א יום־טוב איז עס בײ אים געווען, ווען ער האָט געקראָגען צו לײענען א אידיש וואָרט.

און אז ער איז געקומען אהײם און אַרײַנגעקוקט אין די בלעטער, האָט ער דערזעהן, אז עס רינט בלוט. און עס איז אים געוואָרען רויט.

אײניגע טעג האָט עס אים גענומען, ביז וואנען די רויטע פארע איז אים פון די אויגען צורונען.

עס איז געווען ליכטיג. די לופט האָט זיך געשפּרײט או־מעטום א גאָלדיג־זומערדיגע, איבער די גאָרטענס פון דער שטי־לער שטאָט. די גאסען, וואו ער האָט געוואוינט, זענען יעדען טאָג געווען יום־טוב'דיג צוגעפּוצט. און ער האָט זיך געדרײט אהער, און ער האָט זיך געדרײט אהין, עס האָט אים אָבער ווי־דער א צי געגעבען אין יענע אומרײנע גאסען.

און אז ער האָט נאָכאמאָל געקויפט אידישע צײַטונגען, האָט ער בײם ערשטען בליק דערזעהן, אז דאָס בלוט רינט שוין מער ניט, נאָר עס פלײצט.

און א דריטען מאָל איז געווען דאָסזעלבע, און א פערטען מאָל, און א פינפטען מאָל. די אויגען האָבען זיך בײ אים פאנאנ־דערגלאָצט, און זײַן בליק האָט ער ניט געוואָלט גלויבען, אז אזוינס

זאָל גאָר זיין מעגליך. עס האָט אים אָנגעהויבען צו שטיקען און ברענען.

איז ער דאָך מער ניט, ווי א מענש. האָט ער זיך מיישב געווען, אז וואָס קען ער דען העלפען? און אז ער'ט משוגע ווערען — איז וואָס? — — — האָט ער אויפגעהערט צו לייענען די איד־רישע צייטונגען. וועט ער זיך פשוט ראטעווען!

עס האָט אים אָבער ניט געהאָלפען. ער האָט עס סיי־ווי אלעמאָל געזעהן, ביימאָג און ביינאכט, אין חלום און אויפ'ן וואָר.

וואָס איז דאָ א סך צו ריידען, ווי אזוי ער האָט געפיהלט, ווייל עס איז ניט איבערצוגעבען אין ווערטער, און קיין פארגלייך, און קיין בילד וועט דאָס ניט געגוי דערקלערען. ער האָט זיך פארשפארט אין זיין אָפגעזונדערטען חדר, און צו זיינע באקאנטע ניט געוואָלט מער געהן, און צו זיין אייגען ווייב מער ניט גערעדט.

און ער האָט אויפגעהערט צו שרייבען זיינע שעהנע חלום־ווערק, וואָס זענען געווען ווי ווייסע הייזלעך, וועלכע זעהען זיך דורך צווישען די בוימער אין א טאָל. איצט איז ניט די צייט פאר דעם, האָט ער זיך געזאָגט.

און אז ער האָט געפרואווט אמאָל, ווען אויפ'ן הארצען איז אים געוואָרען צו־שווער, אריינצוגעהן אין א קירך, האָט ער דער־פיהלט מיט פיין און אנטוישונג, אז די רו נידערט שוין אויף אים דאָ ניט ארונטער, ווי אין די פריהערדיגע טעג. א גרויסע גרויל איז אים באפאלען. די אויגען האָבען זיך אים פארגלייזט, ווי ביי א גוסס, און דורך א רויטען נעבעל האָט ער דערזעהן, ווי עס דערנעהענטערט זיך צו אים פונ'ם אלטאר א רויטע מחנה מענשען. ארויפגעשטעקט אויף די ביקסען־שטיקעס טראָגען זיי אָפגעשניטענע קעפּ, פון וועלכע עס רינט ארונטער בלוט, ווי אויף די בילדער פונ'ם קאָפּ פונ'ם געקרייציגטען יעזוס פון נצרת.

איז ער ארויסגעלאָפען פון קירך. ווי שפּיזען האָבען אים נאָכגעפאָלגט די פיינדליכע בליקען פון די מתפּללים, וועלכע האָבען אים מיט א ווארימען באדויער באגלייט. און ער האָט זיי מער ניט געקאָנט קוקען גלייך אין פּנים אריין, ווייל ער האָט געזעהן, וואָס עס איז באהאלטען אונטער זייערע געזיכטער. און ער האָט

געוואוסט, אז א צייט וועט קומען, און זיי וועלען באווייזען זייער אמת'ע געשטאלט, וועלכע בלויז איינינע קאָנען איצט זעהן.

האָט ער אָנגעשריבען א גרויס פּאפּיר, וואו ער האָט זיך אויסגערעדט דאָס הארץ און אויסגעגאָסען זיין כעס, און אויפגעשריבען פארשידענע געדאנקען, און געגעבען פיל עצות, וואָס עס זאָל געטאָן ווערען אין דער איצטיגער צייט, כדי אָפּצושטעלען די שחיטה און די פארלענדונג.

און דאָס פארשריבענע פּאפּיר איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין א אידישער צייטונג אין דער וויטער שטאָט ניו יאָרק. עס האָט געמאכט א רושם. א וויילע האָט עס דאָרטען אויפגעשוימט, א וואסער־פּיענע אויף דער אויבערפלאך פון א נאכטיגען ים. אין באלד איז עס צורונען און נים געוואָרען. זיין קול איז דערטרונקען געוואָרען צווישען די טויזענטער אנדערע קולות, און האָט קיינעם נים געהאָלפען, אויסער, אפשר, זיך.

דאָס בלוט האָט וויטער געפּלייצט, און זיך נים אָפּגעשטעלט.

און אז ער האָט דאָס דערזעהן, האָט ער זיך נאָך שטארקער פארשלאָסען. מיט א בייזקייט האָט ער פארברענט אלע זיינע פּאפּירען און מיט א קללה ארויסגעוואָרפען דאָס אש אויפ'ן ווינט. און דאמאָלס האָט ער זיך געלאָזט געהן אין וועג אריין — אין זיין איינענעם חדר.

ער האָט געוואכט דורך נעכט און האלב־געדרימעלט דורך טעג. און אויסגעטראָטען קרומע וועגען און סטעזשקעס אויף דער פּאָדלאָגע פון זיין חדר און אין זיין פאנטאזיע.

און אין טעג און טעג ארום איז ער פון זיין חדר ארויסגעקומען. זיין פרוי, וועלכע האָט מיט אלץ מער און מער וואקסענדער אומרו באמערקט, אז עפּעס קומט מיט אים פאָר, האָט איצט מיט פרייד געזעהן, אז ביי איר מאן איז דער פנים ליכטיגער געוואָרען און רוהיגער, כאָטש א סך בלייכער און שטילער.

איז זי אויך רואיג געוואָרען. עס האָט זיך איינגעשטעלט אין הויז א ריי שטילע, פארריגעלטע טעג.

און ווען אין איינעם אזא טאָג האָט ער זיך אָפּגערופען צו זיין פרוי:

איין, טאָג אויס, פּלעגט זיך אָנטאָן אין טלית און תפילין, זיך אומ־דרייען מיט׳ן פּנים צום וואנט, און דאווגען אין דער שטיל. און ער האָט זיך געלאָזט וואקסען א לאנגע שווארצע באָרד, און מיט דער צייט האָט ער געקראָגען א אידישען אויסזעהן.

און ביסלעכווייז האָבען זיך די ארומיגע אידען דערוואוסט, אז דער דאָזיגער מאַן איז אויך א איד. און אז זיי האָבען זיך ערדערוואוסט, האָט זיך דער רעש געלייגט. זיי זענען איינגאנצען אָפּגעקילט געוואָרען צו אים, און זיי האָבען איינער צום אנדערן געזאָגט, מיט א באליידיגענדיגען קוועטש מיט די אקסלען:

— נו, ער איז דאָך בלויז איינער פון אונזערע... פּונקט אזוי איד, ווי מיר אלע. איז מה רעש?.. צוליב וואָס האָבען מיר עס געמאכט אזא ווארע פאַר אים? מ־ניע, נאָך א איד.

און זיי האָבען אָנגעהויבען קוקען אויף אים מיט חשד־אויגען, ווי ער וואָלט ביי זיי עפּעס געוואָלט צוגעמען. ווייל אין דער איינגנקייט איז מיט זיין אָנקומען געוואָרען נאָך איינגער.

און זיי האָט אפילו פאַרדראָסען גאָר שטארק, פאַרוואָס זיי האָבען זיך צוערשט אויף די הענט ארומגעטראָגען מיט אים, „וויבאלד ער איז דאָך בלויז איינער פון אונזערע". און זיי האָבען אים נאָך פיינט געקראָגען, פאַרוואָס ער האָט זיי פריהער ניט גע־זאָגט, אז ער איז א איד, און איבער דעם וואָס זיי האָבען ניט געוואוסט, האָבען זיי אים אומזיסטען כבוד אָפּגעגעבען.

נאָר דער דאָזיגער איד, וואָס האָט געוואוינט אין דער שטאָט צענטערוויל, אין דעם מיטעלוועסטליכען שטאַט, האָט עס אלץ אָנגענומען מיט ליבשאפט, ווייל ער האָט געוואוסט, אז עס קומט אים אזוי. די אידישע איינוואוינער האָבען זיך אָפּגעקערט פון אים, און פון די גוי׳אישע איינוואוינער האָט ער זיך אָפּגעקערט. איז ער געבליבען אליין. נאָר ער האָט געבענשט גאָט, ווייל ער איז איצט געווען אויפ׳ן וועג צו גאנצקייט און רו.

און אָט אזוי איז פאַרלאָפען טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך, חדש נאָך חדש. ער איז געווען אָפּגעטיילט מיט א מחיצה פון דער גאָר־נאָהענטער וועלט. א ווארים־בארוהיגענדיגע פאַרנעפּילקייט האָט זיין נשמה ארומגעוויקעלט. און וואָס עס קומט פאַר ארום אים האָט אים שוין מער ניט געארט, און ער האָט עס ניט געזעהן.

אָט האָט א פרייטאָג־צו־נאכט אראָפּגעגידערט אויף דער וועלט. די גאסען זענען געוואָרען רוהיגער. די קראָמען זענען פארמאכט געוואָרען. ער הערט נישט פון די גאסען קיין גערויש. א הייליגקייט שפּרייט זיך אין דער לופט. דער איד האָט זיך אָנ־געטאָן אין שבת׳דיגע בגדים און איז געווען גרייט צו געהן אין שול אריין.

און מיטאמאָל קוקט ער זיך ארום — אין שטוב בענשט מען גאָרניט קיין ליכט. ס׳טייטש? לויט׳ן לוח איז דאָך שוין איצט צייט צו בענשען ליכט. דער מולד איז דאָך...

איז ער צוגעאנגגען צו זיין פרוי און האָט זי געפרעגט:

— פארוואָס בענשט זי נאָך ניט קיין ליכט? דער גאָלדענער טעלער איז דאָך שוין האלב אויף יענער זייט אנידערגעזונקען.

און די פרוי זיינע וועלכע איז שוין צוגעוואוינט געווען צו זיינע מאָדנע איינפאלען, האָט גענומען און ארויפגעשטעלט אויפ׳ן טיש גלעזערנע לייכטער און אָנגעצונדען אין זיי ליכט. און האָט פאר־מאכט דאָס פּנים מיט די הענט און איז געבליבען שטעהן אזוי שווייגענדיגערהייט. זי האָט נאָך געדיינקט, אז אמאָל האָט זי געזעהן, ווי איר מאמע פלעגט טאָן אזוי.

עס איז געווען א שעהנער אָנשטעל און האָט קיינעם ניט געשאדט.

און ווי דער מאן שטעהט אזוי און קוקט אויף איר, ווי זי איז איבערגעבויגען שטיל־אומבאוועגליך, מיט פארדעקטע אויגען, איבער די ליכט־פלעמלאך, — הויבען אָן די גוף פאָרמען פון זיין פרוי צורונען צו ווערען. אויף איר אָרט וואקסט אויס א גע־שטאלט, וואָס איז גאָר ענליך אויף אים. ער זעהט, ווי צווישען די שפּעלטעלאך פון אירע פינגער שמייכעלט ארויס א ביטרע פּנים, באאפּרבט מיט רוזש און באפּוצט מיט שמינקע, — זיין פּנים:

— צו וואָס מאכסטו זיך נאריש? צו וואָס דער גאנצער אָנ־שטעל? איך בין דאָך ניט קיין אידישע טאָכטער און דו ביזט דאָך ניט קיין איד. איך ווייס דאָך אזוי גוט דיינע שוואכקייטען, דיינע זינד, וואָס זענען פיל... וואָס־זשע נארסטו זיך אליין?

און א גרויס שרעק איז דעם אידען באפאלען, א שרעק פאר דער פרעמד־ער פרוי מיט׳ן פארדעקטען אומגעזעהענעם פּנים, וואָס

האָט אויסגעזעהן ווי זיינ׳ס א געשטאלט. און ער האָט זיך אויף ניך געאיילט פון שטוב ארויס.

נאָר איידער ער האָט נאָך באוויזען צו פארמאכען די טיר הינטער זיך, דערהערט ער ווי זיין פרוי האָט אויסגעבראָכען אין א גרויס געלעכטער. און דער געלעכטער האָט אים נאָכגעפאָלגט אויף די טרעפ ארונטער און אויפ׳ן גאנצען וועג אין שול אריין, דער געלעכטער פון א שרעקענדיגען נאכט־פויגעל.

אינ׳ם שפעט־אָוונט איז ער געקומען אהיים פון שול. קיי־נער האָט אויף אים דאָרט ניט געוואַרט. די פרוי איז אוועק־געגאנגען צו פארברייגגען די נאכט אין שטאָט. די ליכט האָבען איינזאם געברענט אין די גלעזערנע לייכטער.

און אז ער האָט אָנגעהויבען שפאנען איבער די חדרים און זינגען שלום־עליכם, זענען אים די ווערטער פון מויל ארויס פאר־גליווערט געוואָרען און ער האָט זייער קלאנג ניט געהערט. ווייל אין די אויערען האָט אים אלץ געקלונגען דער געלעכטער פון זיין פרוי בשעת׳ן ליכט־בענשען. די שטילע שבת־לופט איז שוין מער ניט געווען שטיל — זי האָט נאָכגעאנד און איינגעהאלטען גע־געהילכט, ווי אין ים־מויערל. און פון דעם הילך איז דער דינער פאלאץ, אין וועלכען ער האָט די לעצטע צייט געלעבט, צעבראָכען געוואָרען און די אויגען האָבען זיך דעם אידען געעפענט. פאר אים זענען געלעגען די גאָלדענע שערבלאך, אין וועלכע דער גלאנץ פון די שבת־ליכט האָט זיך געשפיגעלט, רויט און שווייגענדיג.

און ער האָט זיך אין יענעם פרייטאָג־אָוונט ווידער איינ־געשלאָסען אין זיין חדר און שעה נאָך שעה ארומגעגאנגען הין און צוריק, און געטראכט.

און ענדליך האָט ער צו זיך געזאָגט:

— די דאָזיגע פרוי — זי איז מיר דאָך פרעמד, און וועט מיר פארבלייבען אזוי מיין גאנץ לעבען, און מאָג איך זיין ווי נאָהענט צו איר. און ווי וועל איך האָבען אן איינען אידיש הויז, אז מיין נאָהענטסטע איז מיר פרעמד? און דאָס איך דאָך א טייל פון מיין לעבען, און א שֶׁמְעֶנדיגער דערמאָנער אָן מַיין פריהערדיגער פאר־

— דו ווייסט, מיין ווייב, לאָמיר זיך אריבערקלייבען אינ'ם אידישען קווארטאל אריין, —

האָט אים דאָס ווייב אָנגעקוקט מיט שטוינונג און פארוואונדערונג, ווי ער וואָלט ני ט געווען ביי זיינע פולע געדאנקען. ווייל די שטוב איז דאָך ביי זיי געווען אזא ריינ־אויסגעפוצטע און געשטאנען איז זי אין א שטילען, אריסטאָקראַטיש־אָפּגעזונדערטען געגענד. און די אידישע גאסען זענען געווען טומעלדיגע און אומריינע און ענג איז אזוי געווען, אז יעדער איינער האָט געמוזט דעם אנדערען טרעטען אויף די פּיס.

און דער איד האָט דערזעהן, אז זי איז פאַרט זיין פרוי און אז איס וועט דעריבער זיין שווער אויסצופירען אלע זיינע פארלאנגען מיטאמאָל. האָט ער ביטער א זיפץ געטאָן. נאָר געטרייסט האָט ער זיך, אז אויב ער קאָן ניט געהן אין דער אידישער גאס אריין, וועט ער ברייננגען די אידישע גאס צו זיך אין הויז.

און אזוי האָט ער געטאָן.

אין איינעם א טאָג האָבען זיך אויף דער שטיל־פרעמדער גוי'־אישער גאס געלאָזט הערען קליינע שטילע האמער־קלעפּלאך פון דעם אידענ'ס שטוב ארויס, ווי מען וואָלט דאָרט עפּעס געבויט. דאָס האָט דער איד אָנגעקלאפּט מזוזות אויף אלע טירען. און אויף די ווענט האָט ער אויפגעהאנגען בילדער פונ'ם ווילנער גאון, און דעם רב, און דעם צמח־צדיק, און דעם לייוועטנעם רבי און ער האָט אויפגעהאנגען בילדער פונ'ם בית־המקדש, און דער עזרה, אונ'ם היכל, און מזרחים, און בילדער פון סדרים, און ווי מען ברייננגט דעם קרבן־פּסח, און נאָך אזעלכע בילדער, אויסגענייט אין פארשידענפארביגע גאָרענס אויף קאנווע, אָן וועלכע ער האָט זיך געקאָנט דערמאָנען, ווען ער האָט זיך אריינגעטיפט אין די ווייטסטע, פארלאָפענע צייטען, און וועלכע ער האָט נאָר געקענט קריגען פון ניו יאָרק.

און איבער דער ארייננגאנג־טיר האָט ער אויסגעהאקט אינ'ם וואנט־פּאפּיר א קוואדראט שטיק, הויל, שווארץ האָט עס געלויערט, מיט א גרויסען מויל — א זכר לחורבן. און ער האָט ארויסגעוואָרפען פון הויז אלע ראָבער־פלאנצען, און טראָוט באגאניאס,

און נעראַניאַומס און לעמפּערט־ראָזעס און די כינעזישע קאַרשענ־בוימלעך. אַנשטאָט זיי האָט ער אַוועקגעשטעלט אויף די פענ־סטער פּאַפּירענע וואַזאָנעס און קליינע סטאַלעטניקעס און ליימענע טעפּעלאַך.

און צו זיך אין שרייב־צימער אריין האָט ער אָנגעבראַכט מאָדנע אַזעלכע ספרים, אין אַ שפּראַך, וועלכע זיין פרוי האָט ניט פאַרשטאַנען, און מיט אותיות, וועלכע האָבען איר אויסגעקוקט ווילד, — „טשייניז" פלעגט זי זיי רופען — און די ספרים זענען געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען זיך אין די ביכער שראַנקען ניט אריינגעפּאַסט. זיי האָבען דעריבער געשטערט די האַרמאָנישקייט פון'ם מעבעל און אָנגעפילט די לופט מיט דער טוכלעקייט פון אַלטע פאַרלעגענע ספרים, וואָס זענען שוין לאַנג, גאָר לאַנג פאַר־מאַכט געווען . און דאָ, איבער די גרויסע מסכתות און מדרשים פלעגט ער גאַנצע נעכט איבער אַ חלב'נעם ליכט אָפּזיצען, און שאָקלען זיך מיט אַ טרויעריגען ניגון.

און די פרוי האָט דערזעהן מיט אַ גרויל אין די אויגען, אַז דער מאַן אירער איז משוגע געוואָרען. האָט זי מורא געהאַט צו דערציילען אירע אייגענע און פריינט וועגען איר גרויס אומגליק, ווייל אַזאַ חלאת איז דאָך גאָר אומבאַקאַנט. האָט זי עס געשטיקט אין זיך. זי האָט זיך בלויז באַמיהט, אַז די אַרומיגע שכנים זאָלען עס ניט באַמערקען, ווייל עס איז געווען הערבסט, און די בלעטער פון די בוימער ביי די פענסטער זענען שוין אַרונטערגעפאַלען. דורך די אַנטבלויזטע צווייגען האָט אַ דורכזיכטיגע הערבסטיגע לופט אריינגעקוקט, און שטילע מענשען זענען פאַרבייגעגאַנגען די פענסטער.

אַ שטיק צייט האָט זי זיך אַזוי געצאַפּעלט אין אומרוה.

און דער איד האָט זי מער גאָרניט באַמערקט, ווייל פאַרטיפט איז ער געווען אין זיך. אפשר האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז זי איז גאָרניט זיין פרוי, ווייל זיי האָבען דאָך ניט חתונה געהאַט לויט'ן אידישען דין. אין די ווייבערשע זאַכען איז זי אויך גע־ווען ניט אידישלאַך. האָט ער זיך דערווייטערט פון איר, און פלעגט צו איר אין חדר מער ניט אריינקומען אויף באַהעפטען זיך. ער פלעגט אַנטשלאָפען ווערען אין ריינקייט איבער די גרויסע ספרים אין זיין שרייבצימער, און זיך באַהעפטען מיט דער קלאָר־

קיוט פון ווייערע ווערטער. זיי פלעגן אים אפקלינגען אינ'ם פאר'ן־שלאף־דרימעל, ווי ווייטע ליכטיגע שטימען אויף זומערדיגע וועגן.

און אז די פרוי האט דערזעהן, ווי ער האט זיך אפגעווענדט פון איר, האט זי זיך אפגעווענדט אויך פון אים, און אירע נעכט דרויסען הויז, אין שטאט פארבראכט. שפעט ביינאכט פלעגט זי איצט קומען אהיים, אדער גאר פארטאג, ווען בלאקייט גיסט זיך פונ'ם דרום־מזרח אין דער נאכט אריין. זי פלעגט זיך אריינ־ווארפען א מידע און אן אויסגעמאטערטע אין איר בעט אריין.

און פונקט דאמאלס אין אט דער פארטאגיגער שעה פלעגט דער איד שוין אויפשטעהן, אפגיסען נעגעל־וואסער און זאגען די נויטיגע ברכות. נישט געמענדיג א ביסען אין מויל אריין, פלעגט ער מיט גיכע טריט אוועקגעהן אין שול, מתפלל זיין מיט די ותיקון.

און אז ער איז דעם ערשטען מאל געקומען אהינצו און האט געבעטען ביי דעם שמש, ער זאל אים געבען טלית און תפילין, האט דער שמש מאדנע אנגעקוקט דעם גוי און זיינע אייגענע אויגען נים געגלויבט. אז ער האט אבער דערהערט, ווי יענער רעדט צו אים אידיש, האט ער זיך געטראכט:

— דאס מוז אודאי זיין א מומר, וועלכער איז געקומען אין שול אריין צום יארצייט פון א פארשטארבענעם טאטע־מאמע.

ווייל אזוי ווערט דאך דערציילט פון די דאזיגע לייט, אז אין אזעלכע טעג הויבט אן ברענען אין זיי א פלאם.

האט אים דער שמש דערלאנגט טלית און תפילין און ביי אים געפרעגט:

— קאן ער אליין זאגען קדיש, אדער ער וויל, אז עמיצער זאל אים יוצא זיין?

און דער איד האט אים שטיל געענטפערט:

— עס איז ביי מיר יארצייט איצט יעדען טאג.

האט זיך דער שמש געוואונדערט איבער דעם מיט א גרויס וואונדער, און אלע אידען האבען זיך געשושקעט, און א שטיק צייט איז דער אידישער קווארטאל געגאנגען מיט אים כאדאראם.

און דער דאזינער גלוח פלעגט קומען אין שול אריין טאג

בלאַנדזשעטקייט. גאָט, גיב מיר כח אַרויסצושניידען זי פון מײן לעבען, אָפּצושניידען דעם פּרעמדוואוקס פון מײן לײב.

און ער האָט זיך געשטאַרקט.

נאָהענט צו האַלבע נאַכט האָט ער צו זיך אַ זאָג געטאָן אין דער שטיל:

— עס איז האַלבע נאַכט. מען דאַרף פּראַווען חצות.

אויף די שפּיץ פינגער האָט ער זיך אַרויסגע׳גנב׳עט פון זײן חדר און איז אַרײן צו זײן װײב אין שלאָפצימער.

אַ פּאַספּאַריש־בלױער בליץ פון דעם עלעקטרישען שטאַנג פון אַ דורכפאָרענדיגען טראַמוואַי האָט זיך אַרײנגעשניטען אין דעם צימער אַרײן. אויף אַ רגע האָט ער באַלויכטען דאָס בעט און דאָס בלײכ־אויסגעלאָסענע פּנים פון זײן פרוי. אַן אומרואיגע איז זי געשלאָפען און זיך געהיצט אין חלומות פון זינד. פון ווײטע גאַסען האָט זיך געטראָגען אַהער אַ געררויש פון אַן עולם, וועלכער האָט זיך אומגעקערט פון די טעאַטערס.

און ווידער איז געוואָרען טונקעל.

און אין דער טונקעל האָט באַלד אַ בליץ געטאָן דער שאַרף פון אַ חלף, וועלכען דער איד האָט מיט כונה דורכגעפירט הין און צוריק איבער זײן פרוי׳ס האַלז. אַ ריטשקעלע בלוט האָט באַדעקט דאָס ווײסע לײווענט און זיך געצויגען איבער דער פּאָדלאָגע, אַ רויטע סטעזשקע.

און דערנאָך האָט ער זי פאַר די האָר אַרויסגעשלעפּט פונ׳ם בעט און איבער דער פּאָדלאָגע, אַרײנגעשלעפּט צו זיך אין חדר אַרײן. דאָרט האָט ער זי באַדעקט מיט אַ שוואַרצען טישטוך, אַרומגעשטעלט די גלעזערנע לײכטער אַרום איר צוקאָפּענס און אין זײ אָנגעצונדען די ליכט. שטיל־צופרידען האָט ער גע־שמייכעלט:

— איצטער וועט זי שוין מער ניט לאַכען פון רעם.

און ער האָט זיך דאַמאָלס אַנידערגעזעצט ביים טויטען גוף פון זײן פרוי און מיט אַ צעבראָכען האַרץ האָט ער אָנגעהויבען אָפּריכטען חצות.

אין דער שטילער נאַכט האָט זיך געהערט זײן תפילה:

„גאָט, זײ מיר מוחל די זינד, וואָס איך בין באַגאַנגען.

איך האָב מיך דערוווייטערט פון דיר, און פון דיין געבאָט, און פון דיין פאָלק.

און איך האָב געקוקט אויף זיי, ווי א האר קוקט אויף קנעכט, ווי א רייכער אויף אן אָרימען, ווי א ריינער אויף אן אומריינעם.

און איך האָב ניט געליטען דעם פיין, וואָס זיי האָבען גע־ליטען.

און איך האָב מיך געהאַלטען העכער פון זיי, ווייל איך האָב געוואוסט די וועגען פון די גוים.

און האָב איך ניט, אין די טיפסטע טיפענישען פון מיין נשמה, מיט ביינקעניש און טרויער זיך ניט איינמאָל געזאָגט: „ווען איך וואָלט נאָר געבאָרען געוואָרען איינער פון די גוים!..״

גאָט, פארגיב מיר אין דיין גרויסמוטיגקייט, איך האָב דיך ביז אהער ניט געקענט. אין די קירכען אריין בין איך דאָך ניט געגאנגען צוליב דיר, כדי ד י ך צו גרויסען, נאָר צוליב זיך, צוליב מיין אייגענעם ת ע נ ו ג. און תענוג איז דאָך תענוג — פונ'ם קער־פער, צי פונ'ם גייסט. מיד וועהענדיג פון די תענוגים פון זינד און אויסגעלאסענהייט, פלעג איך אויספרובירען די שטילערע פארגניגענס פון פרומער רו און רעליגיעזען עקסטאז, כדי איך זאָל שפעטער נאָך שארפער פיהלען די פארגניגענס פון זינד.

גאָט, איך בעט ביי דיר פארגעבונג.

דו ביזט איינציג אויף אייביג און אייביג. איך וועל ניט נאָכ־פרעגען דיינע וועגען, און ניט נאָכקוקען דיינע מעשים.

און איך דערוואַרט ניט קיין שכר פאר מיין דינען דיר, ניט אויף דער וועלט און ני ט אויף יענער וועלט.

גאָט, פארגיב מיר: איך בין ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער.

איך קער מיך אום צו דיר מיט'ן פולען הארצען, א צעבראָ־כענער און א דערשלאָגענער.

און איך האָב דיר געבראכט א קרבן חטאת פאר מיינע זינד — א שטיק פון מיין פלייש און בלוט.

איך קער דיר אום מיין וועלטליכען גליק און אָנגעזעהענקייט, און דו קער מיר אום מיין גאנצקייט און מיין רו.״

די נאכט איז געווען שטיל, און קיינער האָט ניט געענטפערט פון דער שטילקייט.

אינ'ם סאמע פארטאג, מיט'ן קרייען פון די הענער און מיט דער פרימארגען־בלאקייט האט זיך דערהערט א סקריפען פון א שליסעל אין דעם דרויסענדיגען שליסעל־לאך. דאס האט זיך דעם אידענ'ס פרוי אומגעקערט פון איר נאכטיגען פארברייגגען.

און אז זי האט דערזעהן ווי איר מאן זיצט אויף דער ערד און פאר אים אין אויסגעשפרייט א שווארצער טוך ארומגערינגעלט מיט ברענענדיגע ליכט, האט זי זיך צועכשט דערשראקען און א טראט געטאן צוריק. נאר באלד, דענקענדיג, אז דאס איז אויך עפעס אזא מאדנער אידישער מנהג, האט זי אויסגעבראכען אין א גרויס געלעכטער איבער'ן דאזיגען ווילדען איינפאל.

נאר דער איד איז אלץ געזעסען איבער'ן טויטען קערפער פון זיין פרוי און האט גארנישט געזעהן, ווער עס שטעהט הינטער אים און האט גארנים געהערט. און די פרוי איז געשטאנען הינטער אים, א הויכע, א שלאנקע, און א יונגע, מיט באקען אויפגעפלאמט פון זינד, אין איר שווארץ אטלאסענעם קלייד, וואס האט זי נאך העכער געמאכט. פאמעליך האט זי ארונטערגעשלעפט די לאנגע זיידענע הענטשיקעס פון אירע בלייכע ארעמס. זי האט דערביי הויך געלאכט.



## ס'איז שוין צייט צו דאווענען מעריב.

כישט קיין מעריב, נאָר געשלאָפען, —
וואָס־זשע קען מען פון אייך האָפען:
צו וואָס זשע לעבט איר אויף דער וועלט?
מיט וואָס וועט'ר קומען אויף יענער וועלט?
(פאָלקס־ליד.)

דעם גאנצען ווארים־גאָלדיגען נאָכמיטאָג האָט מען אויפ'ן פארם געארבייט ארום די סנאָפּעס קוקורוזע. מען האָט זי שוין מיט א וואָך צוריק אָפּגעשניטען, ארומגעבונדען די קוקורוזע־שטעקענער מיט א שטרויענעם פּאס און זיי צוזאמענגעשטעלט אין סנאָפּעס, צום טריקענען. לעצטע נאכט איז פון די ד א ־ ק אָ ט א ס, און א מ א ה א און נ ע ב ר א ס ק א, גע־קומען צופליִיגען א צפון־מעריב'דיגער ווינט, א שטארקער און האָט זיי אומגעוואָרפען.

האָט מען היינט, אין סוף־הערבסטיגען נאָכמיטאָג צוגע־שטעלט איין קליינעם סנאָפּ צום צווייטען, אָנגעשפּארט איינער אָנ'ם אנדערען אין דער קרים, כדי זיי זאָלען זיך האלטען. גרויסע סקידרעס קען דער ווינט ניט אומוואַרפען.

און אז די זון האָט שוין געהאלטען אין אונטערגעהן און א רויטליכקייט איבער פעלד און וואסער געגאָסען, האָט מען זיך פארשוויצטע און פרעליכע געלאָזט געהן בארג ארויף. דאָס פעלד איז געלעגען אין טאָל לעבען א קליינעם טייך.

געארבייט האָבען זיי זאלבע־צוויי, דער פאָטער מיט'ן זוהן. אז זיי האָבען זיך איצט אויפגעהויבען איבער'ן שמאָלען שליאך, וועלכער פירט פונ'ם פעלד צום בערגעל ארויף, אויף וועלכען עס געפינען זיך די פארם־הייזער, האָבען זיי דערהערט שטיפעדרישע און פריידיגע קולות. האָבען זיי געוואוסט, אז דאָס זיינען זייערע

„באָרדערס“, וועלכע זיינען זיך משמת אויפ'ן גראָז ביים ענד פונ'ם זוניגען טאָג.

און אז די צוויי זענען אָנגעקומען אויבען, אויף דער בארג־טעראסע, זענען די „באָרדערס“ זיי באפאלען מיט געלעכטערס און יונג־קלינגענדיגע געשרייען, און זיי ארומגערינגעלט און אָנגעהויבען דרעהען זיך אין קאראהאָד אינ'ם פארנאכט. דער פּאָטער מיט'ן זוהן, מידע און אָנגעהאָרעוועטע, האָבען ווארים־פריינדליך געשמייכעלט צו אלעמען. און אליין זענען זיי געבליבען שטעהן אין מיטען, צוויי אומבאוועגליכע ברוינע בוימער. ארום זיי האָבען זיך די איבריגע געדרעהט אין קאראהאָר, געשטאלטען, וואָס זענען אָנגעקומען מיט'ן אָוענט.

עס האָט זיך באלד דערהערט א קלינגען פון א גלאָק. ער האָט גערופען די „באָרדערס“ אין שטאל אריין, צום מילך־טרינקען. ווי א סטאדע יונגע אָקסלעך, האָבען זיי זיך געלאָזט לויפען צו דער שטאל צו, וואָס איז געווען אריינגעבויט מיט צוויי זייטען אין דעם שטיינערנעם בארג אריין.

דער פּאָטער מיט'ן זוהן האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט און אריינגעגאנגען אין הויז אריין. דאָרטען האָבען זיי זיך איינגעוואשען, זיך איבערגעטאָן, איבערגעכאפּט עפּעס און אויף ניך זיך געלאָזט אין וועג.

אז די זומער־איינוואוינער זענען פארטיג געוואָרען מיט'ן טרינקען די ווארימע, שוימיגע מילך, פון וועלכער א פּארע האָט געשלאָגען אין דער קילער לופט פונ'ם פארנאכט, און זענען מיט אויסגעשמירטע מיילער צוריק ארויסגעלאָפען אויפ'ן הויף, זענען שוין דער פּאָטער מיט'ן זוהן דאָרט ניט געווען און קיינער האָט דאָס ניט באמערקט.

צוויי טונקעלע געשטאלטען האָבען זיך געהויבען קעגען דעם גרוי־בלייכליכען מזרח'דיגען הימעל, עטוואָס איינגעבויגען, ווייל דער ארויף־בארג איז געווען זעהר משופּע'דיג. ער איז אויך געווען אין גאנצען באזעהט מיט שטיינער, גרויסע און קליינע. גרויסע בלאָקען גראניט האָבען זיך געטונקעלט אינ'ם אָווענט, געשטאָרבענע פארצייטיגע בוימער.

זיי האָבען זיך געאיילט. דער אָוענט האָט זיך שוין דער־נעהענטערט. דער וועג האָט זיך געבלייבט פאר זיי צווישען מייפל

און קאשטאנען־בוימער. דאָ, אויפ'ן שפּיץ־בארג, האָט זיך נאָך געזעהן דער רויטער פייער אינ'ם מערב, ווייטער מערב־צו האָבען זיך געטורעמט אין א טיף־בלויען צורעק די בלוי־מאונ־טיינס. און צווישען די ווייטליכע בלוי־מאונ־טיינס און דעם בערגינען וועג, אויף וועלכען פאָטער און זוהן זענען איצט געגאנגען, זענען געווען צעשפּרייט נאָך בערג און טאָלען און פארוואָרפענע פארם־הייזלעך. א פארנאכטיגע געגענד, באַ־וואָרפען מיט זון־ליכט און טונקעלהייט.

די צוויי האָבען זיך אָבער ווייניג צוגעקוקט צו דעם ארומי־גען, ווייל זיי זענען שוין געווען געוואוינט דערצו. זיי האָבען נאָך אויסער דעם א צוויי מייל דורכצוגעהן, טאָל־ארונטער און בארג־ארויף, ביז וואנען זיי וועלען אָנקומען אין דער שול אריין, וועלכע געפינט זיך אין דעם שטעטעל פּאלסבורג.

דער דינער, מאָגערער און אויסגעהאָרעוועטער פארמער האָט אונטערגעאיילט זיין זוהן:

— שנעלער, ס'איז שוין באלד מעריב־צייט.

ווען די צוויי האָבען זיך פארקירעוועט לינקס, כדי צו מאכען דעם „שאָרט קאט" דורכ'ן וועלדעל פון סאסאפראס־בוימער צו דעם זאמדיגען הויפּט־שאָסעי, האָט זיך פון רעכטס געלאָזט הערען א קרישטשען פון רעדער איבער שטיינדלעך און טרוקענעם זאמד. אויפ'ן בלייכליך־בלויען הימעל האָט זיך באלד אויסגעמאָלען א קליין צוויי־רעדערדיג וועגענדעל, איינגעשפּאנט צו אַ גניאדען פערד.

אינ'ם וועגענדעל איז געזעסען א יונג פּאָר פאָלק. די לייצעס האָבען זיי געהאלטען שוואך אין די הענט. ביידע האָבען זיי גע־קוקט צו דער ווייטער קייט פון די בלוי־מאונטיינס, ווי זיי וואָלטען ערווארט, אז א מענש זאָל ארויסקומען פון דעם ווייטען הויז, וואָס האָט זיך שטיל און וויים געזעהן אהער פון דער זייט פון די בלוי־מאונטיינס. אזוי גלאט־דורכזיכטיג איז געווען די הערבסטיגע לופט.

פאמעליך האָט זיך געשלעפּט דאָס פערדעל איבער'ן שפּיץ בארג, אויף משקולות, ווייל א זעקס פוס פון זיי איז געווען א גרויסער אָפּריס, א תהום, אין וועלכען זיי האָבען געקענט אריינ־

פאלען האק און פאק. פערד, וואגנען און מענש. גראד זענען זיי נ י ט ארייננעפאלען אהינצו, זיי האבען אבער פון דעם נס גאר ניט געוואוסט, און האבען דעריבער ניט געדאנקט גאט פאר דעם גרויסען חסד, וואס ער האט זיי באוויזען אין דיזער מינוט. און דער יונגערמאן האט געקוקט אויף דער ארומיגער געגענד פון בערג און טאלען, וועלכע האבען זיך גערעקט מיט זון־רויט און ברוינע שאטענס. ער האט געפיהלט ווי צו זאגען עפעס ווענען דעם צו דער פרוי, וועלכע איז געזעסען ביי זיין זייט. נאר עס איז אים שווער געוועז צו געפינען א ווארט פאר דער ארומיגער שעהנקייט. יעדעס ווארט פון וועלכען ער האט איצט געקאנט דיינקען, האט זיך אים אויסגעוויזען בלייך און גארנישט־זאגענדיג.

און דאס וועגענדעל איז ווייטער געפארען איבער׳ן שליאך אין דער אוועגטיגער רוה. און דער יונגערמאן האט געטראכט ביי זיך, אז די געגענד ארום איז איהם טאפעלט שעהן, ווייל זי איז אים פרעמד, און וועט אים אזוי פארבלייבען. ווי א סך פון זיינס גלייכען האט ער דאך געוואוסט, אז ער וועט דא אין דער דאזיגער ערד, באגראבען ווערען. ער האט זיך אלץ אבער גע־פיהלט דא פרעמד און אומזיכער און האט דעריבער ליב געהאט די ערד מיט א זיסען וועהטאג.

דאס פורעל איז ווייטער געפארען אויפ׳ן וועג צו דער פארם. שפעטער אביסעל איז זי אהין אנגעקומען. דארט האט מען זיי אויפגענומען מיט גרויס פרייד און טומעל, ווייל אלע זומער איינ־וואוינער האבען זיי ליב געהאט און זיי האבען דארט געהאט א סך פריינד.

מען האט זיך אנידערגעזעצט עסען אוועגט־ברויט ארום די טישען, וואס זענען געווען צעשטעלט אויף דער „לאון". ס׳איז שוין גאר קיל, די אוועגטען זענען אצינדערט פראסטיג אין די בערג.

און ווי זיי זיצען אזוי און טוען זיך וואויל און לענען זיך אונטער דאס הארץ מיט אלערליי מאכלים, זעהען זיי ווי פון אונטער׳ן בארג, איבער׳ן טייך פארט צו זיי א פור. און אין דער פור זיצט א איד. כאפט זיי אן א גרויס וואונדער, וואס די פור געהט דורך גלייך דורכ׳ן וואסער און ווערט גאר ניט דערטרונקען. נאר דא דערקלערט אייגער פונ׳ם עולם, אז דאס וואסער אין טייך

איז איצט גאנץ נידעריג און עס כאפט בלויז ביז די האלבע רע־דער. פיהלען זיי זיך שוין אביסעל בארוהיגט. אבער אומצופרידען, וואס עס איז נ י ט קיין וואונדער. אבער אלץ — וואס קומט ער עס אזוי שפעט אהער?

און ווי זיי טראכטען אזוי, פארט דאס פורעל ארויף אויפ'ן בערגעל. א איד, וואס קוקט אוים גאנץ געוועהנליך, מיט א גע־גאלטער בארד און קורץ געקליידעט, ווי אן אמעריקאנישער איד, שטייגט ארוים פון פורעל. און אז די זומער איינוואוינער קוקען אויף אים אזוי מיט פארגאפטע אויגען און אפענע מיילער, טרעט ער גלייך צו צום ענין.

היות, זאגט ער, זיי זענען זיך צונויפגעקומען עטליכע אידישע פארמערס ביי איינעם פון זיי אין הויז און ווילען מתפלל זיין בצבור אין די טעג פון ראש השנה, און היות ווי עס סטאיעט זיי ניט צוויי מענשען צום מנין, און היות, זאגט ער, זיי האבען זיך דערוואוסט, אז ניט ווייט פון זיי איז דא א גרויסע אידישע פארם, אין וועלכער עס געפינען זיך נאך א סך אידישע „באָרדערס", — בכן בעט ער זיי זעהר און זעהר, אז צוויי פון זיי זאלען זיי אזוי פיל פריינדליך און זאלען זיך ארויפזעצען צו אים אין וועגעלע אריין און פארען מיט אים אין מנין אריין, נאר טאקע שוין, גלייך, ווייל עס איז שוין זעהר שפעט און די אידען ווארטען דארט צוויי־שען די בערג.

אט דא פארשווינדט די פארגאפטקייט פון אלעמענס פנים'ער, און א גרויס געלעכטער קלינגט אפ אין דער קילער לופט.

— כא־כא — רופט זיך אפ איינער — געפונען דעם ריכטי־גען פלאץ!....

— מיסטער לעבען — רופט זיך אפ א קלוג מיידעל, מיט קורץ אפגעשארענע האר — דא זענען נישט קיין פינסטערלינגע.

— ר' איד — ניט א זאג א יונג, מיט א כיטרע־פארשטעהענ־דיג בליקעל אין די אויגען — עפעס א ביזנעס'ל לכבוד ראש השנה, הא? וויפיל „טשארדזשעט" איר א טיקעט? מיר ווילען אויך א חלק אין די ביזנעס, יו נאו....

און דער יונגערמאן פון דעם פארעל, וועלכע איז פריהער אנ־געקומען מיט'ן וועגעלע, רוקט זיך דא אויך צו צום קרייז, וועל־

כער האָט זיך ארומגעשטעלט ארום דעם אידען. ער וואונדערט זיך: היינט איז ראש השנה און ער האָט גאָר ניט געוואוסט!

— א שעהנער אידישער שרייבער בין איך — האָט ער זיך א זאָג געטאָן אין דער שטיל. — איך וויים אפילו ניט, ווען עס זענען חל די אידישע ימים־טובים.

און ווי זיי האָבען אים דערזעהן, האָט זיך דער עולם א נעם געטאָן פאר אים. זיי האָבען דאָך אלע געוואוסט, אז שוין א שטיק צייט שרייבט ער זאכען, אין וועלכע ער רופט צוריק צו אידיש־קייט, צו אידישע מנהגים אין הויז און צו דער אָפּהיטונג פון אי־דישע יום טובים. „צוליב זייער פּאָעזיע", ווי ער פלעגט זיך אין זיין גלאטער און געפיילטער שפּראך אויסדריקען. „און צוליב אונזער סאָלידאריטעט מיט'ן אידישען פאָלק, וועלכעס איז פון אלע זייטען ארומגערינגעלט מיט שונאים".

— אָט דו, — האָבען אלע אויסגעשריען — אָט דו וואָלסט דאָך טאקע געדארפט פאָרען מיט'ן אידען!

מנחם — דער יונגערמאן — איז צוערשט רויט געוואָרען און זיך פארלאָרען. ער האָט זיך אָבער באלד געפונען: דאָ האָט ער דאָך אן אויסגעצייכענטע געלעגענהייט ארויסצואווייזען זיין קלוג־שאפט און זיין היינטוועלטיגקייט פונ'ם גאָר־לעצטען מין.

ער האָט זיך הויך פאנאנדערגעלאכט:

— וואָס איז — דער עולם נעמט אים סיידען ערנסט? אזעלכע פּראים.... פארשטעהען זיי ניט, אז עס איז בלויז אן אָנ־שטעל אזא, א פיינער זשעסט? און וואָס האָט דען א שרייבער'ס לעבען צו טאָן מיט זיינע זאכען? וואָס איז — א אידיאָט איז ער, און וועט נעמען פאָרען מיט'ן דאָזיגען אידען דאווענען מעריב?

און האָט זיך ווידער שטארק פאנאנדערגעלאכט. אינערליך איז ער געווען צופרידען, וואָס ער האָט איבערגעלאָזען דעם עולם אין א ניט־קלאָרקייט. ווייל דער עולם האָט זיך אזוי געטראכט: איז ער באמת'ן בלויז א קאָמעדיאנשטשיק, ביי וועמען דאָס שריי־בען איז בלויז אן אָנשטעל, א פּאָזע, און אין דער אמת'ן געהט אים גאָר ניט אָן דאָס, וואָס ער שרייבט? אָדער איז ער אפשר אזא טיף־פיהלענדיגע פּערזענליכקייט, וועמען עס שטעהט ניט אָן ארויסצואווייזען פאר אלעמען זיין אמת'ע אינווייניגסטע שעהנ־

קייט, און ער וועט בּאַדאַי אָפּלאַכען פון זיך זעלבּסט, כּדי אנידער־צושטעלען א פלויט צווישען זיך און דעם עולם?

עס פארשטעהט זיך: אים האָט זיך בּעסער געוואָלט, אז דער עולם זאָל טראַכטען פון אים דאָס לעצטע, און דעריבּער האָט ער עס זיך אַזוי שטאַרק, צו־שטאַרק, כּמעט טראַגיש פאַנאַנדער־געלאַכט. און דער איד, וואָס איז געקומען מיט'ן וואָגען, איז גע־שטאַנען צווישען זיי א פאַרשעמטער און א נכנע און האָט זיך געבּעטען:

— רבותי, עס איז דאָך מער ניט ווי א האַלבּער מייל פון דאַנען. אויפ'ן וועג וואָס פירט קיין ו ו א ו ד ר י ד ז ש, וועל־כעם דאַרף ווערט אויך אָנגערופען סענטערוויל. דאָ גלייך, פּאַזע טייך. אין צוואַנציג־דרייסיג מינוט וועט איר קאָנען צושפּאַצירען צוריק און אויבּ איר'ט וועלען וועט איר בּלייבּען בּיי איינעם פון אונז נעכטיגען און עסען א יום־טוב'דיגע וועטשערע פונ'ם שענ־סטען און בּעסטען, איר'ט זיין זעהר אָנגעלעגטע געסט.

האָט זיך דער עולם נאָך מער פאַנאַנדערגעלאַכט, ווייל די גאַנצע געשיכטע האָט זיי אויסגעקוקט זעהר מאָדנע־נאַריש. און אַז דער איד האָט דערזעהן, מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן, האָט ער שוין מער קיין וואָרט ניט גערעדט.

עס איז געוואָרען פראָסטיגער. די בּוימער זענען אַזש גע־וועָן טויט־שטיל. עס האָט זיך געהערט, ווי עס פאַלען אַרונטער עטליכע עפּעל מיט א הוילען קלאַפּ אָן דער ערד.

מילא, דער איד, ווי דער איד — זיין פּנים האָט מען שוין ניט געזעהן, ווייל ער האָט זיך אומגעדרייט און זיך געפּאָרעט בּיי די פּאַסטראָמקעס. נאָר דאָס פערדעל האָט אויפגעהויבּען א פּאָר פייכט־אומעטיגע אויגען און אָנגעקוקט דעם עולם מיט א טונקעלען גלאַנץ.

— אומזיסט, הייסט עס, געשלעפּט זיך אין דער קיל בּאַרג־אַרויף?

און דער איד האָט זיך אַריינגעזעצט אין וואָגען. ער האָט אָנגעהויבּען טרייבּען דאָס פערד בּאַרג־אַרונטער. — וויאָ! — האָט ער אים געזאָגט מיט א האַרציג קול — אייל זיך אונטער, עס איז שוין בּאַלד צייט צו דאַוונען מעריב.

און שפּעט אין יענעם אָוונט האָט פון די באַלויכטענע פענסטער פון אַן איינזאַמען הויז אין פעלד זיך געלאָזט הערען אַ האַרצרייסענדיגער געשריי און געוויין. אַליין איז געשטאַנען דאָס הויז צווישען בערג און טאָלען און האָט מיט זיינע צוויי רייען באַלויכטענע פענסטער געפייערט אין דער נאַכט אריין. אין אַלע חדרים זענען געווען אָנגעצונדען ליכט צוליב'ן יום־טוב. אָבער די מתפללים האָבען זיך פאַרזאַמעלט בלויז אין איין צימער, ווייל עס איז געווען פונקט אַ מנין. מען האָט נאָך צום דאָזיגען מנין מצרף געווען אַן עלטערען גרוי־בערדיגען פראַנצויזישען אידען, וועלכער האָט געראַוונט אויף אַן אומפאַרשטענדליכען אופן פון אַ פראַנצויזישען רעפאָרמערישען סידור'ל, און אַ פרוי, וועלכע האָט זיך אין הויז געפונען — די איינציגע פרוי אין הויז, וועלכע האָט געקענט עברי, — און אויך אַ יונגען נענערשען בחור'ל, וועלכער האָט דערקלערט, אַז ער איז אויך פונ'ם אידישען גלויבען, נאָר קיין עברי האָט ער ניט געקענט און האָט געהאַט זיין אייגענעם ענגלישען געבעט־ביכעל.

און אַז מען איז געקומען צום קאַפּיטעל תהילים, וועלכען מען זאָגט ראש השנה צו מעריב, האָט אויסגעבראָכען ביי די מתפללים אַ קוואַל פון געוויין, ווי ווען אַ גרויסע עדה וואָלט געווען פאַרזאַמעלט דאָרט. וואָס איז, זיי איז ברוך השם געגאַנגען דוקא גאַנץ גוט, אין פרנסה און אין רוהיגקייט, נאָר אַלע האָבען זיך דערמאַנט, אַז זיי קומען אַהער פון א ן א נ ד ע ר ל א נ ד, און זענען דאָ פאַרוואָגעלטע און אַליין צווישען בערג. יעדער איינער פון זיי האָט געטראַכט פון אַ סך אַנדערע ראש השנה'ס, וועלכע זיי האָבען פאַרבראַכט אויף אַ גאָר אַנדערען אופן, מיט יאָרען און יאָרען צוריק — און עס האָט זיך שוין איצט זיי אויסגעדוכט, אַז דאָס זענען גאָר געווען אַנדערע מענשען, ניט זיי — אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלאַך פון גאָר דער וועלט. און עס האָט זיי שטאַרק פאַרקלעמט פאַר'ן האַרצען און זיי האָבען פאַרגאָסען פלגי מים.

און דער נעגער'ל האָט אויך געוועוועט הויך אויף אַ קול. זיינע ווייסלעך האָבען זיך געקאַטשעט הין און צוריק אין די אויגען און וואַסערלעך זענען אים גערונען איבער'ן פנים. ער האָט זיך נאָר געפיהלט דערשראָקען. געשראָקען האָט ער זיך אויך

פאר די מענשען ארום, וועלכע האבען געוויינט. האט ער געיאָ־מערט נאָך שטארקער.

און דער איד, דער באלעבאָס פונ'ם הויז, ווי ער האט זיך אזוי דערמאָנט אָן דעם, וואָס איז פאָרגעקומען פארנאכט, האט אים נאָך שטארקער פארשטשעמעט פאר'ן הארצען, ווייל ער האט דערפיהלט זייער אלעמענס איינזאמקייט. האט ער העכער געזונ־גען דעם מזמור פון תהילים.

מען האט געענדיגט דעם מעריב. יעדער איינער פון די מתפללים איז זיך אוועקגעאנגען איבער פארשידענע וועגען צו זייערע פארם־הייזלעך, וועלכע זענען געווען צעוואָרפן אין פאר־שידנע ווינקעלעך אין די ארומיגע בערג און טאָלען פון די קעטסקילס.

נאָר דאָס הויז איז נאָך געבליבען ברענען אזוי א גאנצע נאכט מיט אלע זיינע יום־טוב'דיגע באלויכטענע פענסטער, ווייל די באוואוינער זיינע האָבען זיך אין דער דאָזיגער נאכט געפיהלט אומרוהיג און איינזאם אליין צווישען די טונקעלע בערג. די ליכטיגע פענסטער האָבען אָנגעזאָגט דער ארומיגער פרעמדער חשכ'נים, אז עס איז ראש השנה אויף דער וועלט.

און מאָרגע:

פונקט אזוי האט זיך עס מנחמ'ן גע'חלומ'ט: א הויז אליין אין פעלד, מיט רויטע, שטארק־באלויכטענע פענסטער.

אויף דער פארם האט מען זיך תחלת־אָוועגט געלייגט שלאָ־פען, ווייל מען איז געקומען אהער אויסרוען זיך, ניט וויס־איך וואָס. אויסער דעם איז עס געווען גאנץ פראָסטיג. א ווײלע איז מען געזעסען אין קיך, ארום דעם גרויסען אייזערנעם אויוועז, וועלכער איז געווען היים־אָנגעגלימ. דער פראָסט האט זיך אָבער געשטארקט. מען האט געהערט ווי דער אלטער בארען־בוים אין דרויסען, מיט זיינע קרום־צעדרייטע צווייגען, רייבט זיך אָן דער וואנט, און קרעכצט. איז מען באלד געגאנגען שלאָפען. מען האט זיך צעלייגט צו צוויי אין א בעט, ווי עס האט זיך געמאכט.

און דאָ האט עס מנחמ'ען א ברי געטאָן אין סאמע אָנהויב שלאָף און ער האט זיך אויפגעכאפט. דער קאָפּ האט אים גע־ברענט. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין געלעגער.

אין דער שטילער פראסטיגער נאכט האט זיך געלאזט הערען א רודערען, עס האט זיך וואס א מינוט אלץ געשטארקט און גע־נעהענטערט. ער האט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער. מיט שטורם און רעש איז אויף דער נאהענטער אייזענבאן־ליניע פאר־ביי געפלויגען א צוג. אלע זיינע וואגאנעס זענען געווען שטארק באלויכטען.

א יום־טוב איז ארומגעפלויגען איבער דער וועלט.

פאראויס איז געפלויגען דער נידעריגער, שווארץ־קוילענדינער לאקאמאטיוו, א פייערדיגער פערד. און ער האט אויף אים א קוק געגעבען מיט זיינע צוויי קרעפטיגע ליכטער, און מנחם האט מיטאמאל דערזעהן פאר זיך דאס פערדעל מיט'ן אומעטיגען אויגען־גלאנץ פון פארנאכט. נאר דער דאזיגער נאכט־פערד האט אויף אים געקוקט מיט אזויפיל כעס און פייערדינקייט, ווי א נידעריגע, בייז־סאפענדיגע חיה וואלט אים מיט צארן אויפ־געווארפען:

— זעהסט, א יום טוב איז איצט אויף דער וועלט, א יום טוב... און דורך דער נאכט פייערט ער דורך.... און דו — דו שלאפסט...

א סקרוך איז מנחמ'ען דורך איבער'ן לייב.

און באלד האט עס אין אים אויך א פייער זיך א צינד אן געגעבען.

גיך גיך האט ער זיך אנגעטאן, שטיל זיך פון זיין חדר ארויסגע'גנב'עט, כדי נישט אויפצואוועקען די יונגע פרוי, מיט וועלכער ער איז געשלאפען, אין דרויסען האט אים דער פראסט א סמאליע געטאן אין פנים אריין און אים גלייך אפגעפרישט.

ער האט ניט געוואוסט, ווי לאנג ער איז געשלאפען. אים האט זיך אויסגעוויזען, אז ער האט בלויז געכאפט א קורצען דרעמעל. ער האט זיך דערמאנט, ווי דער איד האט פארנאכט גע־זאגט, אז דאס הויז געפינט זיך בלויז א האלבען מייל פון דאנען, אויפ'ן וועג קיין ו ו א ו ד ר י ד ז ש.

— א פארמער'ס מייל, — האט ער זיך א זאג געטאן מיט א שמייכעלע — קאן אפילו מיינען גאנצע צוויי מייל. נאר דאך האט עס אים ניט געארט. די נאכט איז געווען קלאר און פראַ־

סטינ. ער האָט זיך געפּיהלט דורכגעשלאָפען און אומרואיג. און ער האָט זיך מיט א לעבעדיגען טראָט געלאָזט געהן אין וועג אריין.

ער איז אריבערגעגאנגען דעם אייזענבאן־בריק איבער'ן טייך, און האָט גלייך געזעהן ווי דער וועג בלייבט זיך פּאר אים אין דער בלויער נאכט־לופט אריין, פּאזע טייך. דאָ און דאָרט שימערען אויף ווייסע שטיינדלעך, שטיקלעך פּערלמוטער. גוט, האָט ער זיך געטראכט.

ער איז געגאנגען מיט א שטילען לייכטען טראָט, ווי א הירש וואָס געהט אין דער נאכט נאָך וואסער. דער וועג איז אים גע־לאָפען אקעגען. אין די בערג איז געווען שטיל. פון א ווייטען שפּיץ בארג האָט זיך א פייער געלויכטען, א לאמטערנע וואָס האָט געברענט א גאנצע נאכט. א הונט האָט פון ערגעץ א פּאר־הוילענעם טאָל אָנגעהויבען בילען און איז אנשווייגען געוואָרען. דער „גרייוועל" האָט געברושטשעט אונטער די פיס.

און אז מנחם איז אזוי אָפּגעגאנגען אן ערך פון א מייל אנדערהאלבען, האָט ער זיך אָנגעהויבען פּיהלען נאָך אומרוהיגער. וואר־זשע איז דאָס הויז? ער זעהט אפילו אין דער טונקעל עט־ליכע הייזער אויף די בערגלאך ביים וועג, אָבער אלע פענסטער זענען דאָרט אויסגעלאָשען. זאָל זיין, אז עס איז שוין שפּעט? אז מען האָט שוין לאנג אָפּגעדאווענט און אפילו אָפּגעגעסען די יום־טוב'דיגע וועטשערע? זאָל זיין, אז עס איז שוין שפּעט אין דער נאכט אריין? דאָס האריץ האָט אים וועה געטאָן ביי די דאָזיגע געדאנקען.

און ווי ער געהט אזוי ווייטער, דערהערט ער געשרייען אין דער פינסטערניש. דער יאָמער איז אים א באקאנטער, א שוין לאנג צוריק געהערטער. ער וואָלט געמאָגט שווערען, אז די קולות ציען זיך פון א הויז ערגעץ דערנעבען, וואו אן עדה אידען דאווענען אין דער חשכ'ניש צווישען די בערג. און ער ווענדט זיינע אויגען רעכטס, און ער ווענדט זיינע אויגען לינקס. נאָר קיין הויז מיט ברענענדיגע פענסטער זעהט ער נים.

און אז ער איז אָפּגעגאנגען נאָך א היבש שטיקעל וועג און האָט דערזעהן, אז אין קיין הויז לייכטען זיך נים קיין פענסטער, האָט ער זיך מיט א צעבראָכען האריץ געלאָזט געהן צוריק. און אזוי ווי דער וועג איבער די אייזענבאן־שפּאלען איז זעהר א באַ־

קוועמער און מען קומט אָן מיט אים גיכער, איז ער אַרויפגעקראָכען אויף דעם ערד־אָנשיט פון דעם אייזענבאַן־וועג, וועלכער האָט זיך געהויכט פאַזע דעם דאָרפס־וועג, און זיך געלאָזט געהן צוריק אהיים.

אין מיטען נאַכט האָט זיך די יונגע פרוי אויפגעכאַפּט, ווייל עס איז איר געווען קאַלט. האָט זי מיט פאַרשלאָפענע אויגען אַרומגענומען דעם מאַן, וועלכער איז געלעגען ביי איר זייט. נאָר זי האָט אַרומגענומען לופט. האָט זי געוואַרט אַ ווײַלע, און אז דער מאַן איז אַלץ ניט געקומען, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענע.

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט זי געמאַכט אַ גוואַלט און אין נאָך אַ ווײַלע אַרום האָבען זיך אַלע אין הויז אויפגעכאַפּט. אַ דערשראָקענע לאָמפּען־ליכטיגקייט האָט אָנגעפילט אַלע חדרים. איצט האָט יעדער איינער געזאָגט, אַז ער וואָלט זיך געמעגט שווערען, אַז ער האָט דורכ'ן שלאָף געהערט טריט איבער'ן קאָרידאָר און ווי די דרויסענדיגע הויז־טיר האָט זיך אַ קלאַפּ געטאָן. ער האָט אָבער געמיינט, אַז דאָס איז פונ'ם ווינט. אַצינדערט האָבען זיי איינגעזעהן, אַז עס איז גאָר ניט געווען פונ'ם ווינט.

און אין נאָך אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אַ קופּע דערשראָקענע, פון קעלט ציטערנדיגע מענשען, געלאָזט געהן אין דער נאַכט אַריין מיט לאַמטערנעס אין די הענט. די לאַמטערנעס האָבען געשטאָכען די חשכ'ניש מיט הערנער־ליכט.

און אַזוי ווי זיי האָבען ניט געוואוסט אויף וועלכען וועג צו נעמען זיך, האָבען זיי זיך גענומען אויף עטליכע וועגען. האָבען זיי געבלאָנדזשעט אַזוי אַ שטיק נאַכט. און עס איז שוין געווען העט ווייט אין דער נאַכט אַריין, ווען זיי האָבען זיך ענדליך גענומען אויפ'ן וועג, וואָס האָט געפירט קיין וואָודריזש, וועלכע שטעטעל איז אויך באַקאַנט מיט'ן נאָמען סענטער־וויל.

און אַז זיי זענען אַזוי געגאַנגען ביי אַ צוואַנציג מינוט, האָבען זיי פון ווייטענס דערזעהן אַ גרויס הויז, וועלכעס האָט געלויכטען אין דער חשכ'ניש אַריין מיט צוויי רייהען ברענענדיגע פענסטער. זענען זיי צוגעקומען נעהענטער.

דאָס פענסטער־ליכט האָט באַלויכטען אַ שטיק וועג אין דער ברייט. אין דעם קעגענאיבערדיגען שפּיץ פונ׳ם אייזענבאַן־אַנשיט, האָבען זיי דערזעהן אינ׳ם ליכט אַ מענשליכען גוף, וועל־כער איז געלעגען אויפ׳ן וועג. און אַז זיי האָבען זיך איינגע־בויגען, האָבען זיי דערקענט דעם מענשליכען גוף.

האָט אויסגעבראָכען אַ גרויס יללה און אַ גרויס געוויין. ער איז נאָך געווען אַ יונגער מענש.

פון דער יללה און דעם געוויין האָבען זיך די מענשען אין דעם ליכטיג־פענסטערדיגען הויז אויפגעכאַפּט פון זייער שלאָף און זענען אַרויסגעלאָפען אין דרויסען. האָט מען דעם יונגענמאַן אַריינגעטראָגען צו זיי אין הויז אַריין.

דאָ האָט מען דערזעהן, ווי ער איז אינגאַנצען פאַרבלוטיגט. דער שאַרבען איז זעהר ברייט צעשפּאַלטען, און דער גרויליך־פאַרבלוטיגטער מאַרך מיט די בלויע אָדערלאַך זעהט זיך אַרויס. ער האָט קוים געזשיפּעט.

מען האָט פאַרשטאַנען: געהענדיג איבער די שפּאַלען, האָט ער געמוזט מאַכען אַ צו ברייטען אָדער צו קורצען שפּאַן, זיך אויסגעגליטשט און הינטערוויילעכטס אַרונטערגעפאַלען פון דעם הויכען ערד־אַנשיט. עס איז אָבער געווען אַ חידוש, אַז דאָס זאָל גראָד פּאַסירען לעבען דעם הויז, וואָס איז געווען אַ גאַנצע נאַכט ליכטיג.

און די מענשען האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום אים און האָבען געוויינט.

עס האָט ניט געוויינט דער איד, — דער באַלעבאָס פונ׳ם הויז, — די אַלטע אידענע, — די איינציגע אין הויז וועלכע האָט געקענט עברי, — און דער נעגערשער בחור׳ל. נאָר זיי זענען דאָך געווען פרעמדע.

און פאַרטאָג, ווען אַ קילע דעמערונג האָט דורכ׳ן פענסטער אָנגעהויבען אַריינבלייכען, און דאָס געוויין האָט עטוואָס אויפ־געהערט, האָט מען באַמערקט, ווי ביים גוסס׳ן שאָקלען זיך די ליפּען. דער, וואָס האָט זיך איינגעבויגען צו אים, האָט קוים גע־קענט הערען זיינע לעצטע שוואַכע ווערטער:

— וואו־זשע איז עס דאָס ליכטיגע הויז ביים וועג? ניכער, ניכער, ס׳ווערט שוין אָוונט. ס׳איז שוין צייט צו דאַווענען מעריב.

ער האָט די דרעשלאָפּעטע אין
זיין האַנט, און ער וועט זיין
שייער גוט אויסרייניגען, און
וועט זיין ווייץ צונויפנעמען אין
שפייכלער אַריין, דאָס שטרוי
אָבער וועט ער פאַרברענען אין
אַיין אומפאַרלאָשענעם פייער.
מתיתיו ג, 12.

## כרת.



ער איז געווען א העברעאישער לערער. נאָר עס איז ניט געווען זיין פּראָפעסיע, וועלכע האָט אים אין א איינעם אַ מרה־שחורה׳דיגען אָוועגט געבראַכט צום באשלום, צו וועלכען ער איז געקומען. ער האָט פאַרדינט ארום פינף־און־דרייסיג דאָלאַר אַ וואָך פון זיין שטעלע אין דער אָרטאָדאָקסישער תלמוד־תורה, אויף וועלכער ער האָט שוין כל ימיו פון אינערציע וועגען זיך גע־האַלטען, הגם ער האָט געוואוסט, אַז די אתביים, וואָס ער טוט, איז אַן ארויסגעוואָרפענע, און דעריבער אַן אומווירדיגע. ער פלעגט נאָך אויסער דעם, ווען עס איז אים צו־שווער געווען אויפ׳ן געמיט, אָנשרייבען א שיר פאר א העברעאישען וואָכענבלאַט, און קריגען זיבען דאָלאַר שכר פאר זיין טרחה.

עס איז אים אין פּרנסה ניט געגאַנגען אַזוי שלעכט.

נאָר דאָך האָט ער אָנגענומען דעם באשלום, אָן וועלכען ער האָט זיך זיין גאַנץ לעבען צוגעזאָגט צו האַלטען. זיין לעבען איז דערפאר געווען אַן אומעטיגער, און אַן אָנאַזייטיגער.

געשפּראָצט האָט ביי אים דער געדאַנק אין מח שוין א ליינ־גערע צייט. ווי א זאָמען אין שוואַרצע ערד־שיכטען, וועלכען די אויבענגעהענדיגע מענשען פיהלען ניט, האָט דער געדאַנק אין דער מח־טונקעלהייט געעגבערט. פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך באַווייזען, א גלי־ווערימעל אין דער בלויער האלב־ליכטיגקייט פון א זומער־אָוונט. פלעגט אים דער יונגערמאַן, וואָס איז על־פּי־צופאל געווען א מדריך פון אידישע עלטערנ׳ס קינדער אין דעם געהעריגען וועג, מיט׳ן האַנט אוועגטרייבען, און עס אַלץ אָפּלייגען אויף שפּעטער.

ווייל עס איז שווער געווען זיך איינמאָל פאר אַלעמאָל דעם וועג אין מיטען איבערצושניידען אויף אייביג.

נאָר איינמאָל — אין שטוב איז גראָד קיינער ניט געווען, א פוסטקייט האָט אין די חדרים געזונגען, און אַן איינזאַם־ליכטיגע האָט אויפ'ן טיש דער לאָמפּ געברענט מיט א שווייגענדיגען גלאַנץ, און אַן אָוועגט־בלויקייט האָט מיט דער פרעמדקייט פון א גרויסער שטאָט דורך די פענסטער אריינגעשמעקט — האָט ער זיך דאמאָלס גלייך אין פנים אריינגעקוקט, און זיך קאַלט צווישען די ליפּען ארויסגעזייט:

— דו ביזט א פּחדן. דו דאַרפסט עס סוף־כל־סוף באַ־שליסען.

ב.

ער האָט נאָך דעמזעלבען אָוועגט זיך אין די הענט אריינ־גענומען, און ניט געלאָזט זיך ארויסדרייען. אין שטוב איז געווען שטיל. די לאָמפּען האָבען געלויכטען.

ער האָט זיך געזאָגט:

— מען דאַרף קיין קינדער ניט האָבען. קיינער ניט. דו — אודאי ניט.

עס איז געווען שטיל, און נאָרגיט האָט אים געשטערט ווייטער צו שפּינען דעם געדאנק:

— א מענש ווערט געבוירען צו ווייטאָג, און צו אומזיסטיגע האָרעוואניע. צוליב וואָס זשע ג אָ ך א מענשען צום ליידען ברייננגען, און די סומע פון דעם פּיין, דעם וועלטליכען, פאַרגרע־סערען?

און אוועקשטופּענדיג פון זיך גלייכגילטיג א גרוי־באַטאָוועל־טען גראָב־בלעטערנדיגען בוך, מיט ברייט־ליידיגע קאַנטען, האָט ער זיך איצט דערמאָנט אָן דעם, וואָס ער האָט שוין פון לאַנג־אָן געוואוסט, אז

— די וועלט איז פון אייביג־אָן שלעכט געווען. די רעגציי־לונגען ועגען גוטס און מענשליכקייט, וועלכע זענען אין די אלטע היסטאָרישע ספרים ארונטערגעצייכענט געוואָרען, זענען בלויז אויסטראכטונגען פון פּחדנות'דיגע נשמות און שוואכע הערצער, וועלכע האָבען דעם אמת אין די אויגען ניט געוואָלט קוקען, און אָן אָנהאַלט פאַר זיך, און א באַרעכטיגונג פאַר זייער לעבען געוואָלט געפינען. און ניט קוקענדיג אויף די אַלע האָפנונגען, וואָס באַ־

ברילענט־גלויביגע לייט האָבען אויף דער וועלט'ס צוקונפט גע־לייגט, געהט זי זיך, די וועלט, אַלץ מיט איר אייגענעם אָהן־וועג, און נעגמט זיך קנאַפּ צום הארצען די אַלע חשבונות און אויסרעכ־נונגען, וואָס די גוטע און גרויסע לייט האָבען געמאכט וועגען דער וועלט'ס ענדליכער דערלייזונג, און ווערט, ווי אויף צו־להכעיס, וואָס אמאָל ערגער.

ער האָט אַלץ אין איין אָטעם גערעדט:

— דו, זרחי, — זרחי איז געווען דער נאָמען פון דעם העברע־אישען לערער, — ווייסט עס דאָך. הייגט — צוליב וואָס? עס איז געווען אן אומפארגעבליכער טעות, וואָס די וועלט איז גאָר באשאפען געוואָרען. דער יוצר האָט דעם מענשען אין א רגע פון מידקייט און פארשלאָפענקייט באשאפען, האָט ער די אורשטאָפען פארביטען, און גענענגעזעצטע און קריגערישע חומר'ס צונויפגע־שטעלט. רייסען זיך די מענשען ניט נאָר איינער מיט'ן אנדערען, נאָר ווערען אליין, פון דעם אייביגען אינערליכען קריג, צעריסען.

— דער באשאפער האָט שוין לאנג אויף זיין מלוכה חרטה געהאט, און פון צייט צו צייט פארזוכען געמאכט אָפצואווישען דאָס לעבען פון דער ערד. נאָר די שרעקעדיגע און גאָרנישטדיגע מענשען פלעגען, אין דער אומאויסענדקייט זייערער, אלעמאָל אָפּ־שרייען די „גזירה", וואָס וואָלט אין דער אמת'ן געווען די איינ־ציגע רפואה און דערלייזונג פאר דער וועלט. אָבער דו, זרחי, ווי אלע מענשען, וואָס האָבען פונקען יצירה אין זייער מח — ער איז געווען איינער אליין אין זיין חדר, און האָט זיך דעריבער ניט גע־שעמט דעם העזה'דיגען געדאנק אויף יענער זייט ליפען ארויסצו־ברייגגען — דאַרפסט דיין העבערען חבר, גאָט, צו הילף קומען, און די וועלט צוריק צו איר פאר־ששת־ימי־בראשית'דיגען תהו־ובהו ברייגגען!

זרחי האָט זיך פארטראכט, און א פינגער־קנעכעל זיך גע־ביסען:

— תהו־ובהו? דארף מען דען א גרעסערען תהו־ובהו, ווי דעם פון לעבען?

און דעריבער האָט דער העברעאישער לערער, וועמעס נאָמען עס איז געווען זרחי, געמוזט איצטער, ווען ארום אים איז געווען שטיל און לאָמפּען־ליכטיג, איינזעהן, אז דער איינציגער אויסוועג

פאר א קלוגען מענשען איז, דאָס מענשליכע לעבען צו פארקלענע־
רען, ביז עס וועט גאָר פארשווינדען.

די דאָזיגע מחשבות האָבען זרחי׳ן אין יענעם אָוונט מיט
זייער אמת׳קייט, ווי מיט א קעלט־שוידער דורכגענומען. און די
אויגען זיינע זענען גרעסער געוואָרען, און ווייטער. ער האָט זיך
געפיהלט אויסגעמאטערט און זיך געלייגט שלאָפען.

ג.

אויף מאָרגען אָוונט — דער טאָג איז בלויז אן אויסגע־
טראכטער געווען און א חלום עמיצענס, — האָט ער זיינע רעיונות
פאָרטגעזעצט.

הפנים, אז עס איז אים גאנץ שווער געווען צו פיהלען יעדען טאָג
פון זיין לעבען, ווי ער געהט אויס און ווערט אלץ ווייניגער און
פארקלענערט, ווי אן אָפּגעברענט ליכט, און גאָרניט בלייבט היג־
טער אים א צייכען, וואָס זאָל מיט א שטומקייט פון א בלויזען
זיין־דאָ אָן אים דערמאָנען. און אין א קרייז פון היימישע וועט
שוין קיינער ניט, ביז׳ן ענד פון די דורות, וואָס וועט זיך נאָך אזוי
לאנג פארשפּעטיגען, דערציילען די שטילע, ווארימע מעשה, אז
אמאָל האָט געלעבט א מענש, וואָס איז געווען א העברעאישער
לערער, און זיין נאָמען איז געווען זרחי.

האָט ער דעריבער געזוכט היינטיגען אָוונט א נייען אָנשפּאַר
פאר דעם געדאנק, וואָס האָט אין אים זיין צייטיגקייט דערגרייכט.
און האָט זיך אָן נאָך סבות, וואָס זענען א ו י ס ע ר אים גע־
לעגען, דערמאָנט.

— אָט, — האָט ער קיל, צו־קיל, מיט דער שטיל־ברענענדי־
גער לאָמפּ אויף׳ן ווייסבאשפּרייטען טיש איינגע׳טענה׳ט, — דאָס
אידישע פאָלק געהט אונטער. עס האָט שוין אזוי לאנג געלעבט
דורך א נס, אויף א דינער האָר. אמת, דאָס איז קיין לעבען ניט
געווען, נאָר א גסיסה, א לאנגע, כאָרכלענדיגע גסיסה, וואָס האָט
לייגגער געדויערט, ווי זיין איינגעגטליכער, קורץ־געזונטער לעבען.
א קורצער לעבען, און א לאנגע טויט־מאטערניש. און דאָס דאָזיגע
גסיסה־כאָרכלען איז פון פאלשע אויערען אויפגענומען געוואָרען
אלס צייכען פון לעבען, אפילו אלס א סימן פון אויפלעבונג —

כאַ־כאַ! אויפֿלעבונג — הייסט עס, אַז דאָס פֿאָלק איז דאָך יאָ טויט געווען?

— אָבער איצטער, שטילער לאָמפּ מיין איינזאַמער, קומט עס ענדליך צו אַ סוף. עס לעבט איצט דורך די יסורים, וואָס פֿאַר'ן טויט. עס האַלט ביים באַפֿרייט ווערן פֿון זיין לאַנגען, פֿאַרשאָלטענעם לעבען, ווייל אייביגער לעבען איז אַ קללה פֿאַר אַ פֿאָלק אויך, ניט נאָר פֿאַר אַן איינציגען מענשען, וועלכער האָט שוין זיך זעלבסט אַריבערגעלעבט, און קאָן זיך אויפ'ן אייגענעם טויט ניט דערוואַרטען.

שווער איז זרחי'ן געווען ווייטער אין דעמזעלבען אופֿן צו טראַכטען, און ער האָט אַ קאַלטע גלאָז־וואַסער געמוזט אויסטרינקען. דאָס וואַסער האָט אין אים אַביסעל פֿרישע לעבעדיגקייט אַריינגעגעבען, האָט ער ווייטער כּח געהאַט פֿאָרטצוזעצען זיינע טויט־געדאַנקען:

— דאָס אידישע פֿאָלק לעבט איצט דורך אַ שקיעה־צייט, אַן אָוונט, איידער עס קומט אָן די נאַכט. די אויפֿלעבונגס־פֿונקען, וואָס באַווייזען זיך פֿון צייט צו צייט אין זיינע אויגען, זענען דאָך בלויז קאָנוואולסיעס פֿון אַ שטאַרבענדיגען, די לעצטע אויפֿפֿלאַמונגען פֿון אַ דערברענענדיג ליכט.

— אזוי, אזוי.

אַ ווײַלע האָט זרחי געשוויגען, און נצחונ'דיג, מיט אַ שטילען שמייכעל, האָט ער זיין אָוועטיגען מחשבות־גאַנג פֿאַרענדיגט:

— אַ קינד פֿאַרשטעהט ניט זיין פֿאָטער, ווייל פֿרעמד איז שוין איין מענש צום צווייטען. און אַ אידיש קינד פֿון היינטיגע צייטען, דערהויפּט ביי די יונגע אידען, וואָס פֿיהלען אַזוי זיס־פּייניגענדיג זייער אידישקייט, איז נאָך דאָפּעלט־פֿרעמד זיין פֿאָטער. זיין שפּראַך רעדט ער ניט און וויים ניט, זיינע געדאַנקען פֿאַרשטעהט ער ניט, און זיינע חלומות בלייבען אים אייביג־פֿרעמד. דאָס קינד פֿון די אידישע עלטערען איז ניט קיין איד. נו, מיר פֿיהלען זיך דאָך אַזוי אויך פֿרעמד אין דער וועלט, צווישען אונזערע נאָהענטע און שמייכלענדיגע שכנים. היינט צוליב וואָס נאָך אין אונזער אייגען הויז, דעם איינציגען מקלט־פּלאַץ פֿון אַ

מענשען דורך אלע דורות, אריינבריינגען נ אָ ך פרעמדע, פרעמ־דע פונ׳ם איינענעם בלוט?

אָט דאָ, אין יענעם שטילען אָווענט, האָט זיך זרחי אָפּגע־שטעלט. און איידער נאָך דער אָווענט איז אין נאכט אריבער־געגאנגען, און איידער נאָך ער האָט דעם לאָמפּ אויסגעדרייט, האָט ער אָנגענומען דעם באשלוס:

— ער וועט זיין דער לעצטער.

און מער האָט ער וועגען דעם ניט גערעדט, ניט מיט זיך און ניט מיט קיין פרעמדען.

און דעם כרת־גזר אויף זיך האָט ער טיף אין הארצען גע־טראָגען.

ד.

דאָס מיידעל, מיט וועלכער ער האָט מיט א שטיקעל צייט שפּעטער חתונה געהאט, איז געווען פון אן אלטער אריסטאָקראַ־טישער פאמיליע. די מיטגלידער פון דער דאָזיגער פאמיליע האָ־בען פאר לאנגע יאָרען בלויז זיך זעלבסט מיט איינאנדער מתחתן געווען. די דאָזיגע משפחה האָט זיך דעריבער, פון גרויסער און שטארק־אָפּגעהיטער בלוט־ריינקייט, געהאלטען אין דעגענערירען און אונטערגעהן. זעלבסטמאָרדען און אָנפאלען פון משוגעת האָ־בען זיך אין די גאָר לעצטע צייטען אין דער משפחה געטראָפען. און אלע — אָהן שום אויסערליכע און פאר א זייטיגען מענשען פארשטענדליכע מאָטיווען. גאנץ פּשוט — עס איז זיי די ווי־טאליטעט, דער חשק צו לעבען, פאמעליך אויסגעגאנגען, פון צופיל אָפּגעאיידעלטקייט.

און דאָס מיידעל, א בלייך־באקיגע מיט א פארטוגקעלטען און נעפּיל־פארצויגענעם איידעל־גלאנץ אין די שמאָל־לייגליכע אויגען, איז געווען דין־לייביג און פארפיינערט, און א ריח פון ניטדהי האָט פון איר אָפּגעגעבען. זי איז געווען אזוי שטיל־קלוג, אזוי אָפּגעטאָקט־פארשפּיצט, אז עס איז געווען וואונדערליך — ניט צום פארשטעהן, ווי אזוי אזא דורכזיכטיג־פארצעלאָיענע וואזע וועט ניט צעבראָכען ווערען אונטער מאנסבילשע הענט.

די דאָקטוירים האָבען איר טאקע פארבאָטען צו האָבען קינ־דער, ווייל זי איז געווען שטארק אנעמיש, און אין דעם ביסעל

בלוט אירען האָט זי זי[illegible]טיגט, כדי אויפצוהאַלטען איר ווייס־רויזיגען גוף, וואָס איז געווען ווי א חלום פון א בלייכליכען פאַר־טאָג.

איז עס פאַר זרחי'ן געווען ווי אָנגעמאָסטען. צו איידעל און צו אינטעלעקטועל איז זי געווען פאַר אזא גראָבער און פרימיטיוור־רויהער, חיה'דיג־מענשליכער פונקציע, ווי קינדער־האָבען, און קליינע מענשעלאַך כאָוען. נו, האָט זרחי געטראַכט, איידעל איז דאָך אויך דאָס פאָלק זיינס, צו אריסטאָקראַטיש־רוחניות'דיג, מיט צו הויכע ווערט־מאָסען פאַר לעבענס־אויפפירונג, אז עס זאָל קענען ווייטער עקזיסטירען צווישען די ארומרינגלענדיגע אינגערע און געזונט־ווילדערע שכנים.

האָבען זיי ביידע חתונה געהאַט.

זרחי מיט זיין פרוי האָבען געלעבט צוזאַמען, און אזוי זענען פאַרלאָפען יאָרען.

און דעם חלל פון זייערע טעג האָבען זיי זיך שוין געקליגט אויסצופילען מיט פאַרשידענע באַשעפטיגונגען און שכל'דיגע פאַרגניגענס.

זיי האָבען געלעבט ווי א סך פון זייערס־גלייכען.

## ה.

און איינמאָל האָט עס געדעגענט, ווען זרחי איז געגאַנגען אהיים. ער איז געווען דורכגענעצט און נאַס. איז דאָך עס גאָר־נים. ווען ער קומען אהיים, און זיך אויסטריקענען.

אז ער איז אָבער געקומען אהיים, האָט ער קיינעם נים געט־טראָפען דאָרטען. דאָס ווייב איז אין ערגיץ אוועקגעגאַנגען. איז ער ארומגעגאַנגען א שטיק צייט איבער די פוסטע טונקעלע חדרים, און קיין ליכט נים געוואָלט אָנציגדען, כדי ער זאָל נים דערזעהן די פוסטקייט.

נאָר ביים פענסטער האָט ער זיך אוועקגעשטעלט, און דאָס פנים צוגעקלעפט צום גלאָז.

אין דרויסען האָ געפליוכעט, ווי פון עמערס. גאַנצע פלאַכטעס וואַסער האָט זיך געשאָקעלט אין דער לופטען, געטריבען פונ'ם ווינט. א וואַסערדיגע בייטש האָט אונטערגעאיילט איינגעבויגענע נאַסע מענשען אהיים.

נענאָסען האָט עס אַזוי [illegible] פון גאַנצע שעה'ן. טײכלאַך האָבען זיך אָנגעהויבען אָנצוקלײבען אויפ'ן ברוק.

און ווי ער שטעהט אַזוי, און עס פליוכעט אַ גוס־רעגען אין דרויסען, פאַלט אים איין, אַז ווען ער וואָלט דאָ אין טונקעלען חדר אויסגעגאַנגען, וואָלט קיינער וועגען דעם ניט געוואוסט און די וועלט וואָלט זיך ווייטער אַזוי אָנגעגאַנגען. זיין זכר וועט אָפּגעמעקט און אָפּגעוואַשען ווערען פונ'ם איבּיגען רעגען, וואָס גיסט אויף דער וועלט. אַ פוסטקייט וועט פאַרנעמען דעם פּלאַץ, וואָס ער האָט אויסגעפילט אין דער וועלט. און ביי לאָמפּ־באַלויכטענע טישען און אָוועגטליכטיגע חדרים וועט ער קיינמאָל ניט זיצען, אין אַ יונגערער געשטאַלט, און אָן זיך, דעם אַמאָליגען, דערמאָנען.

קיינמאָל ניט.

און יענע, אויף יענער זייט, זיינע פרעמדע שכנים, וועלען אַלעמאָל, ביז'ן ענד פון אַלע דורות, ביי זייערע טישען זיצען. אַלעמאָל.

אין אַלץ נייערע געשטאַלטען.

אָבער זיין נאָמען וועט שוין קיינמאָל ניט דערמאָנט ווערען. קיינמאָל.

## ו.

און אַ גרויס שרעק, אַ שרעק אין מיטען דער נאַכט, איז אים באַפאַלען. און די טונקעלהייט אַרום אים האָט זיך געשטאַרקט.

די ווענט פון הויז זענען איינגעזונקען געוואָרען, און ער האָט זיך דערפיהלט אין דרויסען. ער פאַלט אַנידער צום נאַסען ברוק, אַ מיד־אָפּגעשוואַכטער. דאָס איבּיגע וואַסער דעקט אים צו.

און זרחי האָט דערפיהלט, ווי ער הויבט שוין אָן אָפּצושטאַרבען, און זיך פאַנאַנדערלייזען אין דער פינסטער. אין קאָפּ האָט אים אויפגעצונדען, און ער האָט אָנגעהויבען שרייען:

— איך וויל ניט! איך וויל ניט! איך וויל נאָך ניט שטאַרבען!

און אָנגעהויבען אַרומלויפען איבער אַלע טונקעלע חדרים, אַנטלויפענדיג פון אַ שוויינענדיגען נאָכיאָגער.

האָט ער מיט ציטערנדיג־נערוועזע הענט אַ ל ע לאָמפּען אין אַ ל ע חדרים אָנגעהויבען אָנצינדען.

אָבער מיט ווילד־צעטומעלטע אויגען האָט ער דערזעהן, ווי זיי לויכטען מיט טונקעל־קאַליע פלעמלאַך, ווי צו אַ יאָרצייט־מעריב און פינקלען אין די קרישטאָלענע גלעזלאך פון די שענדע־ליערס מיט אַן אומעטיגען גלאַנץ, — דער שיין פון אַ וואַקסענער ליכט אין אַ גלעזעל בלוט.

און דאָ האָט אים נאָך אַ גרעסערע שרעק אָנגעכאַפּט. אַ פלאַמענדיגע איינזאַמקייט האָט ער דערפיהלט אין די פילע ברע־נענדיגע לאָמפּען. עס איז געווען בלייב־שטיל אין די בלוי־ווענטיגע חדרים. און ער האָט זיך אויסגעדוכט ווי אַ מת, וואָס איז פון דער אייגענער מיטה אַרונטערגעקראָכען, ווען דער טויטענ־שומר איז אויף אַ מינוט, צוליב אַ מענשליכער באַדערפניש, אין צווייטען חדר אַרויס.

און דאָס זענען אַלץ טויטענליכט אַרום זיין מטה.

ער האָט אַ הייזעריג־פאַרשטיקטען געשריי געטאָן, און איז צוגעפאַלען צו דער וואַנט.

ווייל אין דער מינוט האָט ער טאַקע דערזעהן אַ וויים־באַצוי־גענע טויטענבעט הייגנענדיג אומבאַוועגליך אין דער לופט.

ז.

עס האָט אים קוים געסטאַיעט כחות אַרויסצוכאַפּען זיך פון דעם שטיל־צוואַנגענדיגען נעץ, געשפּרייט פון די ברענענדיגע לאָמפּען אַרום דער וויים־באַצויגענער מטה.

ער איז געלאָפען אָהן אָטעם, מיט ציטערנדיגע איברים און פאַרגליווערטען מח.

אין דעמזעלבען קאָרידאָר האָט געוואוינט זיינע אַ שוועסטער, אַ פאַרהייראַטע. איז ער צו איר אַריינגעלאָפען אַרויסראַטעווען זיך פון די נענעל פון דער גרויסער איינזאַמקייט, וועלכע האָט אים דאָס האַרץ געריסען.

ער האָט געמוזט האָבען אַ שרעקליכען פנים, ווייל זיין שווע־סטער האָט ביי זיין אַריינקומען אויסגעשריען:

— מיין ברודער, וואָס טוט זיך מיט דיר! דיין פנים איז דאָך ווי ביי אַ טויטען!

ער איז געבליבען שטעהן אין מיטען צימער, מיט פאַרמאַכטע אויגען און אַ פאַר׳חלש׳טער. מיין פּנים איז ווי ביי אַ טויטען,

האָט ער צו זיך געזאָגט. און מיינע מחשבות זענען פון אַ באַלד־שטאַרבענדיגען.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים קיך־טיש. דאָ איז געווען היימישער. דער אויווען איז נאָך געווען הייסלאָך, און אַן אומ־געזעהענע וואַרימקייט האָט פון אים אַרויסגעשטראַלט. „מיין ברודער!" די צוויי ווערטער האָבען שטיל און דער לופט געציטערט און אים געלאַשצעט.

זיין שוועסטער האָט צו אים גערעדט, זיך נאָכגעפרעגט. ער האָט געענטפערט, גאָר ניט געהערט האָט ער ניט אירע פראַגעס, ניט זיינע ענטפערס. ער האָט געפיהלט אַזוי גוט. אַ חיות׳דיג־קייט האָט זיך אים אין די איברים צעשפּרייט. ער איז געווען אונ־טער אַ דאַך, איבער וועלכען עס האָט זיך געקלאַפּט אַ היימיש־וואָרימער רעגען.

עס איז גוט — — — זיין שוועסטער׳ס אינגעל איז צו אים צוגעגאַנגען — — — ניין. דער שוועסטער׳ס אינגעל איז צו אים ניט צוגעגאַנגען. דאָס האָט זרחי בלויז געוואָלט, אַז ער זאָל צו אים צוגעהן, און זיך צווישען זיינע קני שטעלען. ער איז אָבער ניט געווען, דער שוועסטער׳ס אינגעל.

קליינע אינגלאָך שלאָפען אין דער צייט.

איז ער אריין אין קינדער־חדר. אויפ׳ן ווייטען בעטעל איז דאָס קינד געלעגען און פאַמעלאָך־גרינג געאָטעמט. די ווענט און די האַלבּ־אַרבייט זענען געווען געפאַרבט וויים. ליאַלקעלאָך און שפּילגעצייג זענען אומעטום געווען אָנגעוואָרפען. זרחי האָט דעם קאָפּ אַרונטערגעלאָזען, און מיט אַ שטיל־טרויעריגען שמייכעל גע־טראַכט, אַז צו דעם האָט ער שוין ניט זוכה געווען. ער האָט שטיל און איידעל באַרירט דאָס קליידעלע פון אַ גרויסער ליאַלקע, פונ׳ם גרוים פון אַ לעבעדיג קינד. פון דער קיך האָט זיין שוועסטער געהערט, ווי ער האָט זיך אין קינדער־צימער עפּעס געפּאָרעט, און זאַכען אומגעוואָרפען. זי האָט געטראַכט וועגען דעם, וואָס איר ברודער איז עפּעס אַזוי מאָדנע, מיט אַ פאַרטראָגען געזיכט און פאַררודערטע געדאַנקען, און איז פעהיג צו טאָן אומדערקלערבאַרע זאַכען.

אָט איצטער האָט זי שוין געהערט, ווי ער איז מיט אַ ראַ־

שינגען קלאפ פון דער טיר צוריק ארויסגעלאָפען. קיין גוט־נאַכט אפילו האָט ער איר ניט געזאָגט!

ח.

זיין הארץ האָט אין אים זיך געצאפעלט, ווי א ניט־דערקוילעטע עוף. וואנדרען בלוטענדיגע און שווין פאר א שטיק צייט מיט א פארגעסענעש־הייטעל פארצויגענע, האָבען זיך אין דער נאכט איצט פאנאנדערגעבליט. פלאמען, ווי א רויטער מאָך, זענען אין הארצען אים אויפגעגאנגען. איינזאמקייטס־פייערען האָבען אין מח זיך גענומען גאָלדען. דאָס בלוט האָט אין אים מיט פיין געברענט.

איצטער איז די צייט. ער האָט געוואוסט, אז עס וועט אים גרינגער ווערען, זוען ער וועט זיין ווייטאָג אויסזינגען.

איז ער אריין אין קאבינעט. זיך געזעצט ביים שרייב־טיש.

א שטיק צייט איז ער אזוי געזעסען און פיבעריש־חשך׳דיג געשריבען. אין דער שטילקייט פון די חדרים האָט זיך געהערט, ווי ער רייסט, מיט גאָר קורצע פויזען, איין בויגעלע נאָך דעם אנ־דערען פונ׳ם שרייב־העפטעל אראָפּ.

מיטאמאָל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, און די אויגען מיט משוגעת אויף דער קופּקעלע אָנגעשריבענס אויסגעסטארטשעט. גאָט, דו אויסגעטראכטער, איינציגער און אייביגער! צי דען איז ער בלינד געוואָרען? אָדער האָט ער אפשר פארגעסען איינצו־טונקען די פען אינ׳ם טינט?

די אָנגעשריבענע בויגעלאך זענען געווען ווייס־ליידיג, אומ־באשריבען, ווי די אותיות וואָלטען פון דעם פאפיר ארונטער־געפלויגען און ניט־געוואָרען.

מיט א קילענדיגען שרעק אין הארץ האָט ער די פען אין טינ־טער איינגעטונקט, די אויגען מיט כונה פארמאכט, און מיט פאר־דריקטע אויגען אָנגעהויבען שרייבען. ער האָט זיך געפיהלט אזוי שוואך, און די פען איז אים פון האנט ארויסגעפאלען.

האָט ער צוריק אויפגעעפענט די אויגען. אויפ׳ן פאפיר פאר אים האָט זיך געשווארצט א קופּקעלע פון עטליכע אותיות.

ער האָט איבערגעלייענט דאָס איינאונאיינציגע וואָרט:

— „ערירי“.

ט.

ער האָט אויף דעם וואָרט געקוקט מיט לײדיגע, ברייט־פאנאנדערגעעפענטע אויגען. האָט זיך געוואונדערט פון וואנען דאָס וואָרט האָט זיך דאָרט גענומען. בשום אופן האָט ער גלויבען ניט געקענט, אז דאָס האָט ער עס, מיט זיינע אייגענע ווארימע הענט, אָנגעשריבען. דאָס איינציגע וואָרט, וואָס איז שוין יאָ געבוירען געוואָרען ביי אים, איז א מפיל־קינד געווען, אן אָפגעריסענער, פארדאַרטער קלאנג.

מיט פארטויבטע, ניט־פיהלענדיגע חושים איז ער א שטיק צייט אין דער נאכט ארומגעגאנגען אין זיין אָפגעאיינזאמטען קאבינעט . האָט זיך א כאַפּ געטאָן, אז ער האלט אין איין אומ־באוואוסטזיניגען איבער'חזר'ען דאָסזעלביגע וואָרט. עס האָט א טרוקענעם, ברעקעלדיגען קלאנג, ווי פארטריקענטע יעסיענ־בלעטער, וועלכע ווערען געטראָטען אונטער די פיס:

— ערירי—ר—ר—רי—רי—רי—ררררי...

י.

שפעט ביינאכט איז זיין ווייב אהיים געקומען, און אן איי־דעל־פארפיינערטער ריח פון פארפיום און פרויען־לייב האָט אין שטוב פארשמעקט.

זי האָט געפונען אלע לאָמפּען אין די חדרים אָנגעצונדען, ווי צו א יום־טוב. עס איז געווען שטיל און ליכטיג. און די גרויסע שטילע ליכטיגקייט האָט אין דער שפעט־נאכטיגער שעה אויס־געזעהן פרעמד און טראכטעריש.

זי האָט אירע קליידער אויסגעטאָן און אין שלאָפצימער אריינגעקומען, דאָרטען איז אויך געווען שטארק ליכטיג. האָט זי דערזעהן:

אויפ'ן ווייסען פארבעטען געלעגער ,א ניט־אויסגעטאָנענער, איז געלעגען אויסגעצויגען די טויט־שווארצע פיגור פון איר מאן, א שטילע אויפ'ן ווייסען בעט. שטארק צום הארצען צוגע־קוועטשט, מיט פארטשעמעטע פינגער, האָט ער געהאלטען א גרויסע ליאלקע, א ליאלקע פונ'ם גרוים פון א לעבעדיג קינד.

— וואו האָט ער די ליאלקע געקראָגען? האָט די פרוי געטראכט.

און אויסגעלאָשען די לאָמפּען.

Resurgam.

אין איינעם פון די ערשטע טעג פון'ם חדש סעפּטעמבער האָט זיך איבער די טאָלען און די בערגלאך, וואָס ארום דעם דאָרף אי־דזשיפּט מיללס, געלאָזט הערען א שטיל קלינגען.

די פּארמערס פון די נאָהענטע און ווייטע פעלדער, וואוהין דאָס קלינגען האָט אינ'ם קיל־זוניגען פרימאָרגען דערגרייכט, האָ־בען אויף א ווײלע אויפגעהערט ארבייטען. זיי האָבען מיט א „וואָאו!" אָפּגעשטעלט די פערד, וואָס זענען געווען איינגעשפּאנט צום אקער, און מיט פריידיג־באלויכטענע פּנים'ער זיך אומגע־דרייט אין דער ריכטונג צו יענעם אָרט, פון וואנען עס האָט זיך געצויגען דאָס קלינגען.

א גאנצען זומער האָט מען עס שוין ניט געהערט. און איצט — עס ווענדט זיך וואו איינעמ'ס שייער אָדער פעלד איז געווען. האָבען אייניגע טאקע געזעהן מיט זייערע אויפגלאנצענדיגע אויגען דעם הילצערנעם קופּאָל פון דער דאָרפס־שול, אויף א ווייטליכען בערגעל. און צו אנדערע האָט ער זיך בלויז פאָרגעשטעלט אין דער קלאָר־קילער לופט.

און אזוי ווי אינ'ם דאָזיגען פרימאָרגען האָבען זיך די פּאר־מערס געפונען אליין אין פעלד, ווייל דאָס קליינוואַרג איז אין שול אוועקגעגאנגען און די שטאָטישע ארבייטער האָבען זיך שוין צעפאָרען, האָבען זיי ניט געהאט מיט וועמען א וואָרט אויסצו־ריידען. שווייגענדיג האָבען זיי דאמאָלס א גלעט געטאָן די פערד, און ווייטער געאקערט. און נאָך אנדערע האָבען געשטופּט בינט־לאך תבואה אין די דרעש־מאשינען אריין, און פון'ם נאָכאנאנד זיך־טרייסלענדיגען און ציטערדיגען מעכאניזם האָבען זיך קליינע קערנדלאך געשאָטען אין די צונעבונדענע שטויביגע זעק אריין.

אין יענעם פרימאָרגען האָבען פון א סך אומגעזעהענע ווינ־קעלאך, פון פארמישע הייזער, וואָס זענען געווען פארהוילען אין

פעלדער און אין טאָלען, זיך געצויגען יונגע קינדער, אַנגעטאָן אין ריינע אָנצוגלאַך, מיט ביכער און אן איינגעפּאַקט אָנבייסען אונ־טער די אָרעמס. אליין און באַזונדער זענען זיי געגאַנגען איבער די זונינע וועגען, וואָס האָבען זיך געשניטען דורך פעלדער און דורך בערגלאַך, און די קינדער האָבען זיך געזונגען, ווער מיט אַ קול און ווער אָהן אַ קול.

זיי האָבען געפּיהלט:

עטוואָס נייעס און פריידיגעס הויבט זיך אָן. דער זומער איז פאַרגאַנגען. אין דרויסען איז עס נאָך ניט צו זעהן, אָבער דאָס געהן אין שול אריין האָט שוין געטראָגען אין זיך דעם שטי־לען אָנזאָג. אין דער וואַרימער זוניגקייט פון דרויסען האָט גע־שמעקט מיט אָפּגעשניטען היי און פריש־אויפגעאַקערטער ערד. די ווילדע ווינטרויבען־בוימער ביים וועג זענען אָקאָרשט צייטיג געוואָרען. די גרינ־שטייפע טרויבען, ווי ניסלאַך, זענען ווייך און פול געוואָרען, און טיפ־בלוי. אין דער שטיל דורכזיכטיגער לופט האָט זיך שטאַרק געשפּירט דער ריח פון וויין.

און דאָרטען, וואו די וועגען צו דער מ א ס ק ע נ אָ ז א אָ ז ע ר ע און צום מ י נ ק ס פּ א נ ד בוקען זיך איינע צו דאָס אנדערע ביי זייער באַגעגניש, האָבען זיך אויך די קינדער, וואָס זענען געקומען דורך פאַרשידענע וועגען, באַגעגענט. פּאָר־לאַך און קופּקעס האָבען זיך צונויפגעשלאָגען. אַ היבש ביסעל פאַר ניין אַ זייגער איז מען שוין פאַר דער פאַרמאַכטער טיר פון דער דאָרפס־שול געשטאַנען. איינגלאַך האָבען זיך דערלאַנגט די הענט. מיידלאַך האָבען זיך ארומגענומען. פאַרשידענע געשיכ־טעס פון׳ם פאַרגאַנגענעם זומער האָבען זיך אָנגעהויבען צו וועבען אין דעם פרימאָרגען. מען האָט זיך דערציילט איינער דעם אנ־דערען, וואָס מען האָט אויפגעטאָן פאַר׳ן זומער, און געוואַרט אויפ׳ן אָנקומען פון דער לערערין.

און מ אָ ר י ס, דער זוהן פון דעם איינציגען אידישען פאַרמער אין דער געגענד, איז דאָ אויך געוועזען. ער האָט זיך גע־פרעהט ווי די איבעריגע, און נאָך מער, ווייל יעדער איינער האָט געוואוסט, אז ער האָט שטאַרק געהאָלפען אין דעם צוקלייבען און צוראַמען פון דער שול בשעת די לעצטע צוויי וואָכען. אין גרויסע לעדערנע שטיוועל — עס האָט גראָד גערעגענט דאַמאָלס, און די

וועגען זענען געווען בלאַטיג — איז ער איבער׳ן איינציגען היבש־ליכען חדר ארומגעגאנגען, ארונטערגעווישט דעם שפינוועבס פון די ווינקלען, דעם שטויב פון די ביינק, האָט צעשטעלט די שווארצע טאַפלען ביי די ווענט, און געהאָלפען אויפהייננגען די גרויסע געאָ־גראפישע קארטעס. יאָ, ע ר איז עס געווען, וועלכער האָט צו־געהאלטען דעם עמער מיט קאַלך, אין וועלכען מר. ד ז ש ע־נ י נ נ ס, דער שול־קאָמיסיאָנער און דער אָנהאלטער פון נאָך פיר זעהר וויכטיגע עמטער אין דער אדמינסטראציע פון דער שיטער־באַפעלקערטער קאונטי, האָט געטונקט א גרויסע בארשט און געקאַלכט מיט איר די סטעליע און די ווייסע ווענט.

זיין טאַטע, הער ג ר י נ ש ט י י ן, האָט אויך צוגעשטעלט דעם קלענסטען „עסטימייט” אין דעם סקול־באָארד, און עס איז אויף אים געלעגען איצט די פליכט צוצושטעלען האָלץ פאר דער שול דעם גאנצען קומענדיגען ווינטער.

דערווייל איז אָנגעקומען די לערערין אויף א וועלאָסיפּער. זי איז געווען איינגאנצען אָנגעטאָן אין ווייסען. אויפ׳ן קאָפּ — א ברייט־ברעגיגער שטרויענער הוט. די קינדער האָבען זי שטיל נעגריסט.

באלד האָט זיך דערהערט דאָס קלינגען פונ׳ם שול־גלאָק. ווי אין א שטילער דאָרפס־קירכעלע זענען די קינדער ארייננגע־גאנגען און זיך צעזעצט אויף זייערע פלעצער.

דעם גאנצען פאָרמיטאָג האָט מאָרים פלייסיג געארבייט אויף די לעסאָנס אין ספעלינג, אריטמאטיק און געאָגראפיע. דער־הויפט האָבען זיך ביי מאָרים׳ן פאנאנדערגעעפענט די אויגען בעשת דער געאָגראפיע־שטונדע. אזויפיל לענדער, אזויפיל לענ־דער... ער, פון זיין זייט, האָט געוואוסט בלויז פון איין לאנד, פון אמעריקא, דאָס לאנד, וואָס איז געווען זיין לאנד. געבוירען געוואָרען איז ער אין ניו יאָרק, נאָר פון דעם געדענקט ער בלויז א חלום פון א ריי הויכע טורעמס צווישען וואסערען, איינגעווי־קעלט אין א נעבעל, אמאָל א זוניגען און אמאָל א גרויען. אויפ־געהאָדעוועט געוואָרען איז ער אָבער דאָ, צווישען די בערגלאך און טאָלען פון קינג׳ס קאונטי, אין דעם העכערען טייל פונ׳ם שטאַט ניו יאָרק, באזונטע און ליכטיגע בערגלאך און טאָלען, ווי לענדער אין ערגעץ א מעשה.

נאָכמיטאָג איז ער שוין געוואָרען אַביסעל אומגערולדיג. ער האָט זיך דערמאַנט, אז אין מיטען גרויסען פעלד, אויפ'ן בארג ניט ווייט פון זייער הויז, ליגען גרויסע קופּעס טרוקענע צווייגען און קוסטעס, וועלכע דארפען נאָך היינט פארברענט ווערען.

איידער דער פאָטער האָט זיך געשטעלט אקערן, האָבען זייביידע צונויפגעקליבען אַלע שטיקער פּארטריקענטע צווייגען, וועלכע זענען ארונטערגעפאַלען פון די בוימער אין מיטען פעלד, ווי אויך די קוסטעס און ווילד־גראָז, וואָס זענען דורכ'ן זומער אָנ־געוואקסען ביי דעם פּארקאַן. א גאנצען טאָג נאָכאנאנד האָט זיי גרינשטיין געשניטען מיט דער קאָסע. מען האָט צונויפגעשארט די קופּעס אין מיטען פעלד. מיט זיין אקעראייזען האָט גרינשטיין דערווייל געפּאסט די ערד ארום און ארום, אָנהויבענדיג פון די זוימען. וואָס אמאָל איז ער אַלץ נעהענטער צוגעקומען צו די קופּעס. היינט האָט מען שוין זיי געמוזט פארברענען.

האָבען זיך ארום דריי א זייגער אַלע קינדער א שפּאר געטאָן דורך דער שמאָלער טיר פון דער שול, ווי א מחנה יונגע הירשען. מען האָט זיך געלאָזט שפּרינגען איבער פעלד, בארג און טאָל. מאָרים האָט שוין מער ניט געקאָנט איבערבלייבען כדי צו פאר־מאכען די פענסטער פון דער שול, וואָס ער פלעגט געוועגליך טאָן. א זיסע אומרו האָט אים ארומגעכאפּט. די פיס האָבען געביסען פון צופיל זיצען. דורך די זומער־חדשים האָט ער זיך שוין פון דעם אָפּגעוואוינט, און ווי א הונט, וועמען דער ווינט האָט פּלוצ־לונג געבראכט דעם שפּור פון דער פארלאָרענער היים, האָט ער זיך א שאָס געטאָן דורך דער לופט צו זייער פארם צו.

אין א ווײַלע ארום, בייסענדיג א לוסטע ברויט מיט „דזשעם", האָט ער זיך שוין קוים דורכגעזעהן דורך דעם רויך פון א גרויסען פייער. קופּעסווייז האָט ער אויף די שפּיציגע יונגע אקסלען גע־שלעפּט גרויסע צווייגען און זיי געווארפען אין פייער אריין. א רויך האָט זיך געלייגט איבער'ן הימעל פון די נאסליכע בלעטער.

און וואָס מער דאָס פייער האָט געקנאקט, און אין וואָס מער צווייגען און קוסטעס עס האָט זיך אריינגעביסען, אַלץ גרעסער איז מאָרים'עס פרייד געוואקסען, און אַלץ בלישטשענדיגער זענען זיינע אויגען געוואָרען. שטילע פּישטשען האָט זיך געלאָזט הערען פונ'ם פייער ארויס.

מאָרים האָט געוואוסט, אַז דאָס זענען די קליינינקע פליגעלאַך און אינסעקטען, וועלכע האָבען געהאט זייער היים אין די צווייגען און אינ'ם האָלץ. דער פייער האָט זיי געפּאַקט אין מיטען. זיי האָבען שוואך זיך בעטענדיג געפּישטשעט.

— זאָלען זיי ברענען — האָט מאָרים פריידיג ארומגעטאנצט.

— זאָלען זיי ברענען. ווּעמען ארט עס? דאָס פעלד וועט שוין אינגיכען אָפּגעליידיגט ווערען פון די צווייגען און ווילד־גראָזען. דער פאָטער וועט אים צואקערען, דערנאָך וועט מען אים באשי־טען מיט'ן דינעם, צוגעטריקענטען הנאָי, און אין אַ ווינטער ארום וועט עפּעס אויסוואקסען פון דעם.

און אז דער פייער האָט זיך געשטארקט, האָט זיך מאָרים אין אַ טאנץ געלאָזט געהן ארום און ארום, מיט'ן קאָפּ אויסגעשטרעקט פאָראויס און ארונטער, ווי די אינדיאנער בשעת אַ קריגס־טאנץ, מיט שטומען געזאנג, און פרייד, און פייערליכקייט.

ארום דער צייט איז שוין דער פאָטער אונטערגעקומען מיט קיידי'ן און דיק'ן צום עק פעלד, וואו ער האָט זיך געדארפט פאר־קירעווען. ער האָט אָפּגעשטעלט די פערד, ארויסגענומען די ליול־קע, אָנגעשטאָפּט זי מיט „בול־דיורהעם" און פאררויכערט. זיין רעכטען פוס האָט ער אָנגעשפּארט אויפ'ן אקעראייזען־רוקען, און דעם עלנבויגען — אויפ'ן פוס.

ער האָט געקוקט אינ'ם מערב, דורכ'ן רויך פון דער ליולקע האָט ער געזעהן, ווי די זון דערנענטערט זיך צום אונטערגאנג. עס איז געוואָרען קילער. די פערד האָבען אָנגעהויבען אונטער־צוציטערען. האָבען שווערליך געטאָפּעט. די אויערן און די קעפּ זענען ארונטערגעהאנגען.

אַ קיל־רויטליך ליכט האָט זיך אָנגעהויבען שפּרייטען איבער'ן לאנד ארום און ארום.

און דאָ האָט ער אַ קוק געגעבען אויפ'ן אינגעל, זיין זוהן, ווי ער האָט עס געטאנצט ארום פייער, ווי אַ ווילדער געצענדינער, איז אים מיטאמאָל איינגעפאלען, אז איצט זענען די לעצטע טעג פון עשרת ימי תשובה. מאָרגען איז ערב יום־כפּור, און אַ געפיהל פון פרעמדקייט האָט אים ארומגענומען צום ארומיגען פעלד.

דער דאָזיגער גרינשטיין איז אין זיינע יונגע יאָרען געווען אַ

אידיש קינד. האָט ער נאָך געדיינקט, ווי פונקט אין דער צייט זענען אין דער היים די בין־הזמנים געווען, מיט א גאָטספאָרכטיג־קייט און אן אומעט, און דאָ גאָר הויבט זיך ערשט אָן אין דער צייט דער שול־יאָר און די פרייד. די פרייד פון די קינדער, פאר וועמען די ארבייט הויבט זיך ערשט אָן און די פרייד פון די דער־וואקסענע, פאר וועמען די שווערע זומער'דיגע ארבייט איז שוין אריבער.

— און וואָס ווייס זיין קינד פון דעם, וואָס א אידיש קינד דארף וויסען? אָט איז מאָרגען יום־כפור... און וואָס וועט פון דעם קינד אויסוואקסען? וועט דאָס פיהלען באָטש א קליין בי־סעלע פון דעם, וואָס א אידיש קינד האָט געוואוסט און געפיהלט אין אזוינע טעג ערשט מיט איין דור צוריק? און איז זיין זוהן גאָר א אידיש קינד?

גרינשטיין האָט די דאָזיגע פראגע שוין ניט איינמאָל גע־שטעלט, און שוין פון לאנג געוואוסט דעם ביטערען ענטפער אויף איר. געוואוסט האָט ער, אז זיין קינד איז אים פרעמד און מיט זיין, גרינשטיינ'ס, טויט וועט עפּעס אָפּשטארבען אויף אייביג.

ער האָט שמארקער געפּיפקעט זיין ליולקע.

אינ'ם קילען סוף־טאָג האָט ער דערפיהלט א סקרוך איבער'ן לייב ביים געדאנק, אז דאָס קינד פון זיינע לענדען איז אים א פרעמדס, און אז ער האָט זיך דערמאָנט, אז אים איז שוין באַ־שערט אזוי אָפּצולעבען זיינע יאָרען אויף דער פרעמדער ערד און ארויסנ'ריינגען פון זיך א דור, וועלכער איז אים פרעמד, איז אים נאָך ק'לער געוואָרען אינ'ם אָווענט, און פארביסען האָט ער די אונטערגעשטע ליפּ, ווי ער וואָלט אין זיך א לעבען אויף אייביג איינ־געשלאָסען.

און אז ער האָט ווייטער דערזעהן, ווי זיין זוהן טאנצט עס ארום דעם פייער מיט א פרייד און מיט א זיכערהייט, ווי ער וואָלט ארויסגעקומען פון א שטאם, וועלכער לעבט שוין דאָ פון דערוויי'ל אָנגעהויבען שפרייטען שאָטענס צו מזרח־צו, צו דער צו איז גרינשטיין דערפיהלט א ניט־פארגינערישקייט — און א שנאה.

די בוימער און די שטיינערנע פארקענס ארום פעלד האָבען דורות־לאנג, און וואָלט געווען א טייל פונ'ם ארומיגען, — האָט

בערנעלדינגער גענענד. אויפ'ן בארג־שפּוע האָבען זיך אָנגעהויבען לויכטען ווייסע הייזלאך אינ'ם שקיעה־פלאם. גרינשטיין האָט אויסגעשפּאנט דעם פערד פונ'ם אקער, אריבערגעוואָרפען די פּאַ־סטראמקעס איבער'ן פערד'ס רוקען, און זיך געלאָזט געהן צום טויער פונ'ם פעלד. מאָריס האָט אונטערגעטאנצט הינטער אים. מיט די אויגען האָט ער ארומגענישטערט צווישען די שטיינער, און געזוכט א שלאנגעננעסט. אין די הענט האָט ער געהאלטען אן אויטאָמאטיש צווייננעל, וועלכעס ער פלעגט ווארפען אויף א שלאנגענקאָפּ און עס גלייך אָפּהאקען.

אז זיי זענען ארויסגעגאנגען פונ'ם פעלד אויפ'ן וועג אהיים, האָבען זיי א קוק געגעבען אין מערב־זייט. א געשטאלט האָט זיך אויפגעהויבען פון ארויף יענער זייט בערגעל, פונ'ם טאָל, וואו דאָס הויז איז געשטאנען. די געשטאלט האָט זיך געשווארצט אויפ'ן בלויען הימעל, ווי א גרויסער בוים וואָלט זיך אויסגעריסעוועט אויפ'ן בלאָ.

א ווײַלע איז די געשטאלט געשטאנען קעגען הימעל און גע־שווינען. דערנאָך האָט זיך דער שווארצער בוים אָנגעהויבען באוועגען און זיך דערנעהענטערען צו זיי. איצטער האָט דער ני־דעריגער, ברייטער בוים געהאט שוין א לאנגע, ווייסע באָרד, און איז געווען איינגאנצען באלויכטען פון שקיעה־גלאנצען.

— דער טאטע מוז אודאי געהן דאווענען מנחה אין פעלד, — האָט זיך גרינשטיין א טראכט געטאָן.

און אז זיי האָבען זיך אלע דריי באגעגענט, האָט זיך גרינ־שטיין א ווײַלע אָפּגעשטעלט און ארויפגעלייגט זיין האנט אויפ'ן פערד.

— פאָרען מיר, הייסט עס, טאטע, מאָרגען גאנץ פרי קיין פּ אָ ק י פּ ס י, איבער יום־כפּור.

דער אלטער זעליג האָט אויף דעם גלייך ניט געענטפערט. ער האָט פאמעלעך אומגעפירט זיינע אויגען איבער'ן ארומיגען לאנד, און געטראכט. דערנאָך האָט ער אָנגעהאנגען זיינע בלי־קען אויפ'ן אייניקעל, און באלד נאָכדעם — אויפ'ן זוהן, מיט'ן הארעפּאשנע־צעאקערטען געזיכט און מיט די טונקעלע אויגען, פון וועלכע עס האָט אן אומרוהיגקייט ארויסגעקוקט. עס איז אָבער געווען קענטיג, אז ער זעהט אים ניט.

פאמעליך און מיט ישוב־הדעת האָט ער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ הין און צוריק: — ניין מיין זוהן, איך פאָר ניט. איך וועל שוין בלייבן דאָ.

און מיט עטליכע שעה שפּעטער, איז'ם שווייגענדיגען אָוועגט אויפ'ן לאנד, זענען די דריי געזעסען אויף דער וועראנדע. א טונקעלקייט האָט געשפּראָצט פון די ארומיגע בערגלאך און טאָלען. מען האָט שוין געהאט אויסגעמאָלקען די בהמות. פון דער גראָזיגער פינסטערניש, פון די פעלדער, וואו זיי האָבען זיך איצט געפּאשעט, האָט זיך געלאָזט הערען דער געקלאנג פון זייערע גלעקלאך. דאָס קלינגען האָט אלע ווײַלע איבערגעריסען דעם חלום פונ'ם אָוועגט. און ווידער איז דער אָוועגט אנדרימעלט געוואָרען.

איז'ם הויז, וואָס האָט מיט זיינע פענסטער געלויכטען אין דער בערגיגער געגענד אריין, — אן אויג פון דער נאכט, — איז די שנור געשטאנען איבער דעם קרים־סעפּאראטאר, און אָפּגעטיילט די סמעטענע פון דער מילך.

— פארוואָס, טאטע, ווערסטו ניט פאָרען אין שטאָט אריין אויף יום־כפור?

א שטיק צייט האָבען זיי ביידע געשוויגען. אויפ'ן פארמערישען אופן. געפּיפּקעט די ליולקעס און געווען יעדער פארטראכט אין באזונדערע רעיונות, וועלכע זענען אפשר געווען איינע און דיזעלבע. אומפארשטענדליך און מאָדנע האָט עם גרינשטיינ'ען אויסגעקוקט דעם טאטענ'ס בלייבען אין דער היים אין אזא טאָג.

— איך בין שוין צו־אלט, מיין זוהן, — האָט אים ר' זעליג געענטפערט מיט א פייער'ל־גלי פון דער נאכט ארוים. — שווער איז פאַר מיינע אלטע ביינער די דאָזיגע רייזע אין א וואָגען פאר נאנצע פופצען מייל. נאָט וועט שוין מיר מוחל זיין. איך האָב אים דאָך אזא לאנגע צייט אזוי כשר געדינט. ניש'קשה, ער וועט שוין פארשטעהן מיין געמיט.

און נאָך א ווײַלע שווייגען, האָט ער צוגעגעבען:

— אויסער דעם וויל איך ניט איבערלאָזען די מאמע אליין אין אזא טאָג.

און ביי די ווערטער זענען אלע ווידער אנטשוויגען געוואָרען. די מאמע, ר' זעליג'ס פרוי, איז געווען א לעבעדיגע טויטע,

און ווענען איר האָט מען זעלטען גערעדט. אומהיימליך האָט מען זיך געפּיהלט ביים געדאנק, אז זי איז נאָך צווישען די לעבעדיגע. אין א ווינקעל מח האָט מען די עראַינערונג פון איר פארשטופּט, פּונקט ווי זי גופא איז געווען פארשלאָסען אין א חדר פון׳ם משוגעים־הויז, וועלכעס האָט זיך געפונען אויפ׳ן שדים־בערגעל, לינקס פון׳ם הויפּטוועג.

נאָך אינ׳ם סאמע ערשטען יאָר פון זייער קומען אהערצו אין לאנד, איז זי משוגע געוואָרען. גערירט האָט זי זיך פון מח נאָך דאָרטען. נאָר א פּנים, אז דער שרעק און די גרויל זענען דאָרט אויפ׳ן פּלאץ געווען צו־שטארק, אז מען זאָל זיי קאָנען אקוראט באנרייפען. אָבער זיי זענען פאמעלעך אין איר געוואקסען און צייטיג געוואָרען.

ערשט דאָ, אין דעם רוהיגען בערגיגען געגענד אין ק י נ ג ׳ ס ק א ו נ ט י, ווען זי איז אין איינעם א טאָג אזוי געגאנגען אי־בער׳ן זאמדיגען וועג און האָט זיך געוואונדערט איבער דער שטיל־קייט און זוניגקייט פון דער געגענד ארום, ווי זי וואָלט פארבלאָנ־דזשעט אין א גן־עדן התחתון, האָט זי פּלוצלונג פאר זיך דערזעהן:

אויף א שפּיץ בארג, אין דער ליכטיגער זוניגקייט, זענען אין א ריי אויסגעשטעלט געווען אירע קינדער, — די צוויי זיהן און דריי טעכטער, וועלכע זענען געשאָכטען געוואָרען אין א צייט פון א פּאָגראָם. קעגען דעם בלויען הימעל, פון וועלכען א היציגע ליכ־טינקייט האָט געציטערט, זענען איבער זייערע קלאָרע העלזער ריטשקלאך בלוט גערונען.

און די קינדער זענען געווען אירע קינדער.

האָבען זיך די אויגען אירע דאמאָלס שטארק צעעפענט און מער האָבען זיי זיך ניט פארמאכט. אויף איר גאנצען לעבען איז זי פארבליבען מיט אָפען־זעהענדיגע אויגען, און דאָס איז ניט גוט פאר קיין מענשען. האָט מען זי געמוזט פארשפארען אין א משוגעים־הויז.

איז געבליבען, אז ר׳ זעליג וועט שוין מאָרגען ניט פאָרען, נאָר דאָ האָט זיך מאָרים צוגעשארט און ארויפגעלייגט די האנט אויף דעם איינגערען גרינשטיינ׳ס קני:

— טאטע, אָבער מיך וועסטו דאָך מיטנעמען?

און גרינשטיין האָט אויף אים א קוק געטאָן אין דער פינ־
סטער, און א טראכט געטאָן:

— צו וואָס? צו וואָס געהערט ד ע ר אהין?

נאָר דער אלטער זעליג האָט א שלעפּ געטאָן דעם זוהן ביים
ארבעל און אים אויפ׳ן אויער געזאָגט:

— דו נעם אים מיט. זאָל ער עפּעס זעהן! בעסער אזוי.
זאָל ער דאָ אינגאנצען נים פארפרעמדט ווערען.

און דער זוהן האָט ברוגז׳דיג־קאלט מסכים געווען.

און דעם אינגעל האָט זיך שוין א גאנצע נאכט געפלאָנטערט
אין קאָפּ די שעהנע שטאָט פּ אָ ק י פּ ס י, וואָס ליגט אויף א
בארג ביים ברעג האָדסאָן, און דער הויכער אייזערנער בריק, וואָס
הויערט איבער׳ן טייך, איבער וועלכען זיי דארפען אריבערפאָרען,
און די ליכטיגע ווייס געפארבטע דאמפּערס, וועלכע גלימשען
זיך אויפ׳ן וואסער פון אָ ל ב א נ י קיין נ י ו ־ י אָ ר ק, און
צוריק, אזוי יעדען טאָג דורכ׳ן זומער, ווי זיי וואָלטען געווען
ווייסע חלומות פונ׳ם טייך.

און אין דער פרי איז ער אויפגעשטאנען א ליכטיגער און א
פריידיגער, גרייט צו א גרויסען יום־טוב, און האָט זיך ארומגעוואַ־
שען מיט קאלטען וואסער. אז ער האָט ארויסגעקוקט דורכ׳ן טיר,
האָט ער דערזעהן, אז די וועלט איז א נייע.

דערנאָך זענען זיי עטליכע שטונדען געפאָרען אין דער לייכ־
טער, צוויי־רעדער׳דיגער „באָגי“, צווישען זונ־באגאָסענע פעלדער
און אין רויט־גראָזיגע טאָלען, פארביי ווייסע פארם־הייזלאך און
פעלדער, אויף וועלכע מען האָט די לעצטע היי געקאָסעט אָדער
צוגעגרייט די ערד פאר׳ן זייען דעם ווינטער־ווייץ.

די בלעטער זענען געווען רויט, און בלוי, און שארלאך, און
פונ׳ם קאָליר פון בוריקעס.

און די ארומיגע גוים האָבען זיך געוואונדערט, וואָס עס איז
פאר א יום־טוב ביי דעם אידען, וואָס ער האָט אוועקגעלייגט די
ארבייט אין אזא „ביזי“ צייט. נאָר א איד איז דאָך אלעמאָל א
מאָדנע־פרעמד באשעפעניש, וואָס פאר דעם קאָן מען בלויז דרך־
ארץ האָבען אָדער שטארק האָבען פיינט, און ערשט קיינמאָל אים

ניט ווינסען. האָבען זיי זיך אָפּגעקערט אָן א זייט, אויסגעשפּיגען און ווייטער געארבייט.

און אז הערי גרינשטיין מיט זיין זוהן, מאָריס'ן, האָבען זיך ארום מיטאָג־צייט ארויפגעקאראפּקעט אויפ'ן לעצטען בארג, פון וואנען עס האָט זיך שוין געזעהן די שטאָט פּ אָ ק י פּ ס י, מיט פאבריק־קוימענס און דעכער, וואָס האָבען געגלאנצט אין דער זון, מיט דעם בלוי־גרינעם טייך אונטען ביים בארג־זוים און די טונקעל־פאררויכערטע צוגען, וואָס האָבען פרעליך ארומגעשמייעט, ווי לאנגע, פיל־גלידערדיגע חיות, — האָט מאָריס'ן ארומגענומען אזא פרייד, אז ער האָט אזש אָנגעהויבען צו שרייען און צו טאָפּ־טשען מיט די פים אינ'ם וועגעלע. אויפ'ן בארג־שפּוע, צום טייך־צו האָט זיך אויסגעשפּרייט א נייע וועלט, א יום־טוב'דיגע און א יונג־פריידיגע.

— טאטע — האָט ער אויסגעשריען — זעה!... זעה!... זעה!... ס'ארא מאָדנע גאָלדענע פויגלען!

אויף די פּארקאנעס פון די ערשטע הייזער האָבען געזעסען עט־ליכע „גאָלדענע פּינטשעס", אינגאנצען פון גאָלד, בלויז מיט שווארצע שנעבעלאך און א שווארצען שפּיץ עקעלע. זיי האָבען אָנגעקוקט די וועלט פארווירט, פארבלאָנדזשעטע און זעלטענע פויגלען.

און דער אינגעל האָט געשריען אין גרויסער פרייד.

— זעה טאטע, קוק נאָר אָן, ס'ארא גאָלדענע פויגלען! פויגלען פון גאָלד!

גרינשטיין אָבער האָט אויף אים א זייטיגען טרויעריגען קוק געגעבען און געפּרעגט ביי זיך אין דער שטיל, אויב זיין זוהן דיינקט ניט, אז היינט איז שמחת־תורה.

דער זוהן האָט גאָרנישט געדיינקט. אים איז בלויז געווען פריידיג און זוניג.

לאָמיר דאָ איבערלאָזען דעם זוהן און דעם טאטען אין דער קליינער שול פון דער קאָנגרעגיישאָן „תפוצות ישראל", און זיך אומקערען צום זיידען.

א חלום פון ווייסע פעלדער האָט זיך דורכגעטראָגען אין דער קאַלט־וועדענדיגער לופט.

ביינאַכט האָט מען אין שטוב אונטער די אריבערגעצויגענע קאָלדרעס געציטערט. אינ׳ם פרימאָרגען האָט מען אין דער קיל פון די חדרים גרויליכע פאַרעס געלאָזען רעדלען זיך. און אז מען איז שפּעטער ארויס אין דרויסען, האָט א באַהאָרטע ווייסקייט זיך געשפּרייט אויפ׳ן גראָז.

אויף יענער זייט פון די ווייטליכע ק ע ט ס ק י ל ־ ב ע ר ג האָט דער שניי שוין געוואַרט, א ליכטיג־שמייכלענדיגער.

אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט, דער נאַכט פון יום־כּפּור, האָט דער אַלטער ר׳ זעליג א חלום געהאַט, א חלום פון ווייסע פעלדער.

ער איז געגאַנגען אליין איבער א באַשנייטען פעלד. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען און האָט ניט געזעהן קיין סימן פון קיין בוים, אָדער הויז, אָדער מענשען. ער איז געווען נאָר אליין אויפ׳ן שנייאיגען פעלד. איז ער מיד געוואָרען, און זיך אנידערגעזעצט אויפ׳ן שניי. איז ער נאָך מידער געוואָרען און האָט זיך אנידערגעליינט. און אז ס׳איז שוין געווען אזוי גוט, האָט ער זיך אויסגעצויגען און איינגעשלאָפען, דער שניי האָט אים צוגעדעקט, און אים איז געווען ווארים.

און מיט חדשים שפּעטער איז די זון אויפגעגאַנגען, און עס איז געוואָרען פרילינג, און אז די זון האָט שטאַרקער געוואַרימט, איז דער פּלאַץ, וואו ער איז איינגעשלאָפען, אָפּגעדעקט געוואָרען פונ׳ם שניי, — נאָר ער איז שוין דאָרטען ניט געווען. בלויז צייכענס פון א מענשען האָבען זיך איינגעקריצט אין דער ערד, ווי סמנים פון א פאַר׳מבול׳דיגען בוים.

און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, און עס איז געווען א חלום.

און אז ער איז אויפגעשטאַנען אינ׳ם סוף־נאַכט, האָט אים גלייך א קלאַפּ געטאָן אין קאָפּ, אז דאָס איז זיין לעצטער טאָג.

און וויבאלד אז עס איז זיין לעצטער טאָג, האָט ער קיין סך ניט גערעדט, נאָר ארונטערגעגאַנגען פון בעט, זיך ניט איינגעוואַשען — עס איז דאָך געווען יום־כּפּור — און אינ׳ם שיין פונ׳ם לעמפּעל, וואָס האָט א גאַנצע נאַכט געברענט, האָט ער אָנגעהויבען זאָגען דעם יום תהלים, וואו ער האָט געהאַלטען.

א שטיק צייט האָט ער געזאָגט אזוי געשמאַק, און אז עס

איז געקומען צום פסוק: „אל ההרים אשא עיני, מאין יבוא עזרי...״ האָט ער דורכ׳ן בלייב־ווערענדיגען פענסטער ארויסגעקוקט אין דרויסען, וואו די פרימאָרגען־דעמערונג האָט געגרויט. אין דער ווייטקייט האָט זיך אָנגעהויבען ארויסשיילען די פארנעפּעלטע שפּיצען פון די קעטסקיל־בערג. א ווײַלע האָט ער געטראכט אזוי, און דערנאָך געפרעגט ביי זיך מיט א שטילען אינווייניגסטען קול:

— וואָס וועט זיין מיט מיין זוהן? און וואָס וועט זיין מיט מיין אייניקעל?

נאָר קיין ענטפער האָט ער ניט געקראָגען. האָט ער ווייטער געזאָגט תהלים פאר זייערע נשמות, פאר די נשמות פון די לעבעדיגע.

נאָר אין דער פרי, אז די זון איז אויפגעגאנגען און דער האָ־ריגער ווייסער שטויב איז פונ׳ם נראָז אנטרונען געוואָרען, איז געוואָרען ווארימער, האָט זיך דער אלטער ר׳ זעליג דערפיהלט שטארקער און געזינטער, און האָט נאָר פארגעסען אָן דעם חלום פון דער לעצטער נאכט. פארקערט, ער האָט זיך נאָך אָנגעהויבען פיהלען פריידיג, ווייל ער האָט געטראכט פון דעם באזוך, וואָס ער וועט מאכען זיין פרוי היינט ביי טאָג.

ביים דאָזיגען געדאנק האָט ער זיך אָנגעהויבען פיהלען יום־טוב׳דיג און האָט זיך אָנגעטאָן אין זיינע שענסטע און בעסטע בגדים, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס עס איז געווען יום־כפור, ווייל ער האָט מער ניט געוואָלט טרויערען.

און מיט א זיכערען טראָט און א יונגען גלאנץ אין די אויגען איז ער ארונטער די טרעפּ און זיך געלאָזט געהן צום הויפּט־שאָסעע, וועלכער שניידט דורך דאָס גאנצע לאנד, פון מ ע י ן ביז ס א ן ־ פ ר א נ צ י ס ק א.

אויפ׳ן דאָזינען הויפּט־שאָסעע, וועלכער איז געווען טונקליך־בלישטשענדיג פון דעם בוימאייל, מיט וועלכען ער ווערט פון צייט צו צייט באגאָסען, כדי קיין שטויב זאָל זיך אויף אים ניט אויפ־הויבען, איז ער געגאנגען פאר שטונדען און שטונדען און האָט זיך אלץ געוואונדערט, פארוואָס ער פיהלט זיך ניט מיד. פיל זאכען האָט ער אין דעם טאָג איבערגעטראכט.

געטראכט האָט ער אויך וועגען זיין זוהן, און האָט גאנץ גוט

געפיהלט זיין ביטער הארץ. און ער האט אויך געטראכט וועגן זיין אייניקעל און וועגן זיך, און וועגן זיי אלעמען. און ווען ער האט געטראכט וועגן זיין אייניקעל, איז אים באפאלען א גע־מישט געפיהל פון פרייד מיט שטילען טרויער.

און ער איז ווייטער געגאנגען.

ארום מיטאג־צייט, ווען די זון האט זיך געשטארקט און איז פון איר מזרח׳דיגען ווינקעל ביז הויך אינ׳ם מיטענ־הימעל ארויפ־געקראפקעט, איז ר׳ זעליג אנגעקומען ביז יענעם ארט אינ׳ם הויפט־שאסעע, וואו עס פארנעמט זיך דער וועג לינקס צום משונעים־הויז.

דארט, ארום און ארום דעם ציגעל־הויז, האט ער זיך א שטיק צייט געדרייט און אלץ ארויפגעקוקט צו די ליכטיג־בלאנקענדיגע שויבען, וועלכע זענען געווען אפען אין דעם שטיל־הערבסטיגען טאג אריין.

אויף יענער זייט פון איינעם פון די דאזיגע פענסטער איז אויף א בעט געלעגען זיין ווייב, ביי וועמען די אויגען האבען זיך פריידיג פאנאנדערגעעפענט פון דער רו און שעהנקייט פונ׳ם ארומיגען לאנד, און איר איז אומגלויבליך־גוט געווארען. אין דער אומדערווארטעטער און צר־גרויסער פרייד האט זי א בייזען חלום דערזעהן, האט זי די אויגען שוין מער ניט געקאנט פארמאכען. אפען־דערשראקענע און פאר׳חלומ׳ט־ווייטזעהענדיגע זענען זיי ביי איר געבליבען אויף איר גאנץ לעבען.

ער האט זיך איצט דא ארומגעדרייט, ווי א פויגעל קרייזט זיך ארום א שטיינעל, וואו עס איז פארשפארט די מוטער פון זיינע עופ׳לאך. און דא, אז די מיטאג־זון איז אלץ שטארקער געווארען, האט זיך אים ווידער דערמאנט דער חלום פון דער לעצטער נאכט.

נאר מאדנע — ער האט גאר קיין וועהטאג און קיין טרויער ניט געפיהלט, ווייל ער איז שוין געווען זאט אין יארען און האט פארבראכט זיין עלטער א בארוהיגטער, אין א פרידליכען לאנד, וואו מענשען זענען געבענשט צו שטארבען מיט זייער אייגענעם טויט.

אן אפשיד־בליק האט ער בלויז ארויפגעהאנגען אויפ׳ן ליכ־טיגען פענסטער, וואס האט מיט א גרויליכער לופטיגקייט אויפ׳ן

טאָג ארויסגעקוקט, אין דער שטיל־בלויער לופט האָבען נאָכאנאנד געטרעשטשעט און געקלונגען די „קריקעטס“, וואָס דאָס איז געווען דער געזאַנג פונ׳ם לאנד ארום.

און ר׳ זעליג האָט געבעטען נאָך, אז ער זאָל מוחל זיין זיין פרוי, פארוואָס זי איז ניט אימשטאנד אָפצוהיטען דעם הייליגען טאָג, ווי עס באדארף צו זיין, און זאָל אויך מוחל זיין טאקע אים גופא, ר׳ זעליג בר׳ משה׳ן, פארוואָס ער פיהלט זיך נאָרניט אזוי טרויעריג און ציטערדיג־ערפורכטיג אין דעם דאָזיגען טאָג.

— כ׳האָב שוין געגוג, גאָט — האָט ער גערעדט — געטרויערט און געפייניגט זיך אין מיין לעבען מיט מיין אייגענעם ווילען, אויסער די פילע פייניגונגען, וואָס פרעמדע האָבען מיר פאר־שאפט. און איצט איז אויפגעגאנגען מיין טאָג, א ליכטיגער און א זוניגער, און איך וויל מיר מאכען א יום־טוב. און דער נייער דור, וואָס קומט ארויס פון מיינע און מיין גלייכענ׳ס ליידען, זאָל אויך מאכען א יום־טוב. און לאָמיר פארענדיגען אונזערע טעג אין פרייד און אין זוניגקייט, ווייל מיר האָבען שוין צופיל גע־טרויערט.

אָט אזוי האָט ער גערעדט.

און ער איז ארומגעגאנגען א גאנצען זוניגען טאָג איבער די בערג און טאָלען פון דעם פרעמד־שטילען לאנד און געוואָרפען זיינע בליקען איבער פעלד און וואלד און אויף די איינציגע פאר־מער־הייזלאך, וואָס האָבען זיך דאָ און דאָרט געוויזען פונ׳ם גרינעם ארוים. עס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט באקוקט א לאנד פאר זיינע קינדער, און ער האָט געזעהן, אז עס איז גוט.

און אז די זון איז קיילעכדיג און רויט געוואָרען, ווי א גרוי־סער גאָלדענער טאַץ, האָט זיך אַן אָנגענעמע מידיגקייט אים אָנ־געהויבען שפרייטען איבער אַלע אברים. אויפ׳ן וועג אהיים איז ער אריין אין א פויערשער הייזעל און האָט געבעטען, מען זאָל אים געבען א גלאָז מילך, ווייל ער איז דורשטיג.

און די אומבאקאנטע גוי׳ע האָט דעם אַלטען אידען מיט דער לאנגער שיווער באָרד באגעגענט מיט א גאסטפריינדליכען שמיי־כעל און פארשטאנען די בקשה, וועלכע ר׳ זעליג האָט אין אידיש ארויסגערעדט און אים געגעבען צו טרינקען.

און ר׳ זעליג האָט געדאנק די פרוי, און גאָט.

און ער האָט זיך מתיר געווען צו טרינקען אום יום־כפור, ווייל ער האָט שוין אין זיין לעבען גאָר א סך געפאסט, און אַלע זיינע זינד זענען אים שוין זיכער אין פּאַראוים פארגעבען גע־וואָרען.

מיט׳ן פארנאכט איז ער אָנגעקומען אהיים.

מיט די ערשטע מוצאי־יום־כפור׳דיגע שטערען איז ער ארויס אויפ׳ן הויף און מחדש געווען די לבנה. דערנאָך האָט ער אויפ־געזוכט א דריינגעל און אים אָנגעהויבען אריינקלאַפּען אין דער ערד אריין, אָן אָנהויב פון א סוכה. ער האָט דערפיהלט, ווי א יונגקייט קוואלט אים אויף אין זיין בלוט. איינזאַמע קלעפּ האָ־בען פריידיג אָפּגעהילכט אינ׳ם אָווענט און אינ׳ם לבנה־ליכט.

ווי ער איז אזוי געשטאנען איינגעבויגען און האָט געקלאפּט מיט דער איבערגעקערטער זייט פונ׳ם האק אין דריינגעל אריין, האָט ער זיך מיישב געווען, אז אפשר איז עס גאָר ניט נויטיג.

איז ער ארויף צו זיך אין חדר און א שטיק צייט געשריבען און זיך די איבערגעבליבענע שווערקייט פון הארצען ארונטער־געשריבען.

און אז די קינדער האָבען זיך פארזאמט צו קומען פון שטאָט, איז ער ארונטערגעגאנגען אויף דער ווערענדע און א בארוהיגטער זיך אריינגעזעצט אין א שאָקעל שטול.

און די מידיגקייט האָט זיך אין אים פארשטארקט, און ער איז איינגעשלאָפען.

און אז דער טאטע מיט׳ן זוהן זענען אין שפּעט־נאכט גע־קומען פון זייער יום־טוב׳דיגער נסיעה, האָבען זיי געפונען ר׳ זעליג׳ן שלאָפענדיג אין זיין שטול.

האָבען זיי אים געפרואווט אויפוועקען, ווייל עס איז שוין געווען שפּעט־נאכט און די לופט איז געווען קאלט, און אז זיי האָבען אים ניט געקאָנט אויפוועקען, האָבען זיי געוואוסט, אז ער איז טויט.

האָבען זיי אויסגעבראָכען אין א גרויס געוויין, ווי דער שטיינער איז אין אזוינע פאלען. און האָבען אים ארויפגעטראָגען אין זיין צימער אריין און אים אויסגעשטרעקט אויפ׳ן בעט.

און מען האָט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ, ווייל עס איז דאָ א דין,

אז א פייער דאַרף אַלעמאָל ברענען ביים געלעגער פון א טויטען, האָבען זיי דערזעהן אויפ'ן טיש א שטיק פארשריבען פאפיר, גע־שריבען אין ר' זעליג'ס דראָבנינקע אותיות'לאך, האָט דער פאָ־טער ארייננעקוקט אין דעם און דערזעהן, אז דאָס איז א מין בריף צו מאָרים'ן, נאָר אזוי ווי מאָרים האָט ניט געקאָנט לייענען קיין אידיש, איז געשעהן אָט וואָס:

אין דער שפעט־נאכטיגער שעה איז דער פאָטער געזעסען אויף א שטול צווישען דעם בעט פונ'ם טויטען און דעם אינגעל מאָרים, וועלכער האָט פאר אים צוגעהאלטען דעם לאָמפ. אינ'ם געלבליכען שיין פון דעם לאָמפ האָט גרינשטיין געלייענט דעם בריף, וועלכען זיין פאָטער האָט געשריבען צו זיין זוהן. מיט א טרוקען, גלייך און ווייט קול האָט ער אים געלייענט, ווי א זייטי־גער. פון צייט צו צייט בלויז האָט ער א ציטער געטאָן, ווייל די קעלט האָט זיך געשטארקט אין דרויסען.

אָט איז דער בריף:

„מיין קינד,

א גאנצען טאָג בין איך היינט ארומגעגאנגען איבער פעלד און וועג.

די זון האָט שטארק געשיינט. מיין לעבען איז אויפגעקוואָ־לען אין מיר. נאָר איך האָב געפיהלט, אז דאָס איז מיין לעצטער אויפציטער, אז דאָס איז מיין לעצטער טאָג.

איך וועל אינגיכען שטארבען — אויף א פרעמדען לאנד.

*

מעסערס פלעגען אלעמאָל שניידען מיין הארץ ביים דאָזיגען געדאנק. וואָס איז דער וועהטאָג פון ל ע ב ע ן אויף א פרעמ־דען לאנד אין פארגלייך מיט דעם ש ט א ר ב ע ן אין א פרעמ־דען לאנד? אפילו די לעצטע זוניגע טעג פון מיין לעבען פלעגען איבער דעם פארטונקעלט ווערען.

און אין די פינסטערע נעכט, אליין מיט מיין גערדיכטער שווארצקייט, פלעג איך גאָט בעטען, ער זאָל מיינע ביינער אומ־קערען צו יענעם לאנד, וואו איך, און מיינע עלטערען, און מיינע

עלטערענ׳ס עלטערען זענען געבאָרען געוואָרען, און וואו אונזער לעבען איז שוין איצטער געקומען צו א סוף.

דאָס לאנד, וואָס איז פארבליבען מ י י ן לאנד, אויף אייביג און אייביג, ביז מיין לעצטען טאָג.

*

ווענ, איז מיר גרינג געוואָרען.

נאָר היינטיגען טאָג, געהענדיג אזוי איבער זוניגען שטעג און

איך האָב געזעהן, אז דאָס לאנד, וואו איך און דו וואוינען, א י ז דיין לאנד, ו ו ע ט ו ו ע ר ע ן דיין לאנד.

איך ווייס, מיין קינד, אז דו וואקסט מיר אוים א פרעמדער, און אז מיין שפראך איז ניט דיין שפראך, מיינע מנהגים זענען ניט דיינע מנהגים, מיין אופן לעבען איז ניט דיין אופן לעבען.

איך וועל דיר פארבלייבען פרעמד. אין בעסטען פאל — א מאָדנער, אָרימער, ווייטער קרוב.

דיין פאָטער ווייס עס אויך, דעריבער איז זיין הארץ אזוי בלוטיג און פארוואונדעט, און זיינע אויגען פארטונקעלט, און א שנאה פיהלט ער צו דיין פריידיגקייט.

פארדיינק אים ניט, מיין קינד. ער ווייס, אז ער איז דער לעצטער. ער איז אן עקר און ווי א דאָרען אין דער וויסטעניש, זועלכער ווערט פארוויאנעט אָהן א בלאט און אָהן א פרי. זיין לעבען ווערט איבערגעהאקט אויף אייביג.

*

און איך — איך ווייס עס דאך אויך.. און דאך — איך שטארב שוין איצט א בארוהיגטער, מיט א שטילען הארץ און קלאָרען קאָפּ. און וואָס איז, אז דו וועסט מיר א פרעמדער בליי־בען? און וואָס איז, אז דו וועסט מיין שפראך קיינמאָל ניט וויסען? און וואָס איז, אז מיין גאנצער אמאָליגער לעבען און דאָס לעבען פון מיינס גלייכען וועט דיר אויסקוקען, ווי דאָס לע־בען פון עפּעס א ווייטען, ווילדען שבט? אָבער א לאנד וועסטו דאך האָבען, וואו דו וועסט קאָנען ארבייטען און לעבען רוהיג. און פאר ד י י ן פרוי וועט די פרייד זיין א נאטירליכע און א געוועגליכע זאך, און זי וועט פון דעם ניט משוגע ווערען. און ד י י נ ע זיהן און טעכטער וועלען זיך אין א זוניגען טאָג ניט שווארצען אינ׳ם זומער־בלאָ אויף א בארג.

א, ס׳איז גענוג... א דאנק דיר, גאָט... כ׳האָב דערלעבט א גליקליכע עלטער. רו.

*

מיין קינד,

איך זעה א י ב ע ר די אקסלען פון מיין זוהן, דיין טאטען.

איך ווייס, אז דו וואקסט מיר אויס אַן אנדערער און אַ פרעמדער, און וועסט זיך אויסמישען מיט די ארומיגע.

נאָר האָב איך דען א הארץ צו פארלאנגען, אז דו זאָלסט בלייבען דערזעלבער, וואָס איך, און פיהלען אויף זיך די פייניגונגען און שנאה פון דער גאָרער וועלט?

זאָל שוין זיין גענוג! לאָמיר זיך פרעהען מיט דער פארלייכטערונג פון אונזער לעבען, וואָס מיר קריגען, לאָמיר מאכען א יום־טוב א גרויסען אין אונזערע לעצטע טעג.

און איצט איז מיר שוין גוט. דאָ שטארב איך און דאָ הויבסטו אָן לעבען. אין דיר, דורך דיין וויאנענדיגען פאָטער, בין איך ענדליך אָנגעקומען צו א ברעג.

*

איצט שטארב איך מיר רוהיג אויפ׳ן פרעמדען לאנד. וואָס — דאָ איז דאָך פאָרט ווארימער... דאָ וועל איך דאָך זיין באַגראָבען, —

אויף ד י י ן לאנד.

דיינע אייניקלעך וועלען מיך דאָך ניט אויסגראָבען פון קבר און ווארפען פאר די הינט, מיין קינד?...

א — — — איך בין שוין מיד טראכטענדיג. ה י י נ ט איז מיר דאָך גוט — איך שטארב — איך וועל אויפשטעהן — אויף דיין לאנד.“




פאלטער טאג ליכט.
א. ל.

קאַלטער טאָגליכט:

אויף די פעלדער פון דזשאָרדזשיאַ.
צום כייען תאפען.
מענשען איר גוטע.
פאר אונזערע אָרימע ברידער.

# אויף די פעלדער פון דזשאָרדזשיא

אַ איד איז געגאַנגען ביי דער זייט פון זיין וועגעל אויפ'ן שליאַך וואָס פירט קיין דזשעקסאָנוויל, וואָס אין פלאָרידאַ. דער שליאַך איז געווען אַ זאַמדיגער, האָבען זיך די רעדער אין אים איינגעגראָבען, און דאָס וועגעלע האָט זיך פּאַמעלעך באַוועגט.

איז געווען היים. שפּעט נאָכמיטאָג, און די זון אין פולען ברען. אַ טאָג איז עס אַ ווינטערדיגער, נאָר אויף די ברוינע שטאַמען פון די געלע סאָסנעס פינקעלט זיך אין דער זון דער סאָק, וואָס רינט פון זיי אין דער ווארימקייט ארויס, ווי עס טרעפט ביי־טאָג אין דרום. אַ שאָטען אָבער האָבען די בוימער אויפ'ן וועג ניט געוואָרפען, ווייל די זון איז געווען אין מיטען הימעל. דאָס פערדעל באַוועגט זיינע גלאַנציגע היפטען פּאַוואָליע, און דעם אידענ'ס טראַכטונגען ציהען זיך שווער.

אין פאָראויס ציהט זיך דער זאַמדיגער וועג קיין פלאָרידאַ. אויף אַ שיידוועג שטעהט אַ סלופּ, געפּארבט אין פּאַסען, און אויפ'ן סלופּ איז אָנגעקלאַפּט אַ ברעטעל. אויף דעם זיינען אויסגעמאָלט צוויי הענט פארמאַכטע, מיט'ן טייט־פינגער אָפען אין יעדער ריכטונג. איינע ציינט אָן אין דער ריכטונג, אין וועלכער זיין וועגעל שלעפּט זיך, און די אנדערע אין דער אנטקעגענגעזעצטער, קיין דזשאָרדזשיאַ.

צפון־צו ציהט זיך דזשאָרדזשיאַ, און דערנאָך דרום־קאַראָ־ליינאַ, און דערנאָך צפון־קאַראָליינאַ, מיט די רויזליכע בוימוואָל־פּלאַנצען, ביז מען קומט אָן צו אַ ברייטליכען שיינעם טייך, וואָס איז דער גרעניץ צווישען צפון און דרום, און נאָך אַ קליינעם ווינ־טערדיגען טאָג'ס רייזע פון יענעם טייך, קומט מען אָן קיין ניו יאָרק, וואו דער איד האָט אַ פרוי מיט קינדער.

האָט זיך דעם אידען פּלוצלונג פאַרביינקט נאָך זיי, אין דעם הייסען ביי־טאָג, אליין צווישען די זוניגע זאַמדען. דאָס וועגעל אָנגעלאָדען מיט אַלערליי ארטיקלען, שניט־סחורות און צעלניק, שלעפּט זיך קיין דרום, נאָר זיין מח, אָנגעלאָדען מיט בייגקשאַפט, ציהט זיך נאָך נאָרד. דאָס ווייב זעהט ער זעלטען, בלויז איין מאָל

אין יאָר, אויף פסח, ווען דער פּרילינג איז נאָך אַן אייזינער ראָרטען.

אלץ צוליב פרנסה. נ־נ־נא.

עס ווערט טונקעלער, עס באווייזט זיך א גרויסע קיילעכ־דיגע זון, א קופערנע, און באלד איז זי שוין ניטאָ. דעם פארנאכט אין דער דאָזיגער געגענד באמערקט מען קוים, ווייל איידער דאָס אויג האָט נאָך צייט געהאט זיך אָפּגעוועגען פונ׳ם טאָג, איז עס שוין אָוונט. און אין דער אָווענטיגער טונקעלקייט בלייבען זיך ארויס די פעלדער.

עס איז ווינטער. די תבואות האָט מען שוין לאנג ארונטער־גענומען, נאָר עס גרינט זיך נאָך ערגעץ אַן איבערגעלאָזענער פאס קארטאָפליעס. אויף די איינגעדארטע בוימוואָל־שטעקלאך רויזט זיך נאָך אין דער טונקעלהייט א בוימוואָל־בלום. עס טוליעט זיך וואו אין בלייבען זאמד אַן איבערגעלאָזענע דיניע, אליין אויף נאכטלענער אין פעלד, און עס איז איר אומעטיג.

אָוונט. קיל. ביים זייט וועג ווערען די בוימער געדיכ־טער, און פלויטען בוימערדיגע און טונקעלע הויבען זיך אויף, הוכע פלויטען פון געלע סאָסנעס און רויט־דעמבעס. פון צווישען די בוימער ארויסלייכטענדיג טרעפט מען אָן וואו א פארמער׳ס הויז, מיט א שטאל, א שפייכלער, און קלענערע בנינים פון הינ־טען . די פענסטער זענען ליכטיגע, עס זענען דאָרט אָנגעצונדען לאָמפען, און עס שמעקט אָפּ אין דער טונקעלהייט פון אָוונט מיט היים.

דער איד קוקט פון דרויסען אויף די באלויכטענ־ווארימע פענסטער, וואָס זעהען צווישען די ליידיגע פעלדער אויס ווי ניט אמת׳דיגע. עס שוועבט איבער זיי ווען דער שאָטען פון איינעם פון דעם הויזגעזינט, און די שאָטענדיגע געשטאלטען הינטער די פענסטער פארשטארקען נאָך די אָפּגעווייטערטקייט און די מעשה־ארטיגקייט פון די הייזער. אין אזא קילען אָוונט, — טראכט דער איד, — איז גוט צו זיין מיט דיין הויז־געזינט אין א ווארים באלויכטען שטיבעל.

דאָ דערמאנט ער זיך, אז גראָד הייגט איז חנוכה. אָט זענען דאָ גאנצע משפחות אין די הייזער צווישען די בוימער, און ער איז אלעמאָל אין דער פרעמד, ווייט אוועק פון זיין היים.

העכער טויזענט מיילען ווייט פון דעם זאמד, אויף וועלכען זיין וואַגען סקריפעט איצט, איז דאָ אַ גרויס פיל־פענסטערדיג הויז, און פון אַ צאָל פון די פענסטער לייכטען זיך ארויס די פייערען פון זיין וואוינונג. ער וואָלט דאָך אויך געקאָנט זיין אין אזא אָוענט ביי אַ לאָמפּ־באלויכטענעם טיש.

און אין די אלע הייזער דאָ ארום זענען אלץ הויזגעזינדען, און נישטאָ קיין איינזאמער, אָט ווי ער...

דאָס פערד האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס איז מיד. אַ טונ־קעלערע, גלאנציגערע שטיק נאכט, שטעלט אויף אים אָן גרויסע פייכטע אויגען... „באלעבאָס, בין מיד. דעם גאנצען הייסען נאָכ־מיטאָג האָבען מיר אינ'ם זאמד געשפּאנט. איך און דו".

באטראכט זיך דער איד, אז קיין דירקוויל, וועלען זיי שוין היינט אין אָוונט סיי ווי ניט אָנקומען. דארף מען זיך ערגעץ אָפּשטעלען, און בעטען נאכטלעגער. די חיה וועט זיך אָנקאָר־מענען, ער וועט זיך אויסרוען — און כאור צוריק אין וועג ארייז.

מיט די אויגען זוכט ער צווישען די הייזער ביים וועג, און וויל טרעפען אין וועלכען הויז מען וועט אַ וואָגלער אויפנעמען גאסטפריינדליך, ווייל ער וויל זיך אויף קיינעם ניט ארויפצווינ־גען. פארשטעהט זיך, ער וועט אָפּצאָלען. בלויז איבערצונעכטי־גען, און האָבער פאר'ן פערד. אַ גלאָז טיי אפשר, פאר אים גופא. און אַ וואָרט אַ פריינדליכס ביים לאָמפּ, פאר וואָס קיין זאך איז ניט צו טייער, און עס געדיינקט זיך נאָכדעם לאנג דורך די נעכט.

פון צווישען די רויטע דעמבעם טונקעלט זיך אין אָוונט ארייז אַ הויז, אַ קליינס, פון אַ האלב־קיילעכדיגע שפּאלעם, גע־דעקט מיט שינדלען. אַ פענסטער איז אין ווינקעל־הויז אויס־געבראָכען. קענטיג, אָרימע מענשען וואוינען אין דעם. בעסער אזוי, טראכט ער.

עס ווערט אלץ קילער. שוין שפּעט־אָוונט. דאָס פערדעל שטעלט זיך אָפּ ביים גאניק, נישט ווארטענדיג אויף קיין „האָו־האָו". די ביינער טוען אים וועה, צעבראָכען אין גאנצען, קיין וואונדער נישט. אַ גאנצען טאָג — — — — —

דער איד קלאפּט אָן מיט'ן בייטש אין טיר. שנעל עפענט מען זי, ווי מען וואָלט אויף אים געווארט. אינ'ם חשך דערזעהט

ער צוערשט צוויי שורות ווייסע פערעלדיגע ציין, א פּאָר גלאָצענ־דיגע ווייסלען. ער גיט זיך ניט ווילענדיג אַ רוק צוריק. א נע־גערטע, א פול־לייביגע, אַ שווערע נעגערטע שטעהט אין טיר.

און זי:

— וואָס דאַרפט איר, גוטער מענש?

עס איז שוין צו שפּעט. די ווינטער־נעכט אין דרום, און נאָך צווישען ליידיגע פעלדער, זענען קאַלט. און דאָ הויבט אָן צו בלאָזען אַ פייכטער מזרח־ווינט, פונ׳ם אַטלאַנטישען אָקעאַן. מען דאַרף אזש שטאַרקער אָנרוקען דאָס היטעל. אין הויז, וואָס לויכט זיך הינטער איר, איז וואַרים און ליכטיג, און אַ פרוי איז אויפ׳ן שוועל.

— ער דאַרף, זאָגט ער, אַ נאַכטלעגער פאַר זיך, און אַ נאַכט־לעגער און האָבער פאַר׳ן פערד.

זי זאָגט, און אירע ציינער שמייכלען אין דער טונקעל, ווי שוים אויף אַ פינסטערען וואַסער:

— נישט אויף אייך האָב איך געוואַרט. נאָר קומט אריין — איר וועט זיין אָן אָנגעלעגטער גאַסט. עס איז דאָ אי אַ וואַרי־מער, ווייכער נאַכטלעגער, אי עסען — מער ווי פאַר צוויי.

דער איד שווייגט, מיט אַ ווייטאָגדיגען געמיט. אריינגע־פאַלען צווישען שוואַרצע. נאָר אַ רחמנות אויפ׳ן פערד — עס האָט שוין שוים אויף די ליפען, די אויערען הייגנען אים טרויעריג אראָפּ, ער שפּאַנט אים אויס און פירט אים אונטער׳ן אָפּדאַך. די נעגערטע, אונטערקומענדיג מיט אַ לאַמטערנע אין האַנט, דער־לאַנגט אים אַ בייטעל מיט האָבער. עפּעס רעדט זי צו אים, נאָר ער פאַרשטעהט ניט וואָס, ווייל עטוואָס איז ער צעטומעלט.

מילא.

ער געהט נאָך איר אין הויז אריין. דאָס שטיבעל איז אָרים, בלויז צוויי חדרים. ריין אָבער, אויסגעקערט, די גרויסע טאָפּעל־בעט באַצויגען מיט אַ ווייסען אויבערדעק. אַ טיר פירט אין צוויי־טען צימער, אַ טונקעלען. איבער עפּעס גיט דער איד אַ ציטער: מען קאָן נישט פאַרשטעהן, וואָס עס טוט זיך אונטער אַ נעגערשען געזיכט, און וואָסערע געדאַנקען זענען דאָרטען פאַרבאָרגען, בפרט נאָך אויב אויך די מחשבות זענען טונקעלע. נאָר נאָך ווייניגער קאָן מען פאַרשטעהן, וואָס עס טוט זיך אונטער אַ ווייסענ׳ס געזיכט.

גאָר זי שמייכעלט און רעדט צו אים פריינדליך. א פרייד איז אין איר בראָנזענעם רייב־געפאלדרעוועטען לייב אויסגעגאָסען, א פרייד בייצייטענס, וואָס צו איר איז אין דער דאָזיגער קאלטער נאכט א מאן געקומען. ווייל אין אזא נאכט, און אליין צווישען פעלדער, איז אומעטיג א פרוי אָהן א מאן. דאָס איז דאָס בעסטע, וואָס גאָט האָט איר געקאָנט צושיקען אין אזא נאכט.

אויפ'ן טיש איז אלץ געגרייט, ווי צו א סעודה. אויף א גרויסען פלומעסעק ליגט א ברוינ־איינגעפרעגעלטער אינדיק. זיסע קארטאָפעל, געפרעגעלטע, איינגעזויערטע, מארינירטע. עס בלייכט זיך אינ'ם לאָמפליכט די ווייסליכע שטעקעלאך פון דער סעלערי, אָפגעפרישט מיט וואסער. שיסעלאך מיט ארבעס, פאַ־סאָליעס און אָנגעזאפטען שפארגעל. עטליכע פאַס, און ניס, און טאָרטען לרוב.

דער איד זעהט, אז היינט אָוועגט איז עפעס א חגא, און נאָך א ווייליע אָנשטרענגען דעם מח, דערמאנט ער זיך, אז היינט איז ניטל־נאכט — קריסטמעס, דאָס געבורט פון גאָט'ס זוהן. און כאָטש ער פארברייגנט שוין אזויפיל יאָרען צווישען גוים האָט אים דאָך א געפיהל פון פרעמדקייט באפאלען, וואָס ער פאַר־ברייגנט ניטל־נאכט אונטער א גוי'אישען דאך. גאָר ער האָט עס ניט געלאָזען מערקען אויף זיין פנים. ער האָט געשמייכעלט.

דער טיש איז געגרייט פאר צוויי, ווארט דער איד — ער וויים ניט פארוואָס, נאָר מיט הארץ־ציטערניש — אויפ'ן אָנקומען פון איר מאָן. און אז נאָך א לייגגערע ווייליע, דער מאן אירער איז ניט געקומען, פרעגט זיך ביי איר דער איד, פארוואָס ווייל ער זיך אזוי לאנג, דער מאן אירער, און לאָזט זיין פרוי אליין ווארטען אין דער נאכט.

האָבען זיך דער נעגערטע'ס אויגען אָנגעפילט מיט בלוט, א היץ און א וואָרימקייט האָבען פון איר געשלאָגען, ווי זי וואָלט זיך פאר עפעס א שולד אירער פארשעמט. אירע ווייסלען האָבען זיך אין דער רויטקייט פון אירע אויגען געקאָלערט. זי ענטפערט:

— דער מאַן מיינער ארבייט אויף א נאָהענטער פלאנטאציע. ער איז אנומעלטען אוועקגעגאנגען, און איז נאָך אלץ ניט צוריק־געקומען. זי ווארט אויף אים א גאנצען אָוועגט יעדען אָוועגט. ער וועט שוין נישט קומען.

מיט א ווארימקייט שטראַלט זי אויף אים אויף, און הויבט אים אָן באַדינען מיט אַלערליי מאכלים. נאָר קיין פלייש־זאַכען האָט ער ניט געוואָלט עסען. האָט זי אים דערלאַנגט רויע פרוכ־טען און אָפּגעקאָכט א טעפּעלע קאַווע. ווייל די פרוי, א שווארצע איז זי געווען, און געוואַקסען אין מיטען פעלד, ווי א שווערער בוים, נאָר זי האָט געוואוסט זעהר פיעל פון דעם אידישען גלוי־בען, ווייל נענער האַלטען פון דער ביבעל מער ווי אידען, און ווען זי איז אין שטאָט, געהט זי אין זייער איינגעפאַלענער קירך, ב׳ים עק נענערשען קווארטאַל, און זינגט נאָך אלע קירכען־ניגונים. זי האָט דעם הייליגען רעוורענד א סך מאָל געהערט דערציילען ווע־גען די אידען און זייערע הייליג־פרומע מנהגים.

זי גיט א קול׳יגען לאַך, ווי א דונער:

— אָ, יעס... זי וויים. פאַרוואָס זאָל זי ניט וויסען? אברהם אָבינו, דער אידישער פאָטער, האָט דאָך געהאַט א נעגער־שע פרוי, הגר׳ן, און מיט איר אפילו א קינד געהאַט...

און בלישצעט אויף אים מיט די ווייסלען.

דער איד זאָגט: „יאָ, יאָ, אודאי“, און הויבט זיך אָן פיה־לען היימישער. אין שטוב איז ווארים. דאָס איינציגע וואָרט „אברהם אָבינו“ זשומעט אין די אָוועגטיגע ווינקעלאַך מיט א היימישען קלאַנג, ווי א וואָרט אין דער שבת־פאַרנאַכטיגער לופט. די שווארצע לייגט אַלץ צו שייטלעך האָלץ אויפ׳ן קאַמין. און קוקענדיג אויף איר ביים שיין פון פייער דוכט זיך אים, די נאַכט אליין איז אין שטיבעל אריין זיך אָנוואַרימען.

אין דרויסען פאַרשטאַרקט זיך דער ווינט. מען זעהט דורכ׳ן פענסטער, ווי וואָלקענס יאָגען, גרויסע אַזוינע, און טונקעלע. מען זעהט בלויז די זוימען, וועלכע זענען ליכטיגער. און דער גערוּאַנק, אז איר מאַן איז פאַרוואָרפען ערגעץ אין דער פרעמד, ווייט פון דער היים, אָט אזוי ווי ער פון זיין ווייב, מאַכט דעם אידען נאָך נעהענטער צו איר.

זי ווערט צו אים צוגעלאָזען, זי דערציילט אים וועגען זיך. אָט די פעלדער, וואָס ציהען זיך הינטער׳ן הויז, באַוואַקסען מיט בוימוואָל־פלאַנצען, געהערען עס איר. און אויך פּאַסען קאַרטאָפּ־ליעס. מען האָט זיי שוין אַרונטערגענומען. און א טייל וואַלד —

ער זעהט דאָרטען די הוילע אָפּגעשיילטע בוימער, וואָס זענען ווי טויט? אָט דאָס זענען בלעק־גאָם בוימער — גוט פאר האָלץ.

זי געהט אויף א ווײַלע ארויס און דער איד בלייבט אליין.

עס ווערט אים אי ווארים, אי ענג ארום האלז, און דאָס הארץ קלאפּט אים שנעלער. עס פאלט אים איין, אז ער זאָל איינשפּאַנען זיין פערד און וואָגען, און זיך לאָזען פאָרען אין וועג אריין. נאָר אז ער האלט זיך אין אויפשטעלען, עפענט זיך די טיר און דער ווינט בלאָזט זי אריין. א גרויסע, א גופ׳יגע, א שווערע, א שטיק ערד איז פון פעלד ארויסגעריסען געוואָרען און אין שטיבעל פון דער נאכט אריינגעוואָרפען געוואָרען. אין דער האנט האלט זי אן אומגעוויינליך גרויסען וואָטער־מעלאָן.

— אויף די אייגענע פעלדער געוואקסען, גיט זי א בלישטש־ ארויס מיט אירע ווייסע ציינער. ווען עס ווערט קילער, פארלייגט איך זיי טיף אין היי, און היט זיי אָפּ, און ווארים זיי. האָט מען פרישע צייטיגע מעלאָנס אין סאמע ווינטער, אויף קריסטמעס אווענט.

זי צעשניידדט דעם מעלאָן אין צוויי גרויסע העלפט, און לייגט זיי אויף א פאלומעסעק ארויף אויפ׳ן טיש.

דער איד אָבער רירט זיך אָן דעם ניט אָן. נאָר עפּעס שעפּ־ טשעט ער צו זיך אין דער שטיל, ווי ער וואָלט א גדר, א מחיצה פון היילינע ווערטער ארום זיך אויפשטעלען, אן אומגעזעהענעם פלויט. און דאָ דערזעהט די שווארצע, אז די אויגען פאלען אים צו. ער איז מיד. ער איז שלעפעריג. ער פרעגט ביי איר, וואו קען ער, אן ערך, דעם קאָפּ צושפּארען? —

קוקט זי אויף אים מיט אירע גרויסע ווייסע אויגען, און שמייכעלט עטוואָס פארלעגען. צוערשט גיט זי א קוק אויפ׳ן גרויסען ווייסען טאָפּעלבעט, דערנאָכדעם אויף אים. נאָר אז זי גיט א קוק אויף אים, זעהט זי: זיין פנים איז פארכמורעט. זיינע אויגען זענען געווענדט אין דער ריכטונג צום טונקעלען צימער.

— מסתמא, אָגט ער, וועט זיך שוין דאָרטען געפינען א פלאַץ פאר מיר? —

נעמט זי אומעטיג ארונטער דעם לאָמפּ פון טיש, געהט אריין

אין צווייטען חדר. פאַרעט זיך דאַרטען אַ ווײַלע און קומט אַריין צוריק:

— דאָס געלעגער איז פאַרטיג, איד. איר קאָנט זיך געהן לייגען שלאָפען, אויב איר זייט מיד.

דער איד, מיט זיינע אויגען צו דער ערד געווענדט, געהט אַריין אין טונקעלען חדר.

בלייבט זי איבער אליין ביים טיש.

מיט גרויסע אויגען, באַגאַסענע, קוקט זי אוליפ׳ן צעשניטע־נעם, אומבאַרירטען וואַטערמעלאָן, ווי אַ גרוים האַרץ אַ צעשני־טענס און אַן אויפגעעפענטס. דאָס רויטע זאַפטיגע בלוט גיסט זיך פון דעם און בליצט אין דעם ליכט: נאַ, זעה...

און אַז אינ׳ם טונקעלען צימער דאַרטען איז שטיל, מאַכט זי אויך טונקעל דאָ. זאָל אַלץ אויפ׳ן טיש בלייבען נישט אויפ־געגעסען, גיט זי זיך אַ רים ביים לייב! און לייגט זיך שלאָפען.

די ווינטען אין דרויסען האָבען זיך איינגעלייגט און אַנט־שלאָפען געוואָרען אין די ווייטע פעלדער. די נאַכט־שטילקייט טראָגט זיך אין שטיבעל אַריין. און אין דער שטילער טונקעל־הייט, וואָס אינ׳ם שטיבעל וואַרפט זיך די גרויסלייביגע פרוי, קייקעלט זיך און קאַטשעט זיך אויפ׳ן ברייטען בעט, פון שטאַרקע אומבאַפרידיגטע פאַרלאַנגען, און קרעכצט אין דער שטיל.

„וואָס־זשע איז ער דאָס פאַר אַ מענש... גאָר קיין מענש ניט. אָדער פיליכט עקעלט עס אים פון מיין שוואַרץ לייב. וואָס הייסט, אַ מאַנסביל געפינט זיך אונטער איין דאַך מיט מיר, און ער זאָל נישט וועלען פיהלען איר נאָהענטקייט האַרט לעבען זיך. וואָלט איינער פון אירע ברידער צו איר אַליין אין דער נאַכט גע־קומען, וואָלט ער שוין אַזוי אין צימער ניט אוועקגעאַנגען נעכטי־גען. נישט אַנדערש גאָר, ער איז אַ פרומער איד, אַ הייליגער.״

אַרום איר וויקעלט זיך אַ שווערער לייביגער ריח, ווי אַ שטיק צעבראַניעט שוואַרצע ערד, צעוואַרימט אין דער פרילינג זון, לאָזט אַרויס פון זיך וואַרימע פאַרעס. אַ צעהיצטע און שווער געפאַל־דעוועטע קייקעלט זי זיך פון הייסע באַגערען אויפ׳ן ווייסען בעט, אירע גרויסע ווייסלען קרייזען זיך אַרום די אויגען, אַליין אין דער נאַכט, און בעט עפעס אין דער טונקעלהייט. —

גאָט מיינער, עס איז מיר שווער אַליין. מיין מאַן איז שוין

לאנג אוועקגעאנגען צו דיר, און וועט שוין קיינמאל מער צוריק־קומען. כ׳האב א גאנצען אווענט געווארט אויף א מאן. אליין אין א ווינטערדיגער נאכט צווישען פעלדער. און עס איז נאך יום־טוב. איז געקומען דער איד. איז ער גאר קיין מענש ניט? איז ער א הייליגער? גאט!

און א צעהיצטקייט שלאגט אפ פון איר, א ווארימער וואל־קען, און די בלוטען אין איר שטראמען אזוי העפטיג, ווי וואַ־סערען, וואס גיבען זיך א שפאר ארויס אין פרילינג. און יעדער אדער אין איר איז וואך, ווי א סאווע ביינאכט, און זי הערט זיך איין טאמער פארנעמט זי א שארך, א שארך, וואס זאל איר אין דער טונקעלהייט פון נאכט און צימער א בשורה אנזאגען — — —

ווי גוט עס איז, פיהלט זי, אין אזא קאלטער טונקעלהייט די ווארימקייט פון א מענשען אין זיך אריינגעמען. און א קינד פילייכט פון דעם הייליגען האבען. איז עס דאך ניטל־נאכט. קריסטמעס־נאכט. א קינד, א הייליגס, וועט דיר געבוירען ווערען.

עס איז נאך אלץ נאכט און טונקעל. די נאכט־שטילקייט באהעפט זיך מיט זיך זעלבסט, און ווערט אנגעשטרענגטער און שטייפער. אין דעם חדר וואו דער איד שלאפט איז שטיל. עס דערטראגט זיך צו זיינע נאזלעכער דער שארפער, רייצענדיגער ריח, די כוואליע ווארימקייט, וואס שלאגט פון וויטען חדר ארויס. ער ליגט שטיל, כדי זי זאל דיינקען, אז ער איז שווער איינגעשלאפען. אבער ער הערט אירע שווערע אומרוהיגע באוועג־ונגען. עס שטיקט אים אין האלז, נאר ער וויל נישט א הוסט טאן. די שלייפען קלאפען ווי מיט האמערס. ער דערמאנט זיך אן זיינע געדאנקען וועגען דער היים, פון תחילת־אווענט. עס ציטערט אים, נאר ער ווייס, אז ער וועט שוין פון דאנען ניט אוועקפארען אזא, ווי ער איז געקומען.

אט הויבט ער זיך אויף פון בעט, א ברענענדיגער, מיט א קלאפענדיגען הארץ. ער שטעלט אנידער א פוס אויף דער פאר־לאגע. אין צווייטען חדר איז שטיל. ווארפט ער אריין זיין פוס צוריק אין בעט און טוליעט צו דעם הייסען קאפ צו דער שויב.

ווי ער קוקט אזוי אין פענסטער, וואס־זשע זעהט ער דארט, אויב ניט זיין פרוי, א רויז־לייביגע אזא און אן ערעלע, און קוקט

אויף אים מיט אירע שטילע אויגען, און טאַנצט אַזוי אַרום צווי־שען די בוימוואָל־שטעקעלאַך, אָט דאָ, און אָט דאָרטען, ווי אַ טאַנצענדיגע בוימוואָל־בלום. אין אַזאַ קאַלטער נאַכט, זי אַליין אין טונקעלען פעלד אויף יענער זייט שויב, און ער אַליין אין טונ־קעלען חדר אויף דער זייט שויב.

און ווידער פאַרנעמט ער די וואַרימע באַוועגונגען פון דער נעגערטע׳ס צימער. אָבער אָט, מיטאַמאָל, דערהערט ער אַזאַ שטאַרק דערמאַנענדיג הירזשען — — — דאָס איז זיין פערד. זיין פערד! און די רויז־לייביגע פרוי־בוימוואָלשטעקעלע טאַנצט אַרום אין דער בלויקייט, און אַנטפּלעקט איר ווייסקייט, און חנ׳דעלט זיך. און ער גיט זיך אַ ריס פון בעט און גלייך אין דרוי־סען אַרויס — — —

אַ מידע און אַ דערשעפּטע פון אומפּרוכטבאַרער אויפרעגונג איז די נעגערטע אין צווייטען חדר איינגעשלאָפען, מיט אַ שטילען האָפנונגספולען געדאַנק, ווי אַ חלום, אויף אירע גראָבע ליפּען:

— פאַרטאָג, גאָר אין פריהען מאָרגען, וועט זי אויפשטעהן, זיך אַריינ׳גנב׳ענען צו אים אין צימער. ביי אים אויפ׳ן געלעגער זיך אנידערזעצען און אים בעטען: זאָל ער צו איר גוט זיין! זי וועט שוין וויסען ווי אים דערפאַר צו באַלוינען.

אַזוי איז זי איינגעשלאָפען. איר גראָבע אונטערשטע ליפּ אַרונטערהענגענדיג, דאָס מויל אָפען, די גרויסע ציין ווייסען זיך אין דער פינסטער מיט אַ שמייכעל פון דעם גרויסען פאַרשטע־הענדיגען בליק.

— אַ קינד וועט זי מיט דעם פרומען מענשען האָבען. און דאָס קינד וועט נישט זיין אַזוי טונקעל, ווי זי, טונקעל ווי די נאַכט, נאָר ליכטיגלאַך, ווי דער בין־השמשות — — — מאָרגען פריה.

און מאָרגען אין דער פרי האָט זי דער קאַלטער פרימאָרגען טאַקע געפונען אויף דעם ליידיגען בעט אין צווייטען צימער. זי האָט זיך אַליין געקאַטשעט אויף אים מיט איר שווערען גוף, גע־קרעכצט און געסאַפּעט ווי אַ בופעל־אָקס, געריסען די טיכלאַך פון די קישענס, געקושט די ליילעכער און דאָס בעטגעוואַנט. און דערנאָכדעם האָט אין דער קאַלטער פרימאָרגענדעמערונג אויס־געבראָכען איר רעווענדיג געוויין איבער׳ן ליידיגען בעט.

## צום נייען האפען.

פארטאָג פלעגט עס פאָרקומען, יעדען פארטאָג. עס איז אזוי לאנג פאָרגעקומען און אזוי פינקטליך צו דער צייט, ביז וואנען ער האָט שוין זעלבסט אָנגעהויבען ווארטען אויף דעם מיט דער גרעסטער אומגעדולד, מיט ציטערדיגער האָפנונג און אומדערקלערבארען שרעק.

וואָס האָט עס געזאָלט באדייטען?

ווייל געווען איז ער דאָך מער ניט, ווי א סטאָליער, מענדעל סטאָליער, נאָך פון דער היים ארויס. דאָ, אין אמעריקא, איז ער אויך באקאנט געווען מיט'ן נאָמען „מענדל דער קארפענטער". ער האָט זיך אָפגעארבייט זיינע טעג און יאָרען ביין זיין מלאכה, כשר און ערליך פארדינט זיינע פאָר גראָשען. איצט האָט ער אויף די הענט זיינע שוין מער קיין מאזאָליעס ניט געהאט, נאָר בערגלאָך אזעלכע און אָנוואוקסען, ברוינע און געלבליכע אָנוואוקסען פון פארהארטעוועטען ווילד־פלייש, ווי אויף פערד'ס קאָפיטעס, באַצוינען מיט דיקער הויט, ווי קאָרע, און דער קאָפּ זיינער, דער מארך, כאָטש ער איז ניט געווען אזוי דיק־פארהארטעוועט, ווי די הויט אויף זיינע הענט, איז אָבער אויך ניט געווען פון א צו־איידעלען שטאָף און האָט זיך מיט קיין סך פאלדען און קנייטשען ניט אויסגעצייכענט.

פלעגט אין דער פרי דער מארך זייגער האלטען אין איין טראַכטען פאר א גאנצער שעה פאָראויס, אז ס'איז שוין באלד פינף מינוט צו זיבען, און ער קאָן נאָך פארשפעטיגען זיין עקספרעס־צוג דאון־טאון. ביימאָג פלעגט ער טראכטען, וואָס איז בעסער און בילינגער צו עסען פאר „לאָנטש", אזוי, אז עס זאָל ניט קאָסטען קיין סך און זאָל אויך אנטהאלטען אין זיך אלע נויטיגע שפייז־אינגרעדיענטען. פאר'ן שלאָף פלעגט ער אָנשטעלען דעם וועק־זייגער אויף דער ריכטיגער צייט און אנטשלאָפען ווערען נאָך איידער ער האָט באוויזען זיך גוט צוצודעקען מיט זיין קאָלדרע.

פארגעהט אזוי א טאָג.

און אין די צווישען־צייטען פלעגט ער, מער פון אלץ, ארביי־

טען. דערנאָך עסען, טרינקען טיי, לייענען א ציימונג, גען אויף מיטינגען, אמאָל צו א בענעפיט־טעאטער־פאָרשטעלונג — און גאָר־ניט. ער איז געווען צופרידען מיט זיין פלאַץ, מיט זיין לעבען, מיט דער וועלט.

און די וועלט — די וועלט האָט ניט געוואוסט, אז ער איז דאָ אויף דער וועלט.

און איצטער — — — —

פארטאָג פלעגט עס פאָרקומען, יעדען פארטאָג. שוין א היבש שטיקעל צייט אזוי. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט עס אין אים געוואקסען, אן אומרוהיגקייט, אויף צו־להכעיס אזא אַנגענעמע, כאָטש זי האָט דאָך אים א שטיק פון נאכט שלאָפען ניט געלאָזט. און גאָר אין שפעט־נאכט, ארום דער דריטער אשמורה, פלעגט זיך די רוהיגקייט אין אים פאנאנדערוואקסען, פאנאנדערשפרייטען, אים איננאנצען אָנפילען, ארומכאפען, ווי מיט א נעפילדיגער איינ־וויקלאכץ — און ער פלעגט אויפשטעהן.

ער פלעגט מוזען אויפשטעהן. ער האָט זיך דאָך שוין מער ווי איינמאָל איינגעשפארט, זיך אריבערגעצווינגען די קאָלדרע איבער'ן קאָפּ, געמאכט אלע אָנשטרייגונגען איינצושלאָפען, זיך פארשטאָפּט די אויערען צום רוף — נאָר אומזיסט. עס האָט גערופען. עס האָט געזונגען אין דער נאכט.

א ווילענלאָזער, ווי א נאכטוואנדלער, פלעגט ער פון בעט ארויסקריכען און צונעצויגען ווערען צום פענסטער. ביים פענסטער פלעגט ער צוקלעפּען זיין פנים צום שויב און מיט ברייט־פאנאנ־דערגעעפענטע, בלינד־זעהענדיגע אויגען ארויסקוקען אין דער נאכט אריין.

ס'איז נאכט, געדיכט־בלוי, קוים וואָס מען זעהט דעם הימעל ארויס. אינ'ם הימעל — אין איין נאכט א קיילעכדיגע, גאָלדענע מטבעה, און אין אן אנדער נאכט — א פענעציל פון אן אָראנזש. און שטיל אזוי. ער הערט, ווי ס'זינגט.

דער געזאנג דער ווייטער האָט אזוי שטארק געצויגען, אז ער פלעגט דארפען מאכען א גרויסע אָנשטרענגונג, ער זאָל ניט נעמען און ארויסשפאנען גלייך דורכ'ן פענסטער.

און ער האָט געוואוינט אויפ'ן פּינפּטען עטאזש.

ניט אנדערש, ווי דינע אומגעזעהענע גאָלדענע אָדער זילבערנע שטריק זענען פון ערגיץ פארוואָרפען געוואָרען אויף אים, און האָבען אים געצויגען אהין, פון וואנען זיי זענען פארוואָרפען געוואָרען, אומגעזעהענע, גאָלדענע אָדער זילבערנע.

און אז עטליכע נעכט זענען אזוי פארלאָפען, איז אים אינגיכען שטום אזוי קלאָר געוואָרען, אז דער פּלאץ, וואוהין עס ציהט אים, איז ניט קיין אומבאקאנטער. ע ר א י ז ש ו י ן ד א ר ט ע ן א מ א ל ג ע ו ו ע ן. עס האָט אים בלויז אהין צ ו ר י ק ג ע צ ו י ג ע ן.

און אין נאָך א פּאָר נעכט ארום האָט ער שוין געוואוסט די ריכטונג פונ'ם וועג, אין וועלכער עס ציהט איהם. זיינע אויגען האָבען זיך שוין דאן אומאָפּהאלטליך געפּלאָנטערט איג'ם געפלעכט פון פייער און מאסטען־סילועטען אויפ'ן וואסער, — אויפ'ן וואסער, וואָס האָט אין דער טונקעלהייט געשימערירט אויפ'ן ווייטען זוים פון דרויסען.

דאָס וואסער איז געוועזן דער ל אָ נ ג א י י ל א נ ד ס א ו נ ד. א טונקעלער, אומהיימליכער פּאס שווארצקייט, דאָ און דאָרט אויפשימערנדיג מיט גאָלדענע שופּען, ווי מיט האלבע אייער־שאָלעכצען. און שיפען האָבען דאָרטען געשוואומען, שיפען מיט קליינע, לויכטענדיגע פענסטער. זיי האָבען אזוי אומהיימליך געוואלטיג געריסען דאָס הארץ מיט זייער רוף. שיפען פונ'ם ניי־דערינגען ניו יאָרק בעי, וועלכע האָבען מיט טויזענטער פענסטער־לאך געפינטעלט אין דער נאכט אריין און פארשוואונדען מיט'ן וואסער ארויפ־צו, אויפ'ן וועג קיין נ י י ־ ע נ ג ל א נ ד.

ביי טאָג, ביי דער ארבייט, פלעגט ער ארומגעהן מיט אינ־זיך פארזונקענע אויגען. אן אומהיימליכע דערוויטערטקייט האָט מענדלען איינגאנצען ארומגעכאפּט. ער האָט אָנגעהויבען אויסצו־ווייכען קוקען מענשען גלייך אין די אויגען אריין, ווייל ער האָט געוואוסט, אז ער באהאלט וואָס פון זיי. ער האָט זיך מורא גע־האט צו דערציילען עס א זייטיגען און האָט זיך אויך געשראָקען, טאָמער וועט עס אימיצער פון זיינע אויגען סיי־ווי ארויסלייענען.

יעדע נאכט. יעדע נאכט. ווי ער האָט זיך נאָר שלאָפען גע־לייגט, פלעגט אים א חיה'דיגער שרעק ארומנעמען און א האָפנונג,

אז היינטיגע נאכט וועט עס ניט פאסירען. און באלד דארויף פלעגט ער מיט א נאָגענדיגען ציטער דערשפירען, אז אין די טיפ־סטע ווינקעלאך פון זיין נשמה וויל ער, אז עס זאָל יאָ פאסירען. אן אומרוהיגער, א זיך־שלאָגענדיגער מיט דער דעה, א שרעקעדיי־גער, ניט־פארשטעהענדיגער, פלעגט ער פארמאטערטערהייט איינ־שלאָפען.

און פארטאָג, ארום דער דריטער אשמורת, פלעגט עס אים א ברי טאָן, ארויסרייסען פון בעט און צושלעפען צום פענסטער. די שיפען, וואָס זיינען ארויף דעם לאָנג איילאנד סאונד געשוואומען, האָבען פאר אים א פייערדיגען וועג גע־צייכענט, א פארטאָגיגען שליאך, אויף וועלכען עס האָט אים מיט אומאָפּהאלטבארע כחות געצויגען. ער האָט זיך אפילו איינמאָל דערזעהן געהענדיג אזוי איבער'ן וואסער, א נאקעטער, אין דער נאכט.

ווער ציגדט עס אים אָן און ברענט אים פאנאנדער יעדען פארטאָג?

ביז וואנען ער האָט אין איין נאכט מער ניט געקאָנט אויס־האלטען. א האלב־אָנגעטונענער איז ער אין דרויסען ארויס־געלאָפען.

גיך־גיך איז ער אין דער ריכטונג צום וואסער געגאנגען, אזוי אז די שטריק, וואָס האָט זיך פון זיין חדר צום ברעג געצויגען, איז וואָס אמאָל קירצער געוואָרען. ער איז דורכגעגאנגען דורך פאר־שלאָפענע, אָפּגעליידיגטע גאסען, צווישען אויסגעלאָשענע מויערען־קאסטענס. ער איז באלד געווען ביים קליינעם, זייטיגען האפען, אויף דער הונדערט עטליכע דרייסיגסטער גאס, און איז געבליבען דאָרט שטעהן א שטילער אוןווארטענדיגער, און זיך געוואונדערט, צו וואָס ער איז געקומען אהער.

דער קליינער פארלעגענער פיער איז געווען במעט פוסט. אמאָל פלעגען פון דעמזעלבינען פיער אָפּגעהן שיפען צו א ווייט־ליכען אינזעל אין דעם סטייטען־איילאנד ים־דורכגאנג. נאָר איצ־טער האָבען די שיפען אויפגעהערט צו קורסירען. א פּאָר מאָל דורכ'ן טאָג בלויז פלעגען אָפּגעהן קליינע, פארלאָשענע און ברוי־פענדיגע מאָטאָר־שיפלאך צום שפיטאל, וואָס האָט זיך געפונען אויפ'ן נאָהענטען ברעג אויף יענער זייט וואסער.

און אלטער פארשלאָפענער מאטראָז האָט זיך געפּאָרעט ארום דער קלאדקע און געבריאזגעט מיט די קייטען. גרויסע קאסטענס סחורה זענען געווען אנגעוואָרפען ארום און ארום. ס'איז געווען קאלט, פארטאָגליך, רויה.

פון יענער זייט פּיער האָט געבלאָזען א דורכנעמענדיגער, געזאלצען וואסערדיגער ווינט. און דורך דער פּיער־עפענונג צום וואסער־צו האָט זיך געזעהן א גרויסע, בייכיגע שיף שטעהן, מיט געלע, אומעטיג־לויכטענדיגע פענסטער, א גרויסע אויפ'ן־וואסער טרומנע. א קילע, א פארגליווערטע. אפילו קיין קנוילען פארע האָט זי פון זיך ניט ארויסגעלאָזען. אן אויסגעטראכטע, ניט־היגע שיף.

— וואוהין געהט די שיף? — האָט מענדעל, אין א געאייל־טער שטים, ווי אן אנטלויפענדיגער גנב, געפרעגט דעם אלטען, עובר־בטל'דיגען מאטראָז, וועלכער האָט זיך א שאָטענדיגער און איינגעבויגענער ארומגעדרייט איבער'ן אָפּגעלעגענעם פּיער אין דעם קאלטען פרימאָרגען.

— קיין נ י ו ־ ה י י ו ו ע ן — האָט זיך א טרוקענער, אויס־געהוילטער ענטפער דערהערט. דער מאטראָז האָט זיך אפילו אויף אים ניט אומגעקוקט. זיין פּנים איז געווען געבויגט צו דער ערד, פארטיפט אין זיין שליחות.

— קיין ניו־הייווען — האָט מענדעל איבערגע'חזר'ט אין דער שטיל. אים איז געוואָרען קיל פונ'ם ענטפער און א סקרוך איז אים א דורך איבער'ן לייב. ער האָט געהאט דאָס געפיהל, אז ד אָ ס א י ז ע ס. אויף דעם האָט ער עס געווארט זיין גאנץ לעבען, און איצטער דארף ער שוין ווערען רוהיגער.

ער האָט זיך געלאָזט געהן צום בילעטען־פענסטערל.

נאָר באלד האָט ער זיך א כאפּ געטאָן צוריק. וואָס איז ער, משוגע געוואָרען, צי וואָס? צוליב וואָס וועט ער דאָס פאָרען אין אן אומבאקאנטער שטאָט, אין דער שטאָט ניו־הייווען, אין וועלכער ער איז אין זיין לעבען ניט געווען? וועמען קען ער דאָרט און וועמען ווייס ער דאָרט? און וואָס וועט ער דאָרט טאָן?

ער האָט דריי מאָל אויסגעשפּיגען און זיך שנעל, אנטלויפענ־דיג, געלאָזט געהן צום ארויסגאנג, ווי אייגער, וואָס כאפּט זיך

אויף פון א שרעקליכען חלום און א באנאסענער מיט שוויים, שמייכעלט ער, וואס עס איז מער ניט געווען א חלום.

און די שטילע שיף איז דארט די גאנצע צייט געשטאנען, און געפייערט מיט אלע אירע קיל־רויטע פענסטערלאך אין דער נאכט אריין, און רוהיג געווארט.

און ווי ער האט געהאלטען ביים ארויסנעהן, דערזעהט ער, ווי אויף דער ערד ליגט א פעקעל מארגען־צייטונגען, פרישע, נאך שמעקעדיגע מיט דרוק און פארב. פריער, ווען ער איז אריינגעקר־מען, זענען זיי דארטען ניט געווען. איצטער איז אויך קיינער ניט געשטאנען לעבען זיי. א מאן האט זיי געמוזט ברייגען און אוועק־געליינט, זיי זאלען זיך אליין פארקויפען.

א שטיין איז געלעגען אויפ׳ן פעקעל.

און ער נעמט ארויס א „ווארלד" און הויבט אן אויטאמאטיש צו לייענען די „וואנטס" — דאס איינציגע, וואס עס איז אים אמאל אויסגעקומען צו לייענען אין דער צייטונג — אז א גרויסע ארבייטס־ביורא זוכט ארבייטער — סטאליארעס, וועלכע זאלען פארען קיין נ י ו ־ ה י י ו ע ן ארבייטען. היגיענישע אר־בייטס־באדינגונגען, הויכער געהאלט און לייכטע ארביים. רייזע־קאסטען באצאלט.

האט עס אים א לויכט געגעבען אין קאפ. אט, האט ער דאך אן אויסרייד פאר זיך, צוליב וואס צו פארען אהין, וואוהין עס ציהט אים אזוי שטארק. און אפשר איז דאס ניט קיין אויסרייד — אט דאס איז עס טאקע. אט דאס האט עס אים די גאנצע צייט גע־צוינגען אין דער אומבאקאנטער שטאט, זיין גליק, זיין פארשפע־טיגטע גליק נעהט ענדליך אויף.

קיין מינוט מער ניט פארלירענדיג, איז ער ווידער צוגעגאנגען צום בילעטען־פענסטערל.

— א בילעט קיין נ י ו ־ ה י י ו ע ן.

נאר דארט איז קיינער ניטא — ליכטיג און פוסט. און אין א ווייל׳ע ארום, אז ער שטעהט אזוי און ווארט, עפענט זיך דארט, אינ׳ם קעמערל, אויף אן אינווייניגסטע טיר, און עס קומט אריין, ווי פון א וואנט ארויס, דער איינגעבויגענער, עובר־בטל׳דיגער מאטראז, דאס איינציגע לעבעדיגע באשעפעניש, אויסער מענדלען,

וואס האט זיך דא ארומגעדרייט אויפ'ן פיער. ער פארקויפט אים א בילעט שוויינענדיג, ניט אויפהויבענדיג אפילו דעם קאפ, כדי א קוק צו טאן אויף אים.

און אין דרויסען, אויפ'ן קאלטען, פליעסקענדיגען וואסער, האט געווארט אויף אים די שיף, א שטילע, א שוויינענדיגע, א רו־הינע און זיכערע. און געלויכטען האט זי אין דער סוף־נאכטיגער לופט אריין מיט אירע הונדערטער רויטע אויגען.

און שפעטער איז מענדעל סטאליער געזעסען אין א ווינקעל פון שיף, אן אומגעדולדיגער, מיט א פריידיגער אומרו אין הארצען. זיין פאנטאזיע איז פארלאפען פאראויס, אין דער אומבאקאנטער ווייטער שטאט — „דער נייער האפען" — וואס ער איז נאך קיינמאל אין לעבען דארט ניט געווען. נאר איינס האט ער געוואוסט: אז פארען מוז ער אהינצו, אז ער האט אנדערש ניט געקאנט טאן, און אז אלץ וועט זיך שוין אויסלאזען צום גוטען.

דער טאג האט גענומען שפראצען פון וואסער ארויס. דער גרויער ים האט זיך גענומען ארויסשיילען פון דער בײנאכטיגער שאלעכץ. ביים אנבליק פונ'ם פעלד צעשמאלצענעם פערלמוטער האט זיך די פרייד אין אים נאך מער פארשטארקט.

און אז דער טאג איז שוין אונטערגעוואקסען, א גרויסער פול־צוויינענדינער בוים פון ליכטיגקייט, און האט זיך געברייטערט אי־בער דער וועלט ארום, זענען זיי פארביינעפארען די שטאט ב ר י ד ז ש פ א ר ט, וואס איז א בריק צו ניו־הייווען. די רו האט זיך אנגעהויבען אומקערען צו אים. מיט פרייד און האפנונג האבען ארויסגעקוקט די טורעמס, די הויכע הייזער־שפיצען און די קוימענס פון די פילע וואפען־פאבריקען פון דער שטאט ב ר י ד ז ש פ א ר ט.

די שיף איז ווייטער געפארען, א שוויינענדיגע און שטילע. אלע אירע ליכטער און פענסטערלאך זענען שוין געווען אויסגעלאשען, ווייל ס'איז געווען גרויסער טאג. מענדעל האט אפילו ניט געזעהן, אויב אויפ'ן שיף זענען דא נאך פאסאזשירען, אדער ער איז דאס בלויז איינער אליין. אים איז עס געווען, ווי אויפ'ן שיף איז קיינער ניטא, אויסער דעם איינפאלענדיגען און צעפאלענדיגען מאטראז — און דעם שיף. אזוי פארטיפט איז ער געווען אין זיך

וואונדערען איבער דער פרייד, וואס עס ווארט אויף אים אין דער אומבאקאנטער שטאט.

עס איז שוין געווען גאר גרויסער טאג, ווען די שיף מיט מענדלען איז אנגעקומען קיין ניו־היוועןן. די זון האט געברענט אין מיטען הימעל. די שטאט איז געווען א נייע מיט א סך פיל־פענסטערדיגע און פיל־גארענדיגע הייזער, וועלכע האבען זיך געהויבען ביים ברעג, ווי הויכע טאפאלען.

און א טומעל האט דארט געהערשט און א געפילדער, ווי אין א נייעם לאנד.

אין א פלאץ אין דעם רוישיגען גאסענפלאנטער האט אויף מענדלען געווארט א גרויסע פרייד. זי איז עס געווען, וואס האט אים געשלעפט מיט די אומגעזעהענע גאלדענע אדער זילבערנע שטריק. מענדעל איז נאכגעאנגען מיט א לויכטענדיגען פנים, א ווילענלאזער און א געצוואונגענער.

די אויגען האט ער געהאלטען פארריסען אין דער הויך און ער האט אנגעקוקט מיט גרויס אינטערעס די נייע טויערען, וואס אין דער נייער שטאט, אין וועלכער עס האט אים אזוי שטארק געצויגען יעדען פארטאג, יעדען פארטאג. און אז ער איז אזוי ווייטער געגאנגען, איז א טראמוואי אנגעקומען, האט אים אומגעווארפען און פארגליווערט א זיך־וואונדערענדיגען שמייכעל אויף זיינע עטוואס צעעפענטע ליפען, פון וועלכע א רימשקעלע בלוט איז גערונען.

דער טאג איז ווייסער געווארען. די זון האט שטארקער געלויכטען. עס איז שוין באלה פיה א זייגער נאכמיטאג.



## מענשען איר גוטע.

אין אָוועגט איז ביי די דרעל'ס ליכטיג. די עלעקטריק לעמפּלאַך זענען אויפגעדרייט אין אלע צימערען, ווייל די מרס. דרעל האָט ליב ליכט, א סך ליכט. דאָס עלעקטרישע ליכט איז בלייכליך־בלוי. פארגיסט די צימערען מיט א שטילען, אומבאַ־וועגליכען און ניט־לעבעדיגען שיין. אז מען זיצט אזוי א ווײלע אין חדר און מען איז שטיל, הויבט זיך איינגיבען אָן דוכטען, אז דאָס ליכט פליצט עס פאמעליך פון די ווייסע ווענט ארויס, פון דער געקאלכטער סטעליע, פון די מעבעל. דאָס אָפּגעשטאָרבענע ליכט, וואָס איז דאָ פארבאָרגען אין זיי, ווי אין אלע זאכען, פליצט צוריק ארויס ביינאכט.

מען זיצט ביים טיש. ס'איז שוין נאָכ'ן אָוועגטברוים. אמאָל איז דאָ אזויפיל מענשען און אמאָל איז דאָ אזויפיל. היינט אָוועגט זענען ביים טיש דאָ דריי מענשען: מר. דרעל, מרס. דרעל און איר ברודער, דן

מרס. דרעל איז פארטיפט אין דורכקוקען א בלאט. לאַנגע זייט, מיט א סך עמודים געדרוקט אין קליינינקע אותיות, קורצינקע שורה'לאך. פאר יעדער שורה'לע שטעהט א ציפער.

אין א ווײלע ארום האָט די מרס. דרעל ארויסגעהויבען איר פנים פון צווישען די שורות פונ'ם בלאטצייטונג ארויס און ארויס־געזאָגט מיט א זיפץ:

— ניטאָ.

דן, וועלכער איז אומגעדולדיג און אָנגעשטריינגט געזעסען די גאנצע צייט אויף זיין שטול, האָט זיך אויפגעהויבען מיט א הויכען רודער. האָט אָנגעהויבען ארומגעהן איבער'ן חדר.

ער האָט אונטערגעפּייפט א פּאָפּולער, פרעליך גאסען־לידעל. די שוועסטער האָט אויף אים א קוק געטאָן מיט פארלאָפענע כעס'דיגע אויגען. א בלויליכע אָדער איז ארויסגעטראָטען אין דער גאנצער ברייט פון איר שטערען.

— שטיינערנע הארץ, — האָט זי אים צוגעוואָרפען. —

וואלט עס אים גאר נעארט! אז ס'איז גאר קיין מענש ניט. דאך איינען פלייש און בלוט!

דער ברודער שטעלט זיך אפ און קוקט זי שנעל אן:

— נו, וואס ווילסטו... זייערע נעמען זענען דאך אין דער ליסט נימא... הייסט עס, אז דערווייל האט מיט זיי גארנים פאסירט!

— יא, — ענטפערט מרס. דרעל אויפגערעגט און דערשלא־גען. — אבער...

און מער האט זי ניט געוואוסט, וואס צו זאגען.

נאר א צעשרויפטע און דערצארענטע האט זי אין א פאר מי־נוטען ארום ווידער אויפגעשריען:

— ווי איז עס אבער א מענש אזוי הארט!... דו קוקסט דאך אפילו קיינמאל אין די צייטונגען ניט אריין... פאלגסט ניט נאך די ליסטען!

דן האט זיך אפגעשטעלט אין מיטען א שפאן. האט אפילו דעם קאפ ניט אומגעדרייט אויף צוריק.

— צו וואס? — האט ער געזאגט שטיל.

— און ווי איז, אז זיי זענען דארט אלע אויסגע'הרג'עט?

— איז וואס וועלען מיר טאן? — זאגט ער ווייטער שטיל.

— און אז די ווילדע היידאמאקען האבען דאניע'ן דארט גע־שענדעט?... — צישעט מרס. דרעל ווי א שלאנג און שפריצט פייערלאך פון די אויגען.

— איז וואס וועלען מיר טאן? — זאגט דן ווייטער ארוים אין דער שטיל.

האט מרס. דרעל שוין מער ניט געקאנט אויסהאלטען, ווייל עס איז דאך שווער צו האבען א ברודער, וואס איז אזא אוממענש, איז זי מיט א געוויין און כליפעניש א, ויסגעלאפען פון עס־צימער, אריינגעלאפען אין שלאף־חדר, וואו זי האט זיך א ווארף געטאן אויפ'ן בעט, א כליפענדיגע.

מר. דרעל, דער מאן, כאטש א זייטיגער, נאר א מענש איז ער דאך געווען, האט ער דאך געזעהן, ווי זי ליידט און מוטשעט זיך שוין אזויפיל טעג און נעכט, איז אזוי אומרוהיג און נערוועז, אז דער הויז־דאקטאר האט איר געראטען, זי זאל, למען־השם, טרינ־קען כאטש צוויי מאל א טאג דעם אנטי־נערוועזישען און אנטי־

ספּאזמאָדישען וויבורנום קאָמפּאונד, האָט ער צוגעוואָרפען אַ בייזליך און אומצופרידענעם בליק אין זיין שוואָגער'ס זייט און איז אויך דעמאָנסטראַטיוו ארוים.

איז דן געבליבען אליין. האָט ער ווידער אָנגעהויבען פּייפען דאָס פּאָפּולערע גאַסען־לידעל און איז ארוים אין גאָס.

— מען דאַרף געהן ערגיץ אין אַ וואָדעוויל — האָט ער זיך שטיל אַ זאָג געטאָן.

אָט אזוי פלעגט ער טאַקע טאָן לעצטענס: געהן אין וואָדעוויל, בורלעסק, מוזיק־האָלס, ביליגע מאָווינג פּיקטשורס און איז געוועזן אין די דאָזיגע טעג פּרעליבער, ווי אין וועלכע ניט איז אַנדערע טעג פון זיין לעבען.

אויסער איין אָוועגט, ווען ער איז געוואָרען נאָר דערדריקט און אַ פּוסטקייט און ליידיגקייט האָט אָנגעפילט זיין גאַנצע אינווייניגקייט.

דאָס איז געוועזן אין יענעם אָוועגט, ווען מרס. דרעל האָט פּלוצלונג, ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים, אַ פאַל געטאָן אויפ'ן דיל און נאָכגעשלעפּט אַ בלאַטצייטונג מיט זיך. האָט די צייטונג זי איננאַנצען באַדעקט, ווי אַ מת מיט אַ טוך.

זי איז אָבער ניט געוועזן געשטאָרבען. מען האָט זי מיט קאַלט וואַסער באַשפּריצט, מיט עסיג איינגעריבען איר די שלייפען און זי אָפּגעמינטערט. אָט ערשט האָט זי אָנגעהויבען שרייען און גוואַלדעווען מיט אַ פּאַרצווייפעלטען קול, און איז ווידער געפאַלען אין חלשות. מען האָט זי ווידער אויפגעמונטערט, איז זי ווידער געפאַלען אין חלשות.

אזוי גרוים איז געוועזן איר צער.

אז דער מאַן האָט זי לסוף אוועקגעפירט אין שלאָפצימער אריין און זיך באַמיהט זי דאָרטען איינצונעמען, איז דן צוגעגאַנגען צום טיש און איבערגעלייענט דאָרט אין דער צייטונג, אונטער אַ גרויס קעפּעל:

ליסטען פון די אוקראַינער הרוגים.

(אָקאָרשט געבראַכט פון אונזער ספּעציעלען קאָרעספּאָנדענט. נאָכדרוק פאַרבאָטען.)

ער האָט זיך איינגעקוקט. נידעריגער אביסעל האָט ער איבערגעלייענט:

— נומער 2381 משה וויינער, אלט 53, א שוסטער.

„אין דערזעלבער שטאָט", — איז נאָך אונטען געשטאנען אין דער צייטונג — „זענען כמעט אלע אידישע מיידלאָך געשענדעט געוואָרען. נאָך קיין נעמען ווערען ניט ארויסגעגעבען, לויט דם שוויינענדיג־אָנגענומענעם באשלוס אין דער קהלה, כדי מען זאָל ניט ארויסלאָזען קיין שם רע אויף אידישע טעכטער, וואָס דאָס קאָן זיי נאָך שאדען צו שדוכים."

מרס. דרעל'ס מיידעל־נאָמען איז געווען װ ו י י נ ע ר.

נו, אין א סך אידישע הייזער איז עס אזוי, און אין דעם הויז פון די דרעלס איז עס אויך געווען אזוי. אזעלכע שווערע טעג זענען איצט.

ווייס איך נים, ווי אזוי מר. דרעל האָט איינגענומען און נערייסט זיין פרוי, נאָר אין אייניגע טעג ארום איז שוין ביי איר געווען א ליכטיגער פנים.

און אז זי איז אויפגעשטאנען אין איינעם פון די קומענדיגע פרימאָרגענס, האָט א זון אריינגעשיינט דורך די פענסטער. עס איז גראָד געווען פרילינג. זונפלעקען האָבען זיך געפלאָנטערט אינ'ם זאמד.

האָט די מוטער א קוק געגעבען אויף איר עופה'לע, וועלכע איז שוין א היבשע עטליכע טעג געווען פארשפארט אין שטוב, האָט זי א זאָג געטאָן מיט גרויס רחמנות:

— מען דארף אויפנעהען דעם קינד א ניי קליידעלע און עס ארויספירען אין דרויסען. זאָל עס האָבען אביסעל פרישע לופט.

דורכגעהענדיג דעם קאָרידאָר, האָט זי אריינגעקוקט אין דעם שפיגעל־גלאָז, וואָס איז געהאנגען אויפ'ן וואנט. האָט זי דערזעהן, ווי פארצערט איר פנים איז איצט. טוט זי א טראכט:

— כ'לעבען, כ'וואָלט אויף זיך אויך געמאָגט אכטונג געבען בעסער אביסעל — צוליב'ן קינד.

עס הויבט שוין אָן גרינען אין דרויסען, דער אייז־מאן האָט אויפגעעפענט זיין קעלער. פענסטער שטעהען אָפען. קינדער שפילען זיך אין גאַס.

און אז ס'איז פרילינג, דארף מען זיך אויפנעהמען א ניי פרי־לינג־קלייד, דעם בלויענעם אסיענעם קאסטום קאן מען שוין איצט נים טראגען, און דאס פרילינג־קלייד פון לעצטען יאר איז שוין צו־ענג געווארען.

אין דער ווארים־ווערענדיגער לופט דרויסען האבען זיך אנ־געהויבען אויסשטעלען פאר איהר א רייה ליכטיגע טעג.

זי האט שוין אנגעהויבען איבערקלייבען די זומער־פלעצער פאר'ן קומענדיגען סעזאן.

נאר אז זי האט זיך איינמאל געפארעט אין איינעם פון אירע שופלאדען, געזוכט עפעס א ליפטשיק, האט זי זיך אנגע־שטויסען אן א צייטונג, וועלכע האט אומהיימליך געשארכעט אונ־טער אירע פינגער. עס האט איר א שטשעמע געטאן ביים הארצען און זי האט די צייטונג טיפער, ווייטער פארשטופט, ווייטער... דערביי האט זי א זיפץ געטאן.

ווען זי האט צוריק פארמאכט דעם שופלאד האט זי געהאט א געפיהל פון זיכערקייט און פארענדיגטקייט, ס'איז שוין פארי בער... אויף דער זייט שופלאד איז געווען רוהיג און שטיל. א ריי ליכטיגע זומערדיגע טעג האבען זיך אויסגע־שטעלט פאר איר אין דער ווארים־ווערענדיגער לופט.

און דן — א פוסטקייט און ליידיגקייט האבען זיך ארייננגע־קליבען אין זיין הארצען. איצטער — וואס?... פריער האט נאך געברענט א פייערל, האט גע'שרפ'עט און געסמאליעט דאס הארץ מיט א פארנניגענדינער ביטערקייט... אבער איצט? נו, שוין געשאכטען דעם טאטען. וואס זאל ער ווייטער טאן? — — —

א פוסטקייט און א ליידיגקייט האט פארנומען דעם פלאץ פון דער פריהערדיגער פארבארגענער פיין. עס איז שוין נים געווען איצט וואס צו באהאלטען מיט דער געמאכטער פרעליכקייט.

אווענטען און אווענטען האט ער געשטארט איבער דער בלאט־צייטונג מיט דער טרויעריגער בשורה, וועלכע האט דעם באשטעג־דיג־גליהענדיגען הארצשניידעניש אוועקגענומען

אווענטען און אווענטען האט ער געקוקט אויפ'ן בלאט פאר אים, און אויסגעליידיגטער, א פוסטעווענדיגער.

ביז ער איז אין עטליכע טעג ארום אריינגעלאָפען צו דער שוועסטער מיט א גרויסער פרייד:

— זעהסט, שוועסטער מיינע, דאָס איז דאָך א טעות געווען, א טעות. דער דאָזיגער פּאָגראָם איז דאָך פאָרגעקומען ניט אין אונזער שטאָט. דו האָסט אויפ׳ן נאָמען פון דער שטאָט ניט א קוק געגעבען. דער דאָזיגער משה וויינער איז דעריבער ניט אונזער פאָטער, עס איז א פרעמדער מיט׳ן זעלביגען נאָמען.

— און אונזער פאָטער? — האָט זי א פריידיגע אויס־געשריען.

— אונזער פאָטער לעבט נאָך!

זי איז געבליבען שטעהן א ווײַלע, א געפּלעפּטע.

— און פון וואנען ווייסטו, אז ער לעבט?

— יאָ, אָבער דו ווייסט דאָך ניט, אז מען זאָל אים האָבען גע׳הרג׳עט?

זי האָט געענטפערט מיט פארטראכטע און פארטונקענע אויגען:

— יאָ. ס׳איז אמת.

און אין א ווײַלע ארום האָט זי צוגעגעבען נאָך שטילער, האָפנונגדינגער:

— איז עס דען אָבער ניט מעגליך, אז דער פאָטער זאָל זיך דורך דער צייט האָבען אריבערגעקליבען אין דער דאָזיגער שטאָט?

און פון יענעם אָוועגט אָן האָט מרס. דרעל, איננאנצען א צעשרויפטע, ווידער אָנגעהויבען צו לייענען יענע גרויסע צייטונגס־זייטען אָנגעפיקעוועט מיט די קליינינקע אותיות׳לאך און די גרוי־סע נומערען ביי דער זייט. און ווידער איז זי אריינגעפאלען אין אן אויפגערעגטקייט און דענערוווירטקייט. אויפ׳ן ברודער האָט זי שוין מער ניט געקאָנט קוקען, ווי ער וואָלט געווען איר פיינט.

— ארט אים סיידען דען, אז טאָמער ווערט איצט, אין דער מינוט, דער פאָטער געשאָכטען ערגיץ דאָרטען, וואו ער זאָל ניט זיין?

און דן האָט ווידער אָנגעהויבען באזוכען וואָדעווילען און מוזיק־האָלס, מיט פארביסענע ליפּען, און טיפען, פארהווילענדיגען שמייכעל.

דער זומער האָט זיך שוין אָנגעהויבן. די אָווענטען זענען ווארימע און אויסגעשטערנטע. די פענסטער שטעהען אָפענע. האָבען זיי ארייננגעלאָזען דעם געשמאק פון יונג־זומערדיגע נעכט.

נעהט צו איר צו דער מאַן און זאָגט איר, אז זי וואָלט זיך געמאָגט אביסעל צוטיילען מיט אירע הכנות פאר דער רייזע אויפ׳ן לאנד.

— אַך, אויפ׳ן לאנד... — האָט מרס. דרעל מיט פארבי־טערטקייט און פארדראָס געענטפערט, — וואָס׳ארא רו איב׳ל שוין קאָנען האָבען אויפ׳ן לאנד. אז דער טאטע דאָרט... די קינדער...

און זי האָט זיך אנידערגעשטעלט ביים פענסטער און ארויס־געקוקט אין דרויסען ארויס. זי האָט דאָרט געטראכט, וואָס פאר אומרוהיגע נעכט זי וועט עס האָבען היינטיגען זומער אויפ׳ן לאנד, און וואָס פאר אן אָווענטען.

און זי האָט זיך פארביסען די ליפען.

אין א ווייל שפעטער האָט זי פארמאכט דאָס פענסטער און אויסגעדרעהט דעם לאָמפ. איידער זי איז אריין אין שלאָפצימער, האָט זי אויפגעעפענט דעם שופלאָד, ארויסגענומען די צייטונג, וואָס איז דאָרט שוין זייט א פאָר וואָכען געלעגען און אין דער פינסטער די צייטונג אָנגעהויבן רייסען אויף פיצלאַך, רייסען.



# פאר אונזערע אַריבער ברידער.

**א.**

דער טאָג איז געווען א מיטענוואָכעדיגער, און א סך מאַנס־פארשוינען האָבען נים געקאָנט קומען אין ציים צוליב זייערע געשעפטען.

די געשעפטען, וואָס זיי פלעגען אָנפירען פון קליינע ציכטיגע צימערלאך ארויס, אין די טורעמדיגע געביידעס פונ׳ם נידערינגען דאון־טאון — אויף בראָדוויי, נים ווייט פונ׳ם וואסער, אויף וואָל סטרים, וויליאם סטרים, נעסאו סטרים, דעי סטרים, און די אלע שמאָליגקע נעסעלאך נידעריגער פונ׳ם סימי האָל, — זיב־דרייענדיגע און וויקלענדיגע לענטעס, טיפע אָפגרונטען, שמאָל־שמאָלע שפאלטען צווישען פיל־פענסטערדיגע פעלזענ־ווענט.

אויף יענער זייט פון די שטארק־הויכע פענסטערדיגע בערג — מיט די אויגען צו פאררייסען און דעם גאָרגעל־קנאָפּ ביז צום ווייטאָג ארויסשטארצען — זענען געזעסען געשטאלטען. ווייס־באבלוזטע און תמיד־פארטאָגענע, מיט בלויע און פורפורנע אבאַזשורען איבער די אויגען. מיט די דינ־פארשפּיצטע, איילענדיגע פינגער האָבען זיי אויסגעשפּילט אלערליי שליחות׳ן אויף די קלאַווישען פון די רעמינגטאָנס און אָנדערוואודס.

שליחות׳ן צו גאָר דער וועלט.

ווייל פון דאָרטען האָבען זיך געצווינגען אומגעזעהענע פעדים, לופט־שליאכען איבער די שטאטען מזרח און מעריב, צפון און דרום, איבער דעם אטלאנטישען און פאסיפישען אָקעאן — אין די לענדער פון אייראָפּא און אזיען. אלץ פון די שטייף־געקאָלנערטע מענשעלאך, מיט די גלאנציגע פּליכען, וואָס האָבען פון זייערע וואקסענ־איינגעטרוקענטע פּנימ׳ער געהאלטען אין איין שיסען באפעלען אויף די פעראָקסייד־בלאָנדע סטענאָגראפּיסטקעס.

די סטענאָגראפּיסטקעס האָבען געהאט בלוי־געפּודערטע נעזעלאך און געקרייזעלטע הערעלאך איבער אויגען און שטערען. האָבען זיי בשעת מעשה געטראכט אונטער די דאָזיגע געקרייזעלטע הערעלאך וועגען זייערע „באָי׳ס", און וועגען די נאָהענטסטע באַ־

נעגנישען אין די טאַנצ־האַלען און סקייטינג־רינגס. און אַז די באַפעלען — צו דער גאַנצער וועלט — פלעגען זיך אויפהערען צו שיטען אויף די ליבע, ליידיגע קעפּעלאַך, ווי פון קופּיד־ליאַלקעס, פלעגען זיי דאַמאָלס זעהר ערנסט און פלייסיג אָנהויבען צו שלייפען און פּאָלירען און אַרומשערען די שפּיציג־לאַנגע נעגעל, ווי ביי ווילדע קעץ.

אַז מען האָט, דעריבער, סערווירט דעם בלוי־פּאַינט אויסטער קאָקטייל זענען נאָך אַ סך פלעצער ביים לייגגליכ־אָוואַלען טיש נעוועזען ליידיג. אינ'ם זייטיגען פּריוואַטען צימער פונ'ם גרויסען מעק־גרענאָר האָטעל — דאָס איז געוועזען דער באַרימטער בלוי־ און גאָלד־צימער, באַשיינט מיט די שטילע, אומגעזעהענע ליכטער פון דער סטעליע אַרונטער — זענען איצט מייסטענטיילס געוועזען דאַמען. ס'האָבען געפונקעלט די טייערסטע בריליאַנטען און איידעלשטיינער פון קאַמען אויף די גרויסאַרטיג־פּאַרקעמטע פריזורען אַרונטער, פון דיקלאַכ־געבאָליעטע פינגער, פון די אויערנגלאַך, פון די בראַזלעטען. רובינשטיין, דער שמש, וואָס איז געזעסען אין אַ ווינקעל טיש אויף אַ ברעג שטול, האָט זיך אומזיסט באַמיט אָנצורופען די שטיינער ביי זייערע נעמען. ער האָט אַזויפיל נעמען פאַר בריליאַנטען גיט געוואוסט. אים האָבען זיך אין דער מינוט אָנגעהויבען פּלאָנטערען מאָדנע נעמען פאַר איידעלשטיינער, נאָר זיי זענען געוועזען פון תרגום אונקלוס אַרויס:

— סמקן ירקן וברקן סידרא חד.

אַז אַ פעטע דאַמע מיט אַ דריי־עטאַזשעדיגען גוידער, האָט זיך צו אים געווענדט מיט אַ פראַגע, האָט ער איר, ס'פאַרשטעהט זיך, אויף דער פראַגע גלייך געענטפערט. נאָך מער — ער האָט זיך צוגעאיילט, און געענטפערט מיט אַן אונטערטעניגער זריזות. בשעת אָבער ער האָט איר אַרויסגעזאָגט די ווערטער פון זיין ענטפער, האָבען זיך אים אין מח, קוקענדיג אַזוי אויף דער לייבינגער און בלישצענדיגער דאַמע, אַלץ געפּלאָנטערט אַזעלכע קוידער־וועלישע ווערטער:

— קנכירי טרקיא ועין עיגלא.

אינ'ם בלוי־צימער איז געוועזען שטיל. איבער די טיגער־

און לעמפערט־פעלען, וואָס זענען געווען אויסגעשפּריים אויף די דילען, האָבען ארומגעשמייעט די באפראקטע ווייטערס. יעדער איינער פון זיי האָט אליין געהאט דעם אויסזעהן פון א וויכטיגען שררה, וועלכער האָט אויף זיך, פון גרויסער פארערונג, פרייוויליג גענומען צו באדינען די דאמען און הערען ביים אָוואַלען טיש — מסתמא נאָך גרעסערע שררות פאר זיי. פאמעליך האָבען זיי ארומגעשוועבט, זשאָנגלירט מיט די טאצען און טעלער, און באלד שווייגענדיג־פארגליווערט שטעהן געבליבען הינטער די שטולען פון די עסערס. סטאטועס, וועלכע פלעגען אָבער לעבע־דיג ווערען ביי דעם מינדסטען באפעל פון די גבֿעסערע שררות ביים טיש.

דאָס געשפּרעך האָט שטיל געזשומעט איבער די לעצטססטע מעאטער־פאָרשטעלונגען, די נייעסטע פידעל־זשעניען, דעם באַ־רימטען און גאָר־גרויסען הינדו־פּאָעט, וואָס האָט אויפגעגעבען די שטילקייט פון דער היימישער נירוואַנאַ צוליב דעם עולם־הזה׳־דיגען רום און דער לעבעדיגקייט פון דער שטאָט ניו יאָרק. אין די פארפוצטע סאלאָנען פון דעם רייכסטען ניו יאָרקער האָטעל האָט ער געפּריידיגט איינזאמקייט און איינפאַכקייט און געט־ליכקייט צו גרענדדאמען, — אויסשטעלונגען פון רייכסטע קליידער און שרייענדיגסטע פארפיומען.

דערנאָך, אז ס׳איז שוין ניט געווען פון וואָס צו ריידען, האָ־בען די דאמען אָנגעהויבען פארגלייכען די פארשידענע פוטער־שטיקער אויף זייערע פעלצען און באָאַס. ווער ס׳האָט א מאַרדער, ווער א האָדסאָן סיעל, ווער א לעמפערט־פעל, ווער אן איינפאכע פיי אָדער פוקסענ־פעלץ.

די ווייטערס האָבען פון הינטער די שטולען ארום אָנגעפילט די גלעזלאך וויין. אז מען האָט שוין אָנגעהויבען צו סערווירען דעם פויגעל־נעסט עוף־סופ, צוגעגרייט אויפ׳ן כינעזישען סטיל, האָט זיך מיס שיינטאל אָנגעהויבען שטארק צו באאומרואיגען. דורך די געווירצטע פאפאראטניק־פלאנצען און בלייכע, לייביגע טיי־רויזען, וואָס האָבען פארנומען דעם מיטען־טיש, האָט זי צו־געוואונקען צו רובינשטיינ׳ען אויף דעם קענענאיבערדיגען ווינ־קעל. יענער איז ניט־טויט, נים־לעבעדיג צוגעלאָפען. איז גע־בליבען שטעהן אין אָנגעבויגענער, נבֿנע׳דיגער פּאָזע.

— מר. יודזשין גולסענגער... איר האָט זיך הפנים פארגעסען אים איינלאדען?

— אך, ווי קענט איר עס... חלילה... כ'האָב אים ניט איינמאָל וועגען דעם דערמאָנט דורך אַ בריף, ספּעציעלען שליח, און טעלעפאָן.

— ער איז נאָך אַלץ ניטאָ...

אין אירע אויגען איז געווען גרויס צעטומעלניש און אומגליק. אזוי שוואך האָט זי זיך איצט געפיהלט, אז זי האָט געזוכט פאוזיכערונג און הילף אפילו ביי אים, דעם תמיד־דערשראָקענעם רובינשטיינ'ען, וועלכער האָט געהאט אזא דערשלאָגענעם הלוך — דער פראק און די מאנישקע, וואָס ער האָט איצט אויף זיך געהאט, האָבען אים נאָך געמאכט אויסזעהן דערשלאָגענער און יורד'דיגער, — ווי ער וואָלט זיך יעדע מינוט געריכט קריגען פון ערגיץ אַ פּלוצלונגדיגען זעץ.

ווייל זי האָט צו אים ארויפגעקוקט נאָך הילף, איז ער אויסגעגלייכטער געוואָרען און האָפערדיג ארויסגעפּראלט:

— ער'ט קומען!

און אַזא פרומקייט און גלויבינקייט איז ביי אים געווען אויפ'ן פּנים, ווי ער וואָלט אין די ווערטער אַ רייננעלייגט זיין טיפסטען „כ'גלויב".

— כ'גלויב באמונה שלימה אין דעם אָנקומען פון משיח'ן, און אפילו, אז ער וועט זיך פארזאמען, וועל איך דאָך אויף אים ווארטען יעדען טאָג, אז ער זאָל קומען.

און ביסלאכווייז האָ זיך שוין דער גאנצען עולם אָנגעהויבען צונויפקומען, ווייל דער טאָג האָט זיך שוין אָנגעהויבען נויגען.

ער איז געווען אַ ליכטיגער, דער טאָג, אן אָנהויב־פראָסטינער. אַ טרוקענע, ווייט־וועלטיגע ליכטיגקייט, — אַ ליכטיגקייט פון אַ ווינטער־טאָג, וואָס איז מיטאַמאָל שטיל געוואָרען — האָט זיך געקנוילט אינ'ם אויר. אויבען איז די ליכטיגקייט געווען געדיכטער, פארפרוירענער, זיך געפּלעקט אויפ'ן הימעל אין קאַלטפייערדינע וואָלקענזאַסמעס — אָפּגעשונדענע פעלען פון אויסטערלישע חיות.

די הימעל־זוימען האָבען איצט רויט רערטליעט.

פון צענטראל־פארק ווערסט עוועניו ארויס האט זיך די שווארץ־גלאנציגע לימוזין שטיל געקוויקעלט אויף די גומענע רעדער. דערנאך פארקערעוועט זיך אויף בראדוויי. אויטאמא־בילען, קארעטעס, לימוזינס, רייכע קליידער, גלאנציגע וויטרינען, ליכטיגע מויער־לאנגע אפישען. ווען די עוועניו האט זיך מיט א גאס געקרייצט, האט רעכטס ארויסגעשיינט די בלוי־שטאלערנע אויבערפלאך פון׳ם האדסאן. אזוי ביי יעדען איבערשניט פון גאס און עוועניו. א ראמפער. קוימענס פון ווייטע פאבריקען, וואס האבען זיך געקרויכערט, ווי זיילען רויך פון ערגיץ א ווייטען פאר־צייטיגען טעמפעל ארויף. זונ־גלאנצען אין הייזער־פענסטער אויף יענער זייט האדסאן, אין וועסט ניו יארק. און דער בליק ווידער אהער, צוריק — האט זיך דער אספאלט פון דער עוועניו געקווי־קעלט אונטער די רעדער פון׳ם לימוזין.

א וועלט איז אים איצט אויף בראדוויי אנטקעגען געגאנגען, צוליב זיין הנאה ווענען, אים מקבל פנים צו זיין! און יודזשין גולסענגער, אין זיין פול־דרעס און צילינדער־הוט, פארענדיג אזוי אין קאראט ארונטער־שטאט צו, האט זיך געפיהלט עפעס, ווי א יונגער קיניג, וועלכער פארט פארביי פאר זיין פאלק. דאס פאלק פאראדירט פאר אים, פארפלייצענדיג די גאסען.

אן עלטער פון אכט און צוואנציג יאר. קומט ארויס פון א פארמעגליכער, אומאפהענגיגער משפחה. זיך ערשט אומגעקערט פון א רייזע קיין איראפא — קיין פוילען און אוקראינע. אין מח האבען אים נאך געשוועבט די לענדער, די איינדרוקען, די שטעט און שטעטלאך, די וואונדערבארע טעג אנגעפילטע מיט שרעק, אומדערוואַרטעטע ביאינקייטען, וויסטענישען, בלוט, מגפות, הונגער און אָרימקייט — און העם לוקסוס, — אפילו טאקע א קנאפען, — וואוילטאג, און אפגעזונדערטע פריווילעגיעס, וואס ער האט אין דער ארומיגער חרוב׳ער וויסטעניש טויזענט מאל מייע־רער אפגעשאצט, ווייל זיי האבען אים דאך פארשאפט א זיס־פאר׳שכור׳נדיגען געפיהל פון דערהויבענקייט, העכערקייט און בעסערקייט פון אלעמען

ארום. די טעג, וואָס ער האָט פארבראכט אין ווארשא און אין קיעוו, און אין די קלענערע חרוב׳ע שטעט און שטעטלאך.

זייגע רעיונות, זיין געהויבענקייט מיט זיך האָבען זיך פלוצ־לונג אָפגעהאקט. דער שאָפער, אין לאנגען פעלערינע־מאנטעל, האָט געלאָזט א קילע פארע פון דעם לימוזין ארויסשפארען.

יודזשין גולסעננער איז ארויסגעשפרונגען.

מעק־גרעגאָר׳ס האָטעל.

א היימישקייט האָט אויף אים א ווייי געטאָן. די גרויסע, גלאנציגע, הארטע ראָבער־פלאנצען ביי די טירען, די שלאנקע, חשוב׳ע לאקייען — ער האָט זיי גוט געקענט. גישט איינמאָל איז ער דאָ געווען.

אמאָל אלס פארמיטלער ביים פארשטענדיגען זיך אין א גרויסען סטרייק־סכסוך. און נאָך מער — פאר די לעצטע פאָר יאָר — ביי די אָפטע צוזאמענקומונגען אין די רייכע געמיטליכע האָטעל־חדרים, אויף די כלל־טוערשע באראטונגען וועגען הילף פאר די מלחמה־געליטענע.

אן אויסגעגלייכטער און פריצ׳ישער איז געווען זיין טראָט איבער די טעפיכער, וואָס האָבען געפירט צווישען די הויכע רעד־קאָרירטע ווענט. א געדאנק האָט געלויכטען, אז ער איז איינער פון די גאָר אָנגעזעהענסטע באאמטע פון דער גרויסער, שטארקער הילפס־אָרגאניזאציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען כדי צו העל־פען אונזערע אָרימע ברידער אין דעם לאנד פון חורבן.

דאָס לאנד פון חורבן, וואָס הויבט זיך אָן גלייך אויף יענער זייט אָקעאַן.

יודזשין גולסעננער, א שלאנקער און פעסטגעבויטער מאנס־ביל — געווען א מאיאָר אין דער אמעריקאנער ארמיי בעת דער וועלט־מלחמה — איז דורכגעגאנגען דורך די טראָפּישע פלאנצען, וואָס האָבען אָנגעפילט די קאָרידאָרען, די גרויסע לאָבי און דעם מעזאנינ־באלקאָן. ער האָט איצט געפיהלט צופיל כח אין זיך, זיינע פיס־מוסקולען האָבען געדורשט נאָך באוועגונג, ער האָט נים געוואָלט נעמען דעם עלעווייטאָר, און איז ארויפגעלאָפען די טרעפ, איבערשפרינגענדיג עטליכע מיטאמאָל. א סך ווארימקייט. א סך ליכט. פון די ליוסטרעס אויף די געוועקסטע ווענט.

אים איז איינגעפאלען, אז ער וואָלט אפשר ניט געדארפט אָננעמען די איצטיגע איינלאדונג. ער טאָר זיך ניט ביליג מאכען מיט זיין צו־אָפטער ערשיינונג אין דער עפענטליכקייט. נאָר דאָ איז אים ארויפגעקומען אויפ׳ן געדאנק דער מאָדנער, צוציהענדי־גער שמייכעל פון יענער פרוי, וועלכע האָט אים אהער איינגע־לאדען. צופרידענ־גדלות׳דיג האָט ער א טרייסעל געטאָן מיט זיין גריווע האָר, און פארשטופט די מאנזשעטען אביסעל טיפער אונ־טער די ארבעל אריין, איידער ער איז אריינגעגאנגען אינ׳ם בלוי־צימער.

עס איז שוין געווען, אז מען האָט סערווירט דעם ברוינ־איינגעפרעגעלטען פילאדעלפיער קאָפּ־האָן, ווען א פלוצלונגדיגע שטילקייט איז דורכגעלאָפען איבער׳ן טיש. און איין פרויען־קאָפּ צום צווייטען, און איין הערנ־אקסעל צום צווייטען צוגעבויגען. שוואכער, הילפלאָזער וואסער־אייער אונטער א ווינטעל.

איידער דאָס ווינטעל האָט זיך איינגעשטעלט לעבען מיס עסטעל שיינטאל׳ן, האָט זיך א שושקען ארומגעטראָגען איבער׳ן טיש, ביי די זוימען, דורך די קילע פּאפּאראטניק־בלעטער און טיי־רויזען.

— ס׳ט שוין זיין א פּאָר׳ל...

— דער אלטער שיינטאל וועט שוין מאכען שותפות מיט גולסעננער׳ס נאציאָנאל־באנק.

— איז אליין אויך ניט אבי־וועער... קאָנטראָלירט דעם גאנ־צען „פּריפּוירד סטאק“ אין דער פירמע „שענטאל ענד בענסאָן וואולען־מאנופעקטשורערס“ .

— ווי דען... פון דער בארימטער שיינטאל־פאמיליע אין גראַץ!

— און זי אליין, די טאָכטער? א פולקומענהייט אין אלע פּרטים. וואָס דארפט איר מער — דער זון פונ׳ם ענגלישען קעניג׳ס פּריוואטען באנקיר האָט זיך צו איר איינמאָל גע׳שדכנ׳ט. דער פאָטער אירער האָט א י ם ני טגעוואָלט — געווען א יונגער־מאן נאָך ניט קיין געזעצטער.

און כאָטש זי האָט נעשטאמט פון דער בארימטער שיינטאל־פאמיליע אין גראַץ, און כאָטש איר פאָטער האָט קאָנטראָלירט

דעם גאַנצן „פּריפּוירד סטאַק“ אין דער פירמע „שיינטאַל ענד בענסאָן וואולענ־מאַנופעקטשורערס“, באַרימטע פאַבריקן אין מאַסאַטשוזעטס סטייט, און כאָטש צו איר האָט זיך שוין איינמאָל נע׳שדכנ׳ט דער איינציגער זון פונ׳ם ענגלישען קעניג׳ס פּריוואַטען באַנקיר, — ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעמען — און אפשר מחמת דעם אַלעמען — איז דער פאָטער אירער געווען דער פּרעזידענט פון דער באַרימטער רעפאָרמערישער סינאַגאָגע „גייטס אָוו מויר־סי“ (שערי רחמים). און די טאָכטער האָט אויף זיך פרייוויליג גענומען צו אַראַנזשירען די אונטערהאַלטונג און טאַנצען, כדי צו זאַמלען געלט פאַר אונזערע פאַראומגליקליכטע אָרימע ברידער.

ס׳איז געגאַנגען צו קריסטמעס־צו, און אַרום דער צייט ווערען דאָך אין אַלע קירכען אַראַנזשירט אונטערנעמונגען, כדי אַרוים־צוהעלפען די נויטבאַדערפטיגע אויף די גוי׳אישע ווינטער־הנאות מיט קריסטמעס־דינערס. און אַזוי ווי אין די צייטונגען איז שוין אַזויפיל געשריבען געוואָרען וועגען די ליידען פון אונזערע אָרימע ברידער (ס׳איז אַפילו געווען אַ ווייטאָג און אַ שאַנדע צוצוהערען, אַז יענע לייזיגע, פאַרוואָרימטע און אָפּגעריסענע ווילד־פרעמדע מענשען פון איסט־אייראָפּע, מיט די שוידערליכסטע מאַנירען, זאָלען עס זיין אונזערע אָרימע ברידער. אָבער י ע נ ע, די אָרימע ברידער, האָבען עס דאָך געהאַלטען אין איין שרייען און איבער׳־חזר׳ן), — בכן איז באַשלאָסען געוואָרען, צו פאַראַנשטאַלטען אין איינעם פון די נאָהענטע טעג אַרום קריסטמעס, אַן אונטער־נעמונג און טאַנצען פאַר די אייגענע קאָנגרעגיישאָן־מעמבערס. טאַקע אין די געזעלשאַפטס־צימערן פונ׳ם טעמפּעל „גייטס אָוו מוירסי“.

אָבער דער ערפאָלג פון אָט דער אונטערנעמונג האָט זיך שטאַרק געווענדט אָן דער אָנוועזענהייט פון דעם באַרימטען כלל־טוער יודזשין גולסענגער, און אָן דער רעדע, וואָס ער וועט דאַר־פען האַלטען אויפ׳ן באַזאַר, דערציילענדיג זיינע פּערזענליכע איינדרוקען פון זיין לעצטער רייזע אין מזרח־אייראָפּע, וואו ער האָט טאַקע אַליין געאַרבייט אויפ׳ן אָרט, און דאָס וועט זיכער שטאַרק רירען די אָנוועזענדיגע. דערנאָך וועט מען צונעמען די דאָניישאָנס, און ערשט דערנאָך וועלען זיין די טאַנצען.

ווי די פּאַרזאַמעלטע — אַלע מיטגלידער פון דער קאָנגרעגיישאָן „גייטס אָוו מוירסי" — וואָלטען ביי זיך באַשלאָסען לאָזען צו־רו די צוויי, מים עסטעל שיינטאַל און מר. יודזשין גולסעננער, ווי אַ יונגע חתן־כלה פּאָר, וויסענדיג, אז אָן זייער געשפרעך ווענדט זיך דער ערפאָלג פון דער גאַנצער אונטערנעמונג, — האָבען זיי זיך גענומען ריידען אַביסעל העכער און שטאַרקער צווישען זיך. זיי האָבען גאָרניט געהערט, וואָס ס'קומט פאָר דאָרט אויבען... גאָרניט! גאָרניט!

— דער און דער האָט געקויפט אַ נייען ראָלס־ראָיס — אכצען טויזענט דאָלאַר באַצאָלט.

— יענער און יענער האָט איבערגעפּארבט זיין מאָטאָרשיפעל — נאָך אריינגעשטעלט שפּאָגעל־נייע ביינק און זיידענע קישעלאַך.

ס'איז געוואָרען שטיל, לאַנגווייליג. אַ זאַטע שלעפעריגקייט נאָכ'ן שווערען מאָלצייט. דאָ האָט אַ פּליכטוואַטער הער גוטמוטיג זיך אָפּגערופען צו רובינשטיין'ען, דעם שמש פון דער שול, וואָס איז געזעסען אַ שווייגענדיגער אין זיין ווינקעל טיש, ווי אַן אָרימער קרוב. ער האָט צו אים גערעדט אָן אומישנע צעבראָכענעם דייטש, גע'כשר'ט מיט אַ פּאָר העברעאישע ווערטער.

— ס'איז דאָך אַלץ פאר אייך, רובינשטיין, אַלץ פאר אייך... זי זינגט דאָך איין רוסישע יודע?

רובינשטיין איז פארצאַפּעלט געוואָרען. ער האָט געמאַכט אַ פאַרצווייפעלטע אָנשטריינגונג, אז זיין דייטש זאָל ארויסקומען אַזוי דייטשיש, ווי זיין פרעגער'ס שפּראַך. ער האָט זיך אַ ווײַלע געטרייסעלט, געצאַפּעלט, און דער תוך פון זיין אויפגערעגטען ענטפער איז געווען:

— אַך, חלילה, וואָס רעדט איר... ער — אַ ליטווישער, אַ רוסישער יודע? מער פעלט אים ניט! ער איז ניט קיין ליטווישער — ער איז אַן אונגארישער, דאָס הייסט, מען קאָן זאָגען — אַן עסטרייכער.

נאָר זיין ענטפער האָט קיינער ניט געהערט, און ער איז אויך ניט געווען וויכטיג. מען האָט שוין איצט אונטערגעטראָגען די קליינע קוביקעס דעמי־טאַס מיט די פראַנצויזישע טאָרטען.

אויף יודזשין גולסעננער'ס פּנים איז געווען אויסגעשפּרייט

א פריינדליכע שטאָלצקייט פון איינעם, וואָס ווייס דעם ווערט פון דער טובה, וואָס ער האָט געטאָן, ווייל אָבער קיין סך ניט רייד-דען פון דעם, מאַכט עס צו גאָרניט. און מיט שיינטאָל האָט בע-לויכטען מיט א גליקליכער שעמעוודיגקייט, וועלכע איז ביסלאַכ-ווייז און נאָכאַנאַנד אריבערגעגאַנגען אויף אַלעמענס פּנים'ער:

— אַלץ וועט זיין גוט. אַלץ וועט זיין גוט.

אָבער גליקליכער פאַר אַלעמען איז דאָך טאַקע געווען דער שמש רובינשטיין. ער וואָלט זיך אפילו ניט געשעמט צוצופאַלען צום יונגען באַנגליקער'ס פיס. אָבער גראָד איצט האָט רובינשטיין זיך געפיהלט שטאַרק אומרואיג. אַן אומרואיגקייט, וועלכע פלעגט אים לעצטענס פלוצלונג באַפאַלען — בייטאָג, אָדער אין מיטען דער נאַכט. ער האָט זיך אַלץ געהויבען פון זיין שטול און זיך צוריק אַנידערגעזעצט. ער האָט זיך אַלץ געטאַפּט ביי דער בוזים-קעשענע און געוואָרפען דערשראָקענע, רחמים'דיגע בליקען אויף די אָנוועזענדיגע, ווי בעטענדיג רשות ארויסצוגעהן.

אזוי ווי ביים טיש איז שוין ניט געווען, וואָס צו טאָן, האָט זיך דער עולם אויפגעהויבען און אָנגעהויבען אריינגעהן אינ'ם נעקסטען חדר, רויכערען און פּלוידערען. דאַמאָלס האָט רובינ-שטיין מיט ציטערדיגע הענט ארויסגעשלעפּט עפּעס א פּאַפּירעל פון בוזים-קעשענע, א צעקנייטשט פּאַפּירעל.

פוג'ם צווייטען חדר האָבען זיך דערהערט טריט. מען האָט געקאָנט אַלע ווילע אריינקומען אהער, און אים טרעפען מיט ד ע ם אין האַנט — מער פעלט אים ניט. און די ווייטערס, וועלכע האָבען איצט פון טיש צוגעקליבען, האָבען אזעלכע מאָדנע, אָפּשפּעטערישע בליקען געוואָרפען אויף אים פון אויבען ארונ-טער. דאַכט זיך — וואָס? וואָס איז אויף אים צו זעהן? א בלייכער איז ער געווען, אַן איינגעקוואַרטער און א דאַרער, דער טוקסידאַ אנצוג איז אויף אים געהאַנגען, ווי א זאַק.

האָט זיך רובינשטיין, אונטער זייערע בליקען, אָנגעהויבען ארומוואַרפען איבער'ן צימער, ווי א פאַר'סמ'ט מייזעל. ער האָט ענדליך דורכגעשאָסען דורך דער טיר-עפענונג, אָנגעהויבען לויפען איבער די ווייכע קאַרפּעטס פון די קאָרידאָרען, ביז ער האָט דערזעהן אויף אַן עמאַלירטער ברעטעל, צוגעקלאַפּט אויף א טיר, א פּאָר

שוואַרצע ווערטער. זיי האָבען אים אויסגעזעהן, ווי אן אומדער־וואַרטעטע, ליכטיגע דערלייזונג, —

GENT'S ROOM.

ער איז אריינגעלאָפען און פאַררינגעלט די טיר. דאָ איז ער געווען זיכער, אז קיינער וועט אים ניט זעהן און פון אים ניט אָפּלאכען.

פונ'ם באַל־רום, מיט איין עטאַזש העכער, האָט זיך געלאָזט הערען דאָס ווייכע, טרוימערישע פאַרציען זיך פון פידלען און פלייטען.

רובינשטיין האָט ארויסגעשלעפּט א צעקרומפּעלטען צע־קנייטשטען בויגעלע פּאַפּיר, — דעם בריף, וואָס ער האָט געקראָ־גען פון זיינעם א לאַנדסמאַן, אן אמאָליגער חבר פון חדר ארויס, ערגיץ אין א שטעטעלע אין פּאָדאָליער גובערניע. אינ'ם בריף האָט ער געלייענט צום כ'וויים אליין ניט וויפילטען מאָל:

„...און וואָס זאָל איך דיר נאָך דערציילען, אז ס'איז ניט צום באַשרייבען: קאָן איך דען איבערדערציילען אלע מורא'דיגע זאַ־כען, וואָס איך האָב געזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען: ווי איז צו זיי, ווייל זיי זענען נאָך ניט בלינד געוואָרען: זאָוועל דעם סופר'ס קליין מיידעלע פון דריי יאָר האָט זיך א גאַנצען פרימאָר־גען געבעטען מען זאָל עס ארויספּוזעצען אויפ'ן אורינאַל: איר מאַמע גניעסע די סופר'טע איז דעמזעלבען פרימאָרגען געשטאָר־בען נאָכדעם ווי די קאָזאַקען האָבען זי מאַנס געווען און צו'נהרג'ט בשעת מעשה פון גרויס ווילדקייט און ווילדען תענוג: זאָוולען אליין האָבען זיי צעשפּאָלטען דעם מח, ווייל ער האָט זיך אָנגענור־מען פאַר זיין ווייב און זיינע אויגען האָבען די שאַנדע ניט גע־קאָנט צוזעהן: אויך אינ'ם זעלבען חדר ליגט פּעשקע די קראַסאַ־וויצע, זאָוועל'ס פופצען־יאָריגע פּלימעניצע, צעמישט און גלייכ־גילטיג ניט וועלענדיג אָדער ניט זייענדיג אימשטאַנד צו העלפען דעם קינד: טראַכטענדיג, אז זי איז אליין טראָגעדיג מיט א גוי'איש קינד און אז זי איז אָנגעשטעקט געוואָרען מיט פראַנצען: נו האָט דאָס קליינע דריי יאָריגע קינד געמוזט בלייבען ליגען אין זיין אייגענער צייט א לאַנגע צייט: ס'איז געווען צרשוואַך אויפצושטעהן: איז עס נעלעגען און לעבעדיגערהייט געפוילט

אזוי אין דער אייגענער צייט און געשטאָרבען צווישען די קרי־
כעדיגע ווערים."

ב.

פונ'ם הויכען פארשפיצטען געוועלבטען פענסטער — ווי
אין פארצייטיגע אידישע שולען אָדער קאטוילישע קאָשצאָלען —
האָט זיך געזעהן, ווי עס ציט זיך דער ברייטער, רחבות'דיגער
גרענד קאָנקורס.

דאָס רייכע אפּארטמענט־הויז איז געווען געבויט ווי א קלין,
ווי א דריי־עק. ווייל א זייטיגע גאס איז ביי דעם ווינקעל אריינ־
געפאלען אינ'ם גרענד קאָנקורס — דעם אָקעאַן. מיט דער שמאָ־
לער, איינ־פענסטערדיגער וואנט איז דאָס הויז אויפ'ן קאָנקורס
ארויסגעקומען — בלויז אָט אָ די פּערפּענדיקולערע ריי פענס־
טער, און קיין אנדערע. פענסטער, וואָס האָבען אריבער־
גע קוקט, קיניגליך־אליין און אָפּגעאייזאמט, אויף דער
ברייטער עווענין.

דאָ, ביי דער וואנט, האָט יודזשין גולדענגער געהאט זיין
קאָבינעט. ארויסקוקענדיג פון זיין הויכען פענסטער אויפ'ן אכ־
טען עטאזש, איבער דער ברייטער וועלט אונטען און ארום, האָט
ער זיך נאָר געפיהלט, ווי א מלך, ווי א הערשער איבער נאָר דער
וועלט.

א בולוואר האָט זיך אין מיטען פון דער טאָפּעלט־ברייטער
עווענין געצויגען. שווארצע ריטלאָך פון הוילע בוימער האָבען
זיך געפלאָכטען און געריסעוועט אויפ'ן לופט־בלוי, — פאנטאס־
טישע בוימער־סקעלעטען, געמאָלענע מיט איידעלע וואסער־פאר־
בען. אין דער אָראנזש־פלאמענדיגער, פארגעהענדיגער ווינטער־
זון האָט ערטערווייז טונקעל געפלאקערט דער פעכיג־שווארצער
אספאלט, מיט טונקעלע פייער־לוזשעס. און ווייט אריבער די
מויערען און קאטעדזשעס מיט די שקיעה־ברענענדיגע פענסטער
— יעדעס פענסטער א חלום, א ווייט לאנד און אן אנדער וועלט
— האָבען זיך געצויגען טאָלען. נאָך ניט קיין באזעסענע, פעל־
זיגע, ווילדע, באבוימט מיט די דזשעראָם־וועלדער, וואָס זענען
פון די שטיינער־שפּאלטען געוואקסען. שטאָטישע באנען האָבען
זיך אויף ווייטע רעלסען אין דער לופט געקרימט און געבויגען

זיך — שטאָלערנע, עלאסטישע חיות, וואָס האָבען אַנגעפילט די לופט מיט דער פרייד פון גרויס־שטאָט. א ווייטער בריק. א סך בויגען־פאָרמיגע בריקען. שיפען, דאמפערס, מאָטאָר־שיפלאך, שלעפ־בארקאסען. א ווייס־פארנעפּילטער טייך. פּוג׳ם טייכ־נעפּיל האָבען שוין לאַמטערנעם אַנגעהויבען ארויסשיינען — אַן אייביגע אילומינאציע אויפ׳ן טייך.

און דערנאָך האָבען זיך ווייטער געצויגען בערג, און ווידער א טייך, דער פון דאנען אומגעזעהענער האָדסאָן. יודזשין גול־סענגער האָט מיט׳ן שארפ־שטאָלענעם אויג די שטיינערנע בערג דורכגעדרונגען, און אַלץ געזעהן. זיין בלוט האָט אין אים גע־שטיגען, און זיינע אָדערען זענען שטאָל געוואָרען, ווען ער האָט געקוקט אויף דער פעלזיגער גענענד ארום. פון זיין הויכען פענ־סטער, ווי פון א טורעם ארונטער, האָט ער איבער׳ן ארומיגען לאַנד געלוגט.

און דאָ, אין מיטען שטאָט, האָט זיך דער ברייטער, מלכות׳־דיגער נרענד קאָנקורס געצויגען, מיט דינאמיט דורכגעריסען, מיט אייזענס דורכגעבראָכען, דורך שטיינערנע, ווילדע בערג. אוי־טאָמאָבילען, אויטאָמאָבילען, אויטאָמאָבילען, האָבען זיך דורך טאָג און נאכט געצויגען — פון ערגיץ ניט, אין ערגיץ ניט, אין דער אומבאשטימטער, זיך קיינמאָל ניט ענדערענדיגער ריכטונג, — די ריכטונג פון אהין און צוריק. נאָכאנאנד, איילענדיג, קיינמאָל ניט אויפהערענדיג, פון דער שטאָט אויפ׳ן לאַנד ארויס און פונ׳ם ווייטען לאַנד צוריק, דורך שטאָט צום ים־צו. און אז יודזשין גול־סענגער האָט נאָכגעקוקט די אויטאָמאָבילען, איז אים אלעמאָל אויסגעקומען, ווי ערגיץ וואו איז א גרויסער, פיל־פעלקערדיגער יום־טוב פאָרגעקומען, אָדער א רייכע, פּאמפּעזע און אייביגע לויה.

ווייט האָט ער געקוקט, ווייטער און ווייטער, איבער פעלד, שטיין, מויער און לאַנד, אויף יענער זייט האָדסאָן. דאָרט איז געווען יודזשין גולסענגער׳ס זומער־גוט, וואו ער האָט זיך עס באקענט מיט מיס עסטעל שיינטאל׳ן. דאָס איז געווען א פּאָר וואָכען נאָכדעם, ווי ער האָט זיך צוריקגעקערט פון זיין רייזע איבער מזרח־איירפּאַ. פאר די אויגען האָט זיך איצט ווידער

אויסגעשטעלט — פּונקט ווי זאכען און טעג, איינמאָל געוועזענע, פארשווינדען שוין קיינמאָל ניט — י ע נ ע ר הערבסט־טאָג.

א שפּעטער הערבסט־טאָג. א סך ליכט. אינדיאַנער זומער, פּורפּור־בלעטער. א ברייטער זאמדיגער שליאך — דער גאָלף טראַקט — וואו ער, א זומערדיג אָנגעטאָנענער, א הויכער, ברייט־פּלייצעדיגער מיט אן אטלעטישער פיגור, איז לייכט איבער׳ן וועג געגאַנגען. דער יונגער בחור׳ל האָט אים דעם זאַק מיט די גאָלף־שטעקענס נאָכגעטראָגען — א נושא־כלים צו א גרויסען קריגער. דאָס בלוט איז אין אים געווען פּורפּור אויפגעשלאָגען, ווי די בלעטער ארום, ווי דער ווילדער און ווייכ־ווערענדיגער ווייִנטרויב.

האָט אים איצט דער פאָרשטעהענדיגער אָוועגט דורכגענומען מיט א ציטער פון א נייער פרייד.

ער האָט זיך געבאָדען א גאַנצען פארנאכט, געוואשען, זיך פּאַרפּיומירט, און זיך געגרייט פאר׳ן יום־טוב היינט ביינאכט.

און אין יענעם אָוועגט האָט זיך פאר דער טיר פון׳ם טעמ־פּעל „נייטס אָוו מוירסי" געזעהן א קליין שילד. געהאַנגען איז זי שוין דאָרט אפילו א גאנצע וואָך, נאָר היינט אין אָוועגט זענען די עמאַל־בוכשטאבען אויפ׳ן שווארצען מאַפּעל געווען באַלויכטען מיט׳ן לאַכעדיג־גרויסשטאָטישען ליכט פון אן אריבערהייִנגענדי־גער עלעקטרישער לאָמפּ.

א סאָשייבל.
א טאַנץ און אונטערהאַלטונג געגעבען פון די
ליידיס אָקזילערי פון׳ם טעמפּעל
„נייטס אָוו מוירסי"
אין די וועסטרי־צימערען.
אלע זענען ווילקאָמען.
צו־בייסענס ווערען סערווירט.
אָנפאנג 8:30 אָוועגט, שאַרף.

א לאַנגע שערענגע אויטאָמאָבילען און קארעטען האָט נער־דרימעלט אינ׳ם בלויען דרויסען, פאר די טויערען פון׳ם טעמפּעל „שערי רחמים". זיי, די טויערען, זענען שוין פון תחלת אָוועגט געווען באַפּוצט מיט טראָפּישע פלאַנצען און קינסטליכ־אויסגע־

פלאכטענע גירליאנדעס פון אלערליי־קאלירטע עלעקטרישע לעמפלאך. דאמען אין פוטערס פון האדסאן־סיעל און מארדערס, הערן אין צילינדרען, מיט פארפומירטען קאקא־נוס אויל אפגע־גלאנצטע, מיט די שטייפע ווייס־געפרעסטע העמדער־בוזימס און אין חשוב'ע איווגינג־דרעסעס, האבען א גאנצען אווענט געהאל־טען אין איין ארונטערשטייגען.

א ווייסער, בלישצענדיגער שניי, מיט ברייטע פעדערדיגע ריידעלאך, איז געפאלען — דער ערשטער שניי. ער האט אנ־געפילט די לופט צווישען הימעל און ערד, דעם ברייטען קאנקורס און דעם אווענט מיט א יום־טוב'דיגקייט און א פלוצלונג־ארונ־טערגעפאלענער פרייד.

פייערליכ־שווייגענדיג האבען די טויערען ארייגנעלאזען די הערען און די דאמען.

איצט איז שוין געווען שפעט־אווענט.

אונטען, אין דער „ווענסטרי"*) פלעגט מען דאווענען די שבת אין דער פריה'ס, ווייל שבת צו שחרית פלעגען קומען זער ווייניג מענשען. עלטערע, עובר־בטל'דיגע ייִדעס און באבעס, א אינגעל אדער א מיידעל, וואס פלעגט דארפען זאגען קדיש. אהן ארגעל, אהן געזאנג, איילענדיג־געשעפטסמעסיג פלעגט דער הייליגער רעווערענד, דר. אבאדיאה סילווערשטיין, דורכפרעפלען די שחרית־תפלות. די יונגע און מיטעל־יעריגע קאנגרעגיישאנ־מיטגלידער פלעגען האמאלס אין דערזעלבער שעה האלטען אין ארויסגעבען די לעצטע באפעלען פאר דער וואך ערגיץ אין די טורעם־געביידעס, וואס נידעריגער פונ'ם סיטי־האל, אדער אין די אנגעפיקעוועטע מאגאזינען. די רייכערע — אויף בראדוויי און פינפטע עוועניו. די ארימערע — אויף סט. ניקאלאס און אמסטערדאם עוועניוס. און די דאמען האבען ניט געהאט צוליב וועמען צו קומען אין שול אריין.

און דא איז איצט אויך פארגעקומען די אונטערהאלטונג. ס'איז שוין געווען שפעט אין אווענט. יודזשין גולסענגער האט געהאלטען זיין רעדע. ער האט איבערגעגעבען זיינע ערפארונגען פון זיין פארהווילען אין מזרח־איראפא, און די פילע זאכען, וואס

*) וועסטרי — דער פאליש — זייטיגע צימערען.

ער האט דארט געמאן. דערנאך, פון די איינצעלנע פאקטען, איז ער איבערגעגאנגען צו אן אלגעמיינער באטראכטונג וועגן דעם עטישען אינהאלט פונ׳ם לעבען און וועגן דעם, אז איינער דארף אלעמאל טאן גוטס פאר׳ן צווייטען. איינער דארף אלעמאל דינען דעם צווייטען. ניט העכער, ניט נידעריגער — יעדער איי־נער דארף זיך באטראכטען פאר דעם צווייטענ׳ס דינער. און מיר דארפען קיינמאל ניט וועלען קיין באלוינונג פאר אונזערע מעשים — אונזער אינערליכע באפרידיגונג איז אונזער בעסטע באלוינונג. ניין, דאס אויך ניט. דאס איז שוין צופיל. דאס איז דאך שוין אויך א באלוינונג! מיר טארען זיך ניט גלעטען איבער׳ן בעקעלע פאר די גוטס, וואס מיר טוען א צווייטען. איבער דעם ווערען מיר ניט קיין העכערע, קיין בעסערע מינים מענשען. מיר דינען איינער דעם צווייטען, ווייל מיר זענען מ ח ו י ב דאס צו טאן — ווייל עס איז אונזער פליכט. אונזער הייליגע פליכט. יא.

— לאמיר, — האט ער געזאגט, און מיט עסטעל שיינטאל האט זיך געוואונדערט צו דערזעהן אים אין נ א ך א ליכט, אין א נייען ליכט, אין דעם פרומען רעווערענדישען אויסדרוק פון זיין פנים, און דאס האט אים נאך טייערער געמאכט אין אירע אויגען. — לאמיר בויען צוזאמען א שיף. א שיף. דאס שיף מיינט פאר אונז דער כאראקטער — דער כאראקטער פון דעם בעסערען מענ־שען. צוערשט מוזען מיר דאך בויען דעם פונדאמענט, דעם הויפט־חלק פונ׳ם שיף, דעם גוף פונ׳ם שיף. און דא לייגען מיר אוועק די ערשטע, וויכטיגסטע ברעטער, דעם אויפהאלט פון דער גאנצער געביידע — וואס דאס מיינט, כ׳חזר איבער נאך אמאל, אונזער כאראקטער — די וויכטיגסטע ברעטער. און די ברעטער וועלען מיר אנרופען: „סוירוויס“, דינסט, וואס איין מענש דארף ארויסווייזען דעם אנדערען.

דער עולם איז געזעסען שטיל, פארגאפט. יודזשין גולסענ־נער׳ס פנים איז מיטאמאל געווארען שטריינג. די אויגען — בייזלאך־פארשפיצט, און מיטען פינגער האט ער אויף עמיצן אן אומגעזעהענעם געטייט — גע׳מוסר׳ט און געשטראפט.

— אבער די הויפט־ברעטער — „סוירוויס“ — כאטש זיי זענען דער וויכטיגסטער טייל פונ׳ם שיף — כאראקטער — זענען דאך ניט אלץ. זעהר א וויכטיגע ראלע אינ׳ם שיף שפילען די

ז ע נ ל ע ן, און יעדער איינער קאָן אויפ׳ן שיף אַרויפציען זיינע זעגלען — יאָ, יעדער איינער, יעדער מענש איז זיין אייגענער באַלעבאָס, און איז פאַר זיך זעלבסט פאַראַנטוואָרטליך — און וועלכע זעגלען ער ציט אַרויף, אַהין וועלען זיי אים פירען. צום לעבען אָדער צום טויט. און וועלכע זעגלען, מיינע ליבע שוועסטער און ברידער, זאָלען מיר אויף אונזער שיף אַרויפציען?

ער האָט זיך אָפּגעווישט דעם שטערן, אויסגעטרונקען קאַלט וואַסער פון גלאָז.

— מיר וועלען אַרויפציען דעם ערשטען זעגעל. מיר וועלען אים אָנרופען: „ד ע ר  ז ע נ ע ל  פ ו נ ׳ ם  ר י י נ ע ם  מ ו י ל“. ס׳איז קלאָר. מען דאַרף ניט דערקלערען, וואָס דאָס באַטייט. און אַז מיר האָבען שוין דעם ערשטען זעגעל זיכער און פעסט אויף זיין אָרט וועלען מיר אַרויפציען אויף אונזער שיף דעם צווייטען זעגעל. און דעם וועלען מיר אָנרופען: „ד ע ר  ז ע נ ע ל  פ ו נ ׳ ם  ע ר ל י כ ע ן  א ו י ג“. און דאָס איז אויך קלאָר. און אויך דאָס, האָף איך, נויטיגט זיך ניט אין קיינע פּאַרטיי־טשונגען. די צוויי וויכטיגסטע זעגלען אויף אונזער שיף „כאַ־ראַקטער“: דער זעגעל פונ׳ם ריינעם מויל און דער זעגעל פונ׳ם ערליכען אויג.

און זיין פּנים איז נאָך שטרייגער און מוסר׳דיגער געוואָ־רען, שטאַרקער און בייזער האָט ער געטייט מיט׳ן פינגער אויף עמיצען אין אומגעזעהענעם:

— היט זיך פאַר׳ן אומריינעם מיאוס׳ען מויל און אומערלי־כען, ניט־פאַרגינערישען אויג! כ׳מיין ניט אייך — כ׳בין זיכער, אַז איר, מיינע פריינט, האָט אַרויפגעצויגען די ריכטיגע זעגלען אויף א י י ע ר שיף. אָבער, צו מיין און צו אונזער אַלעמענס באַדויערען, זענען דאָ אַזעלכע מענשן — און אַ סך מאָל קומט טאַק אונז אויס צו ליידען פון זיי — וועלכע האָבען אויף זייער שיף אַרויפגעצויגען די זעגלען פונ׳ם אומריינעם מויל און ניט־פאַרגינערישען אויג. דאָס פירט צו דערנידערונג, פאַר׳מאוס׳ונג און, ענדליך, צום טויט. יאָ, צום טויט. כ׳דאַנק אייך.

מען האָט אים שטאַרק אַפּלאָדירט. „אַ פראַכטפולע רעדע“ „אַ מייסטערווערק“, „גלענצענד דורכגעפיהלט, פול מיט אמת׳ן

סענטימענט, הארציגער ווארימקייט און געריוטקייט". א פּאָר עלטערע פרויען — שוין אָפּגעשוואכטע געוועזן, און די קאָנטראָל איבער די נערוו־צענטערן פון די לאקרימע דריזען האָבען זיי שוין אנגעוואָרען — האָבען זיך די קוואלען פון טרערען ביי זיי גע־עפענט, און פרום און אין דער שטיל האָבען זיי געבענשט גאָט, וואָס זיי אליין שטאמען ניט פון יענע מדינות, און וואָס ז י י ע ר ע קינדער געפינען זיך דאָ, אין זיכערהייט.

די אינגערע דאמען האָבען איניגסט אָנגעקוואָלען פונ'ם גע־זונטען, מאנסבילשען אויסזעהן פונ'ם רעדנער, וועלכער האָט אויסגעקוקט אין זיין אָראַטאָרישען ענטוזיאזם, ווי אן אמת'ער העלד, א פירער. די, וואָס זענען נאָך געוועזן מיידלאך, האָבען נעקוקט מיט קנאה אויף מיס שיינטאל'ן. און די, וואָס זענען שוין געוועזן פארהייראט, האָבען געקוקט מיט גרינגשעצונג און פארדראָס אויף זייערע אייגענע מאנען.

און די הערען האָבען דערווייל געטראכט, וואָס פאר א דאָ־ניישאָנס זיי זאָלען געבען, לויט זייער שטאנד און לויט זייער נאָמען, ס'זאָל ניט זיין קיין דערנידערונג פאר לייטען. מען האָט זיך אומגעקוקט, ווער ס'איז דאָ. די, וואָס זענען דאָ געוועזן מיט כלות אָדער „ליידי־פריענדס" האָבען א ווײַלע געטראכט וועגען די כלות און דער כלה'ס עלטערען, און לויט די אויסרעכענונגען באַ־שטימט צו געבען די געהעריגע „דאָניישאָנס".

אז דער גאנצער סכום געלט און פּלעדזשעס איז שפּעטער באקאנט געוואָרען, האָט מיס עסטעל שיינטאל געהאט אויפגע־פלאמטע באקען, און זיך געפיהלט די גליקליכסטע פרוי אויף דער וועלט. און יורזשין גולסעננער, וועמעס פארדינסטען עס זענען דאָ אָפּען און פון אלעמען אנערקענט געוואָרען, האָט מיט גרויס־מוטינקייט און ליבע געטראכט, אז עסטעל איז א וואונדערבאר־פעהיגע פרוי, און אלץ, וואָס זי נעמט אונטער פירט זי דורך מיט א סך „עפישענסי". אויף איר וועט מען זיך שוין קענען נאָר א סך פארלאָזען, סיי אלס פרוי, סיי אלס הויז־ווירטין, און סיי אלס עצה־געבערין אין לעבענס־ענינים. זיין באשלוס צו שדכנ'ען זיך צו איר איז דאמאָלס געוואָרען נאָך שטארקער.

איצט איז שוין געוועזן נאָך אלעמען. רובינשטיין און קענ־נעטה, דער רזשעניטאָר פונ'ם טעמפּעל, האָבען אוועקגעשלעפּט

צו דער וואנט אלע שטולען, און געמאכט פלאץ פאר טאנצען. באלד האָבען זיך צו דער מוזיק פון דער האַיאל, פויק און סאקסא־פאָן געדרייט יונגע פאָרלאַך מיט גליקלאכ־צעפלאמטע פנים׳ער. זיי האָבען געטראכט:

— נאָך אלעמען איז די וועסטרי פונ׳ם טעמפעל אן אויסגעצייכענטער פלאץ פאר טאנצען. דאָ האָט מען פונ׳ם טאנצען גע־קאָנט א סך מער הנאה האָבען, ווי אפילו אין די גרעסטע טאנצ־האָלס. אלץ איז געווען אזוי עקסקלוסיוו, דער עולם — אן איי־גענער, א געקליבענער. און דאָ איז טאקע געווען א סך פלאץ פאר׳ן ניכען טעמפאָ פון די יונגע טאנצער. זיי האָבען געקאָנט ארייננעמען די בייעסטע, קונציגסטע „סטעפס“, אויסדרייען די שענסטע „העזיטיישאָן וואלצערס“ און די פאנאנדערברענענדיג־סטע, שפיציגסטע „פאקס־טראָטס“.

דאָס אומגעפער, איז געווען דער תוך פון די רייד און מחשבות פון די יונגע פאָרלאַך.

אונטער׳ן סופיט האָבען זיך געקנוילט די ווינקעלדיגע, קי־צעלדיגע קלאנגען פון דער דזשעז־מוזיק. אין א זייטיגען צימער זענען געווען אָנגעשטעלט טישען מיט ויינען — בורגונדי, מאָזעל, באָרדאָ, קאליפאָרניע, זיסער מוסקאטעל און זויערע רהיין־וויינען, שמאָל־העלזיגע, שלאנקע שאמפאניער־פלאשען, קוישען מיט פרוכט, זיבענ־פאכיגע טאָרטען. פון דע ר קיך ארוים — די וואונ־דערבארע, אייגענע קיך איז געווען דער שטאָלץ פון דער קאָנגרע־גיישאָן „גייטס אָוו מוירסי“ — האָט מען סערווירט טיי, קאפע און פאָסטאָם פאר די עלטערע לייט. די עלטערע לייט — שוין די טאנצ־יאָרען אריבער — האָבען עס זיך ארומגעקליבען דאָ ארום די טישען.

דורכ׳ן טומאן, וואָס האָט זיך אויפגעהויבען פון די ציגארען און די הייסע געטראנקען, האָט זיך געזעהן עפעס א גרוי־באוואק־סענער, שאָטענהאפטיגער קאָפ. א פאָר אייגנעטריקענטע ליפען האָבען זיך ישוואך און עובר־בטל׳דיג געשאָקעלט. און איבער׳ן טומאן האָט זיך עס אויסגעדאכט, אז ס׳איז בלויז א קאָפ, א באַ־זונדערער, פונ׳ם גוף אָפגעשניטענער קאָפ, וועלכער האָט אָנגע־

הויבען ריידען. קיין אויגען האָבען זיך ניט געזעהן. בלויז א מויל.

„...און אנדערש מאָל פלעגען די קאָזאקען צווינגען די עלטערען דער׳הרג׳ענען זייערע אייגענע קינדער. דאָס איז געווען דער פאל מיט אברמ׳ל קראוק׳ן. אויב די עלטערען פלעגען זיך עס אנטזאגען צו טאָן, פלעגען די קאָזאקען זיי צע׳נהרג׳ען, איזדעקעווען זיך איבער זיי, שלאָגען מיט די באגנעטען, ארומשלעפען פאר די האָר, און מוטשען זיי אויף אנדערע אופנים. אויב אינ׳ם הויזגעזינט האָבען זיך געפונען יונגע מיידלאַך, פלעגען די קאָזאקען פארשפארען די איבעריגע פאמיליען־מיטגלידער אין א זייטיגען צימער, וועלכער פלעגט באוואכט ווערען פון א סאָלדאט, און דאמאָלס פלעגען זיי מאנס זיין די פרויען, איינע נאָך דער אנדערער. אין אנדערע שטעט פלעגען די קאָזאקען אוועקשלעפען די יונגע מיידלאַך אין די סעדער אָדער וועלדער — פרילינג איז עס געווען, ארום שבועות — און נאָך די חיות׳דיגסטע מיני איזדעקעווען זיך איבער זייערע קערפערס, זיי דערנאָך דער׳הרג׳ענען. די, וואָס זענען געבליבען לעבען, ווארטען, ביז זיי וועלען געזונט ווערען און וועלען האָבען גענוג כח זיך אליין צו דער׳הרג׳ענען.“

דאָס ענגלישע וואָכענבלאט, וואָס איז די גאנצע צייט געהאנגען אין דער געפילדיגער לופט פאר דעם אונטערגעהאלטען קאָפּ — ס׳האָט זיך אויך ניט געזעהן, ווערמעס האנט ס׳האָט עס צוגעהאלטען דאָס בלאט פאר׳ן גרויען צעקאשמעטען קאָפּ — איז ערגיץ ארונטערגעפאלען.

— פע, ווי קאָנען זיי עס גאָר... — די דיקע דאמע מיט׳ן דריי־גאָרענדיגען גוידער האָט געפאָכעט איר אויפגעקאָכטען פנים מיט׳ן יאפאנעזישען פעכער. ס׳איז ניט געווען קענטיג, אויב ס׳פארדריסט איר אויף די קאָזאקען, אָדער אויף דאָס בלאט, וואָס שעמט זיך ניט צו באשרייבען אזעלכע אומאנשטענדיגע זאכען. — פע, — האָט זי זיך געערגערט — ווי קאָנען זיי עס גאָר!...

— מיין גאָט, מיין גאָט! — די דאמע אין די מיטעלע יאָרען, וועלכע האָט א גאנצען אָוונט פלירטירט מיט׳ן טרעזשורער פונ׳ם טעמפעל, האָט עטוואָס ארונטערגעלאָזען די אויגען, בעת יענער האָט אונטער׳ן טיש געדריקט זיין קני צו אירער. מיט־

אמאָל האָט זי זיך דערפיהלט שטאַרק אומבאקוועם און נאַריש. זי האָט געהאט דאָס געפיהל, ווי זי וואָלט זיך מיט עמיצען ליב געהאט אין דער פינסטער, און מען האָט אויף זיי פּלוצלונג דאָס ליכט אויפגעדרייט. דערפאר האָט איר אויף עמיצען — אן אומבאקאנטען, דערשלאָגענעם און אָפּשטויסענדיג־שוואכען עמיצען אויף יענער זייט ים — פאַרדראָסען. זי האָט בייזליך פאַרביסען די ליפּעלע. — מיין גאָט, מיין גאָט, — האָט זי גע'חזר'ט צער'דיג, און אָפּגערוקט איר קני.

א מינוט איז געוואָרען שטיל, און אלע מענער און ווייבער, איינציגע און פרעמדע, צעהיצטע איינער קעגען אנדערען, האָבען זיך דערפיהלט — איבער עמיצענס, נים זייער שולד — נאַריש און דערצאָרענט. דאָס געשפּרעך האָט זיך ווייטער נים געקלעפּט. און אלע האָבען געקוקט אויפ'ן גרויי־פאַרגעלטען קאָפּ פונ'ם אלטען עובר'בטל'דיגען קאָנגרעגיישאָן־מיטגליד, ווען ס'איז איגמיטען איינגעפאַלען צו לייענען דאָס דאָזיגע שטיקעל נייעס. דאָס איז זיכער געווען — האָבען זיי אלע געטראכט — א סימן פון גראָבע אומאנטוויקעלטע מאַנירען. דאָ זענען געווען דאמען, און זיי האָבען זיך דאָך געקאָנט פיהלען אומבאקוועם. און וואָס איז דאָ צו ריידען — זיי האָבען זיך טאקע אלע געפיהלט שטאַרק אומבאקוועם, און נים געוואוסט, וואָס ווייטער צו טאָן.

דאמאָלס האָט יודזשין גולסענגער, וועלכער איז דאָ ביים טיש געזעסען, פאַרטיפט אין א געשפּרעך מיט מיס עסטעל שיינטאל'ן, געוואָרפען א רוגזה'דיגען בליק אויפ'ן פאַרוואקסענעם קאָפּ האָר, וועלכער האָט איצט געדרימעלט איבער א גלאָז עפּעס, אן אויסגעמאַטערטער.

— אזעלכע עובר בטל'ס... גאָרנים, זיי מעגען זיך לעבען געזונטערהייט. אָבער פאַרוואָס לאָזט מען זיי נים זיצען אין דער היים ?

א דערצאָרענטער האָט ער זיך אויפגעהויבען, אָנגענומען זיין דאמע אונטער'ן אָרעם, און ארויסגעגאַנגען אן אָנגעבלאָזענער פון צימער.

אויפ'ן וועג האָט ער איר אויסגעגאָסען זיין האַרץ:

— אך, מיין גאָט... צו וואָס ריידען אזויפיל וועגען רעם. —

ער האָט דאָך גוט פארשטאַנען, פון וואנען דער באריכט אינ'ם
ענגלישען וואָכענבלאט שטאמט: פון זיי, פון די אידען, נאטיר־
ליך!... אָבער צו־וואָס אזויפיל שמועסען וועגען דעם אין דער
עפענטליכקייט, רייסען אלעמען די אויגען! קאָנען דען די רייד
העלפען. וואָס מיר קאָנען, טוען מיר דאָך. אָט האָב איך געגווי
א יאָר צייט גע'פטר'ט צווישען זיי. זיך אויסגעשטעלט צו אלער־
ליי געפאַרען, געקאָנט אנידערפאלען אין א ליאַרע עפּידעמיע,
וואָס הערשען דאָרט כסדר, געליטען אלע אומבאקוועמליכקייטען
און אומריינקייטען, אלערליי מאנגלען.... און צוליב וואָס? צוליב
וועמען? דאָך אלץ צוליב זיי. אָבער אויף זיי איז גאָרניט אָנ־
געלייגט. אלץ טוט מען פאר זיי, און זיי זענען תמיד אומצופרי־
דען. פונקט ווי עס וואָלט זיי געקומט! אומדאנקבארע...
פע, מאוס...

ער איז אנטשווייגען געוואָרען, ווייל ער האָט זיך געכאפּט,
אז ער ווערט אין כעס, וואָס ס'איז ניט געווען שעהן ארויסצו־
ווייזען פאר א כלה אין דער גאָר ערשטער צייט. אָבער קיינער
האָט דאָך אים ניט געקאָנט שטערען, ער זאָל טראכטען פאר זיך
אזוי, ווי ער וויל. האָט ער עס טאקע געטאָן. אומגעפער אזוי —
אין דער שטיל, פאר זיך:

„— פע, א מאוס'ער עולם... מען קאָן פאר זיי קיינמאָל ניט
יוצא זיין. זיי מאכען עס דאָך אָן אזא טומעל, אזא געפילדער.
ער האָט זיך דאָך שוין לאנג געוואָלט פארגעסען אָן זיינע דער־
דריקענדיגע איינדרוקען פון דאָרט, איז געקומען דער היינטיגער
אָווענט. ער וואָלט דאָך זיכער, — נאָכדעם, ווי אים איז אין
פארלויף פון א היבשע פּאָר חדשים געלונגען זיך אָן אלץ צו פאר־
געסען — ניט געהאלטען די דאָזיגע רירענדע רעדע. ס'איז ני[illegible]
איבעריגנס אנגענעם זיך ווידער פאָרצושטעלען יענע ערטער אי[illegible]
מענשען. ער געדיינקט זיי נאָך — די שמוציגע, די אָפּגעריסענע,
די פארווערימטע, מיט די ווילדע העווית און דעם מאָדנעם נ[illegible]
זאנג אין זייער ריידען, אזעלכע צודריינגליכע, אזעלכע קלעפּ־
דיגע. זיי האָבען דיר אלעמאָל געמאכט דעם איינדרוק, אז ד[illegible]
טוען זיי גאָר ד י ר א טובה, פארוואָס זיי נעמען הילף... אי[illegible]
אזעלכע ניט־פארגינערס! מען האָט נאָך געמאכט אויף זיי
בלבולים, אז ער צאָלט זיי ניט אויס געגוג, אז ער לעבט רייכ־

פארשוועגדערייש !... אויף זייער גלעט ? דערלייגען זיי עפּעס צו דעם ? א גיט־פארגינעריש אויג...

...מיט די פּאָליאַקען איז שוין געווען א סך בעסער, אנגע־נעמער צו האנדלען — האָבען כאָטש מ א נ י ר ע ן ! איידעלע דזשענטעללייט, שמייכלען פריינדליך, זענען געווען דאנקבאר, ווען ער האָט פאר זיי עפּעס געטאָן... נאַטירליך, האָט ער פאר קיינעם ניט ארויסגעזאָגט זיינע איינדרוקען, דאָס, וואָס ער דיינקט — ע ר האָט נאָך גענוג טאקט ! אָבער ביי זיך אין הארצען ווייס ער דאָך — מיט די פּאָליאקען איז דאָך זיכער אנגענעמער געווען צו האנדלען, ווי מיט „זיי"... האָבען כאָטש א ריין מויל — — "

דורך געדרייטע האלב־באלויכטענע שטיגען האָבען זיי זיך אויפגעהויבען פון דער „ועסטרי" אינ׳ם בייסמענט, אין דער הויף ארויף אינ׳ם טעמפּעל אריין. זייערע טריט האָבען באלד דער־פיהלט די ווייכע בארואיגענדיגע קארפּעטס, וואָס זענען געווען פארשפּרייט איבער די טעמפּעל־דורכגאנגען. דאָרט איז געווען טונקעל און שטיל.

ג.

אונטען, ארום דעם טיש, אָנגעשטעלט מיט קוישען פרוכט, בארויטעלט און באפּורפּעלט מיט די פארשידענסטע ווייגען אין די געשליפענע קוילישעקלאך און בעבערלאך — גראנירטע בעל־גישע דימענטען־ארבייט — איז די סעודה נאָך אלץ אָנגעגאנגען.

נאָר ש ו ו י י ג ע נ ד י נ ע ר ה י י ט.

דאָס ליכט האָט געברענט און די ווייגען האָבען זיך געוויי־טעלט אין שווייגעניש.

דער פּרעזידענט — לודוויג מוירשנער, ע ס ק ו ו י י ר — האָט עס געפיהלט אלס זיין חוב, איצט, אז די „ווירטין" מיס שיינמאַל, איז פארשוואונדען, — האָט ער עס געפיהלט אלס זיין חוב ארויסשלעפּען דאָס געשפּרעכען־שיף פון די געפערליכע וואַ־סערען, אויף א זיכערען ווענ. אויף אן איידעל־אָנגענעמען, גע־זעלשאפטליכען געשפּרעך אין די גרעניצען פון שמייכעלדיגען, רו־איגען, לייטישען ג ע ז ע ל ש א פ ט ל י כ ע ן פארקער.

—נ־נא, נאַטירליך, עס איז דאָך א היפּש ביסעל איבערגע־טריבען.

— יאָ, איר ווייסט דאָך! צייטונגען!

— וואָס אמת איז, — בלויז אין די „אידישע" צייטונגען ערשיינען דאָך אַזעלכע באַריכטען — מען דאַרף זיך בכלל פאַר־האַלטען פאָרזיכטיג צו אַזעלכע ידיעות, אויסערסט פאָרזיכטיג. מרס. אַרעל בורהאָף האָט געהאַט אַן אויפגערעגט־פלאַמענדי־גען פנים. זי איז געווען איינע פון די הויפט־אינספעקטאָרס פון דער גרויסער הילפס־אָרגאַניזאַציע, — אַן אויסלענדישער אינ־ספעקטאָר. די מייסטע צייט פון יאָר — אויסער די צוויי ווינ־טערדיגע מאָנאַטען, וועלכע זי פלעגט פאַרברייגגען אין די האַלב־טראָפּישע בערמיודאַ־אינזלען — פלעגט זי אַרומפאָרען פון אַמערי־קאַ קיין אייראָפּאַ, און צוריק. אין די אינטערעסען פון די אָרימע, ליידענדע ברידער. און אַ באַהאַלטענע, ביטערע קריוודע האָט זי געהאַט קעגען די אידישע צייטונגען, וועלכע האָבען, אין זייטיגע באַמערקונגען, געגעבען פיל מאָל אָנגצוהערענישען, אַז זי פאַר־שווענדט צופיל פון די הילפס־געלדער פאַר אירע לוסט־רייזען קיין אייראָפּאַ, און אַז, בכלל, פּאַסט זיך מרס. אַרעל בורהאָף נישט פאַר אַזאַ אַרבייט: זי איז אַ פרעמדע. און האָט זי דען נישט אָנ־געשטעלט אַ ספּעציעלע פּריוואַט־סעקרעטערין, אַן איסט־סיידער מיידעל, וועלכע איז אויך שטענדיג אַרומגעפאָרען מיט איר, בלויז דערפאַר, ווייל זי האָט געקאָנט אידיש, און האָט איר גע־האָלפען זיך פאַרשטענדיגען מיט די אָרימע ברידער, מיט די „ידען"? אַן אַנטוישטע, אָנגעפילט מיט פּעסימיסטישע גע־דאַנקען וועגען דער מענשליכער אונדאַנקבאַרקייט, פלעגט מרס. אַרעל בורהאָף אין געדאַנק צוגעבען מיט אַ טרייסט:

— שווער יוצא זיין קעגען אַלעמען — — —

דאָ האָט זיך אַריינגעמישט די בלאָנדע שלאַנקע דאַמע, מיט'ן עטוואָס־פאַרריסענעם נעזעל און די גאָלדענע האָר, וועלכע איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שווייגענדיג, מיט אַן איידעלער דער־וויטערטער מינע פון אַ פרעמדער — אַ ליטווישען גאַסט. אַ גע־זיכט האָט זי אויך געהאַט אַ נישט־אידישען.

— נו, מאַלט אייך, אויף די ווילדע אוקראַאינער, אויף די האַי־דאַמאַקעס, איז דאָך אַליין צו גלויבען — חיות. זענען זיי דען מסוגל צו פאַרשטעהן, אַז אידען זענען אויך מענשען?

דער פּרעזידענט פון דער קאָנגרעגיישאָן, — לודוויג מוירש־

נער, עסקוויר — האָט אָנגעקוואָלען פון אירע רייד. ער האָט זיך געפיהלט אביסעל פאראנטוואָרטליך פאר איר. דאָס האָט ער זי דאָך איינגעלאדען אהער. זי איז דאָ געווען זיין דאמע.

— ווי דורכגעדרונגען מיט הומאניטארישע פרינציפען, — איז געווען אינ׳ם פרעזידענט׳ס באוואונדערונג.

און אויך זי אליין, די בלאָנדע דאמע מיט׳ן נדלות׳דיגען פנים, האָט א שטילען, איינגעהאלטענ־איידעלען שמייכעלע געטאָן פון צופרידענהייט. כאָטש אליין א פרעמדע, א גוי׳ע, א פוילישע — זי האָט געארבייט אלס „פלאָר־וואָקער״ אין איינעם פון די אָפיסעס פון דער גרויסער הילפס־אָרגאניזאציע — און דאָך: זעהט !...

— בכלל, גלויבט איר נישט, אז ס׳איז אלץ א סך פארגרע־סערט ? סענזאציעס, צייטונגען ווילען פראָפיטען שלאָגען ! ווייל איז דען גאָר מעגליך, אז מענשען זאָלען זיין אזוי שלעכט, אזוי שלעכט ? ?

דאָס האָט זיך געבעטען די דאמע אין די מיטעלע יאָרען ביי דער בלאָנדער דאמע מיט׳ן פאררוסענעם נעזעל. חנ׳עוודיג־אומ־באהאָלפען האָט זי אריינגעפאסט דאָס ראָזעווע שפיציגע קינעלע אין דער עפענונג צווישען גראָבען און טייט־פינגער. דער טרע־זשורער פון דער קאָנגרעגיישאָן האָט געטראכט: זי קוקט אויס אזוי „זאפטיג״ ! וואָס האָט איז געווען איינער פון די עטליכע אי־דישע ווערטער, וואָס ער — ווי א סך פון זיינס גלייכען — האָ־בען געוואוסט. די איבעריגע ווערטער זענען געווען: שמאלץ, מעזומאָה, שמיסען, נעשעפט, ידדישע קאָזאצקע.

זי האָט עס ניט געקאָנט — זי האָט עס ניט געטאָרט גלויבען. און ער האָט מיט א זעהר פריינדליכען קאָפ־שאָקעל צו־געשטימט דערצו.

— איז עס מעגליך, אז מענשען זאָלען זיין אזוי שלעכט, אזוי שלעכט ? מיין גאָט ! מיין גאָט !

אזוי האָט זי געזאָגט:

— מיין גאָט. מיין גאָט.

נו, רובינשטיין, דער שמש פון דער קאָנגרעגיישאָן, ווייל ער

האָט געוואָלט האַווירען און אויסנעמען ביי אַלע שוועסטער און ברידער פון דער קהלה, האָט ער זיך זעהר געסטאַרעט אַוועקפירען דאָס געשפּרעך פון דעם אומאַנגענעמען פּונקט. אַזאַ ווייטאָג: איבער ד ע ם קאָנען זיי נאָך אַ צווייטען מאָל ניט וועלען קו־מען! אויסערדעם, האָט ער אויך געהאַט אַ ווייך, מיטפיהלענדיג הארץ. האָט ער מער ניט געקאָנט צוזעהן דאָס פּייניגען זיך פון דער מיטעליאָריגער דאַמע, וועמען עס איז פון דעם פּשוט דאָס חיות איינגעגאַנגען.

רופט ער זיך אָן:

— נו, ליבע פרוי, איר דאַרפט זיך עס ניט נעמען אַזוי שטאַרק צום האַרצען. אין אַנדערע מדינות איז עס דערפאַר אַ סך, אַ סך בעסער. אומפאַרגלייכליך בעסער. אין פּוילען, *למשל*, רייסט מען בלויז בערד.

דער פּרעזידענט איז רויט געוואָרען, האָט פאַרשעמט אַ קוק געגעבען אויף דער בלאָנדער דאַמע מיט'ן ניט־אידישען פּנים. ער איז אָנגעבלאָזען געוואָרען מיט רציחה.

— ס'אַראַ נאַרישקייט, רובינשטיין... וואָס פּלאַפּעלט איר? ווער הייסט זיי דען טראָגען בערד?

— פע, בערד... ציגענע, שפּיציגע, קאַלטענעוואַטע בערד... אויסגעריבענע בעזימלאַך...

— דאָ — טראָגען מיר דען בערד, וואָס? אַזעלכע אומ־ציוויליזירטע!

— וואָלט איר דען געוואָלט טראָגען אַ באָרד? — דער פּרע־זידענט האָט דערצאָרענט געשלונגען רובינשטיינ'ען מיט די אויגען. ער האָט זיך געשעמט קוקען אין דער בלאָנדער דאַמע'ס זייט.

— ווילט איר דאָ אויך איינפירען בערד?

דער שמש האָט געפּלאַמט פון בושה. ער'ט געוואַרט די ערד זאָל זיך אים עפענען אונטער די פיס. נאָט, צו וואָס האָט ער עס נעראַפּט... פאַרלוירען האָט ער געשטאַמעלט:

— חלילה, בערד גאָר... ווער וויל עס דען בערד... ווער זאָגט דען...

און אַזוי ווי אַלע אויגען פון די פאַרזאַמעלטע האָבען געקוקט אויף אים מיט פאַראַכטונג און שנאה, האָט אין אים מיטאַמאָל

דאָס האַרץ געזונמען זינקען. אינסטינקטיוו האָט ער זיך געכאַפּט פאַר דער מאָרדע, און זי אָנגעהויבען ארומטאַפּען. אז די פּאַרזאַמעלטע האָבען זיך צונויפגעפּלאָנטערט אין אַ פּאַרטיפּטען געשפּרעך, איז ער צוגעלאָפען צום שפּיגעל, אָהן אָטעם. פון גרויס דערלייכטערונג, איז ער אזש בלייך געוואָרען.

— כ'דאַנק דיר, גאָט, — האָבען זיינע ליפּען געשעפּטשעט,

— וואָס איך האָב ניט קיין באָרד.

און ארום האָבען זיך געשאָטען שטעכעדיגע, אָפּשפּעטערישע רייד.

— הע, צוליב וואָס מענשען מאכען עס אַ טומעל...

— אז ס'זענען גאָר קיין מענשען נים...

— ווילדע ברואים...

— פּרא־אָדמ'ס...

— און ריידען נאָך איינגע'עקשנ'ט אויף זייער ווילדען קוידערוועליש...

— און ווילען נאָך, מען זאָל עס „אנערקענען“! „נאַציאָנאַלע רעכט“! „מינאָריטעטען־רעכט“!

מען האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו רובינשטיינ'ען, אים ארומגערינגעלט, אריינגענומען אין מיטען. שפּיציג־לאכעדיגע אויגען האָבען אים גענומען בריען:

— אנו, רובינשטיין, רעדט אונז אביסעל „ידדיש“... שמאַלץ, פּעטס, זאַפּטיג, מעזומאַ, איי־וואַי, כאַ־כאַ...

רובינשטיין האָט זיך דערשראָקען, פאַרלוירען געשמייכעלט, זיך אָנגעהויבען בעטען:

— אך, כ'וואָלט עס גערן געטאָן, נאָר פון וואנען זאָל איך עס קענען... איך בין דאָך ניט קיין רוסישער — איך בין אן אונגארישער, פון עסטרייך... מר. שיינטאַל קומט אויך פון עסטרייך.

מילא, האָט מען אים געמוזט אָפּלאָזען. דעריבער איז זייער צאָרן געוואָרען נאָך שטאַרקער. איינער האָט שארף, ווינקעלדיג אויסגעשפּיגען. (ס'איז געווען סקאנדאליעז: ער האָט עס אפילו נים געטאָן אין זיין זיידענער פּאַרפומירטער נאָזטיכעל. אָבער אין דער אלגעמיינער אויפרעגונג האָט עס קיינער ניט באמערקט).

— פע, ס׳אַרא עקעל... לאַנגע, קאַלטענעוואַטע, אומריינע בערד... מיט פעדים, לאָקשען און שמעק־טאַבאַקע..

— און זיי שרייען נאָך צו אונז, אז מ י ר זאָלען זיך אָנ־נעמען פאַר זיי! מ י ר זאָלען פאַרטיידיגען זייערע בערד! כאַ־כאַ!

אַן עלטערער, מיושב׳דיגער הער — האָט געשטאַמט פון אַן אַלט־אידישער יחוס׳דיגער משפחה ערגיץ אין מערען — האָט אים נעפּרואווט איינגנעמען:

— נו, אונזערע קרובים, ברידער... אַן אייגענע, מכה — מען דאַרף שוויינען. און מיט א קלוגען שוינ־ערהפאַרענעם קוק פון אונטער זיינע גרוי־באַברעמטע אויגען אַרויס, האָט ער צוגע־געבען:

— אַז איר ווילט, ליבער פריינט, איז עס דאָך מער ניט, ווי א גמילת־חסד... ווייל ווער ווייס — דאָס רעדעל קאָן זיך דאָך איבערדרייען, עס האָט זיך דאָך שוין אַזויפיל מאָל איבערגעדרייט און דאַמאָלס וועלען ז י י אונז אַלע צוריקקערען... האַ־האַ... מ י ר קאָנען דאָך ניט זיין זיכער!

דער, צו וועמען ער האָט גערעדט, האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר תמ׳עוואַטע, ניט־פאַרשטעהענדיגע אויגען.

וואָס, אייגענטליך, האָט ער מיט דעם געוואָלט געבען אָנצו־הערעניש? און דאָך איז אים פונ׳ם גו־יען אַלטישקענ׳ס קלונ־פאַרשטעהענדיגען, שוין א סך געזעהענעם בליק, עפּעס אַזוי קאַלע־מוטנע־אומהיימליך געוואָרען, און ער האָט זיך א ווײַלע פאַר־לאָרען. נאָר באַלד איז ער צו זיך געקומען, און נצחונ׳דיג אַרויס־געשריען:

— נו, אויב אַזוי... אויב אַזוי... אויב אַזוי — טאָ זאָלען זיי אַ ל י י ן די בערד אָפּגאָלען!

און אויף דעם האָבען זיך אַלע נעאייניגט. אַלע צוזאַמען האָבען אויסגעשריען:

— זאָלען זיי אַליין אָפּגאָלען די בערד!
— זאָלען זיי אַליין אָפּגאָלען די בערד!

און דער אָוענט איז ווייטער אָנגעגאַנגען. ס׳איז שוין געוועזן נאָך האַלבער נאַכט. מיטענאַכטיגע שטורעמס אויף ווייטע ים׳ען

האָבען זיך נעליינגט. אין דרויסען איז געווען שטיל.
ס'איז געפאלען דער ערשטער שניי.

שטיל האָבען די שנייאיגע רעדעלאך ארומגעטאנצט, זיך געוואקעלט, זיך פארלוירען, זיך צוריק אָפּגעזוכט, גענומען זיך פאר די הענטלאך, און געפאלען אויף די הויכע מויערען און די לעצטע פורפורנע קרויט־קעפלאך אין די קליינע גערטענדלאך. פאמעליך, לופטיג, ניט־אָנרירענדיגערהייט האָט דער שניי אלץ באדעקט. ווייס איז געוואָרען. א מעשה־וועלט, א חלום־וועלט. א שטאָט פון ווייסער שנייאיגער פארטראכטקייט צווישען פעלדער.

און פונ'ם אונטערשטען טייל טעמפּעל האָט זיך גאָלד פון די פענסטער געליינגט איבער'ן פארשנייטען הויף ארויס. די טאנצען זענען שוין אָפּגעשוואכט געוואָרען. בלויז א פּאָר שטאדקיונגע פּאָרלאך האָבען נאָך קינסטלעריש־מייסטערהאפט אויסגעטאנצט א „טויבען־גאנג". ארום די טישען איז געוואָרען פולער, רוישינגער.

און אז די הערצער פון די קאָנגרעגיישאָן־מיטגלידער זענען וואויל געוואָרען פונ'ם וויין, האָט דער טרעזשורער באפוילען רובינשטיינ'ען, ער זאָל ברייננגען נ א ך וויין.

— נ אָ ך וויין!

רובינשטיין איז ארויס אין טונקעלען קאָרידאָר, וואו אין ווינקעל האָט זיך געפונען די טיר אין שפּיזארניע אריין. דאָ האָט אים מיטאמאָל א קלאפּ געטאָן אין די שלייפען. ער האָט זיך נעמוזט אָנשפּארען אָן דער קאלטער עמאָלירטער וואנט.

ער וואָלט אפשר נעדארפט לאָזען דאָ אלעמען און גיין אהיים? ער איז דאָך געווען זעהר מיד. ער האָט אָבער געוואוסט, אז ס'איז נאריש. אז ער וועט עס ניט טאָן. אין מיטען דערינען? זיי וועלען דאָך דאָר בלייבען אָהן וויין!

קלערט ער, אז ס'איז שוין בעסער ארויפגעהן אויבען אינ'ם טעמפּעל־זאָל ארויף. דאָרט איז שטיל און טונקעל. ער'ט זיך אביסעל אָפּרוען. ס'איז גאָרניט — ס'וועט אריבער. ס'קומט פון בלוט־אָרימקייט. ער האָט שוין אָפּט געהאט אזעלכע אטאקעס. אָט, ער וועט זיך צוזעצען, האלטען דעם קאָפּ אָנגעשפּארט אויף הינטען. אזוי, רואיג.

ער האָט פּאמעליך געעפענט די שווערע, הינטערשטע טיר

און איז גלייך פאַרשלונגען געוואָרען אין דער טונקעלהייט. צו־ערשט האָט ער גאָרניט געזעהן. ס'האָט זיך בלויז נעפּיהלט דער וואַרימער, ליידיגער, ווייכער גערוך פון'ם טעמפּעל. זיינע טריט זענען געזונקען אין די ווייכע סטעזשקעס.

לעבען דעם עקסטען פענסטער, וואָס האָט זיך אים באַלד אַנגעהויבען בלויען אין דער טונקעלהייט, האָט א פּייער'ל אויפ־געגליט. פון אומדערוואַרטעטקייט האָט זיך רובינשטיין אָנגע־כאַפּט אָן דער פּאַרענטשע פון א באַנק. פון דער שול־טונקעלהייט אַרויס האָט ער דערהערט א שעפּטשען.

אז דאָס הארציקלאַפּעניש איז שטילער געוואָרען און זיינע אויגען זענען צוגעוואוינט געוואָרען צו דער טונקעלהייט, האָט ער קענען בלייכען שיין פון'ם שנייאיגען דרויסען, וואָס האָט שטיל זיך געצויגען אין שול אריין דורך די גרויסע פענסטער, ידערגרייכט דעם סילועט פון יודזשין גולסענגער'ן. מיט איין אָרעם האָט ער ארומגענומען א דאמע, און מיט דער צווייטער האָט ער אַלע ווילע צוגעטראָגען צום מויל זיין ציגאַר.

א דערשראָקענער, א פאַרשולדיגטער, האָט זיך רובינשטיין אָפּגעטראָגען אויף די שפּיץ פינגער און זיך געלאָזט אַלץ טיפער אין שול אריין, צום מזבח, פון וואַנען די קופּערנע אָרגעל־רערען האָבען געשיינט אהער מיט אן אומהיימליכען גלאַנץ. ביי די זיי־טען פון דעם אָרון־קדש זענען געשטאַנען די פיר אויסגעבעטע פּאָ־טער־שטולען — פאַר דעם פּרעזידענט, דעם ראַבבי, און צוויי פון די וויכטיגסטע קאָנגרעגיישאָן־באַלעבאַטים.

רובינשטיין האָט אויפגעדרייט אן עלעקטריש לעמפּעל, ווייל אין דער טיפעניש פון שול, וואָס האָט געפירט צום אָרון־קדש צו זענען די ווענט געווען בלינדע און קיין שיין האָט פון ערגיץ ניט אריינגעלויכטען.

אין איינעם פון די ווייכע פּאָטער־שטולען איז געזעסען דער פּרעזידענט — מאַקס אויף זיין שטול. אויפ'ן שויס האָט ער גע־האַלטען די שלאַנקע בלאָנדע דאמע, מיט'ן פּנים צו זיך און מיט'ן רוקען צו דער שול ארויס מחמת זי איז געזעסען אביסעל ארויפ־גערוקט אויפ'ן פּרעזידענט'ס שויס, האָט זיך איר קליידעל צופיל ארויפגעצויגען. איר זיידענע האַלקע האָט געשימערט.

פון דעם אומדערוואַרטעטען ליכט איז זי אויפגעשפּרונגען,

אַנגעהויבען פאַרקנעפּלען איר בלוזקע, הינטערוויילעכטס און פאַר־שעמט זיך אָנגעהויבען רוקען אין דער טיפענּיש צום אָרון־קדש צו אָבער דער פּרעזידענט איז געבליבען זיצען. ס'איז דאָך געווען זיין שמול.

— וואָס זוכט איר דאָ? — זיין שטים איז געווען גראָב, הייזעריגלאָך־אויפגערעגט.

— איך זוך דעם וויין.

— וואָס'ארא וויין? וואָס'ארא וויין?

— דער טרעזשורער האָט געהייסען ארויפברייננגען נאָך וויין.

— הא, דער טרעזשורער... אַ טייערער בעל־הוצאה... נו, דער וויין איז דאָך אין שפּיזארניע.

— יאָ, דער וויין איז אין דער שפּיזארניע. — רובינשטיינ'ס פּנים האָט געפלאַמט פאַרשולדיגט. ווי האָט ער עס געקאָנט פאַר־געסען, אַז דער וויין איז אין שפּיזארניע?

ער האָט אויסגעדרייט דעם לעמפּעל, אויף די שפּיץ פינגער ארוים פון שול. ער האָט דאָך געוואוסט, אַז ער שטערט.

און אין טעמפּעל איז ווידער געוואָרען שטיל פּונקט ווי אין דער שניי'איגער וועלט דרויסען.

ס איז שוין געווען גאָר שפּעט ביינאכט, ווען די געסט זענען זיך צעגאַנגען פונ'ם טעמפּעל. ס'איז געווען ביים סוף פון דער צווייטער אשמורה. אין דרויסען איז געווען נאַכטיג־שטיל — אַ ווינטער־נאכט. די שנייאיגע ווייסקייט האָט שוין אלץ פאַרדעקט — די אויטאָמאָביל־פּאַסען איבער'ן וועג, די מענשליכע טריט און ראָם ליכט פון די פענסטער צווישען הימעל און ערד איז שוין איצט גאָר נים געווען — דער שניי איז שוין נים מער געפאַלען. בלויז אַ שטילע, איינגעהאלטענע בלויקייט אין דער לופט. שאַ. אַ ווייי־סער טוים.

אַ פּאָר שעה נאָכאַנאַנד האָבען קעננעטהע און רובינשטיין גע־אַרבייט אין די וועסטרי־רומס, צונעקליבען פון די טישען, צוי־שטעלט די שטולען אין דער געוויינליכער אָרדנונג, געוואשען די דילען מיט גאַלר־דאָסט און וואש־סאָדא. ס'איז שוין באלד געווען פריכמאַרגען. אין אויכנעזעהן פייער האָט אַ ברי געטאָן אונטער די פלינלען פון ווייטע הענער, און אין אויסגעצויגען, געהיימניספּול־

אַנזאָגענדיג קרייען האָט זיך אויסגעצויגען אין דער טראַגענדיגער שטיל פון סוף־נאכט.

קעננעטה, א הויכער, שווייגענדיגער, אויסגעדארטער גוי, מיט א שטארק פרומען פּנים פון א פארוואָרפענעם ניי־עננלענדער פארמער, האָט געריבען מיט דער שוואבער די דילען, געריבען און געשוויגען. פון די סך ברענענדיגע לאָמפּען איז געווען ליכטיג — א טויטע ליכטיגקיים. און דורך דער טויטער ליכטיגקייט האָבען זיך צו רובינשטיינ׳ען מיטאמאָל אונטערגעטראָגען די ווערטער פון א שאלה:

— מר. רובינשטיין... פּליעז, מר. רובינשטיין... זאָגט מיר נאָר, וואָס איז עס היינט פאר א יום־טוב ביי אידען?

רובינשטיין איז ארויסגעטרייסעלט געוואָרען פון זיינע מחשבות, אָנגעקוקט דעם הויכען, דארען ניי־ענגלענדער מיט די אויסגעשטעלטע פרעגענדיגע אויגען. ער איז געוואָרען בלייך, אויפ׳ן פּנים האָבען זיך אים געמיניעט אלערליי פארבען. ער האָט ארונטערגעלאָזען ז י י נ ע אויגען, און אָנגעהויבען פּלאָנ־טערען מיט דער צונג:

— אָ, היינט?... איר מיינט, הייסט עס, היינט ביינאכט? היינט ביינאכט... היינט ביינאכט איז א יום־טוב... א יום־טוב אזא א אידישער.

אז זיי זענען געוואָרען פארטיג, האָט זיך רובינשטיין אנידער־געזעצט ביים טיש. א ווײַלע געשוויגען. דערנאָך האָט ער ארויסגענומען פון קעשענע א צעקניידשטע פּאַפּירעל, עס פאנאנ־דערגעוויקעלט, ווי א בריף. א צייט האָט ער איבער דעם ארומ־געבלאָנדזשעט מיט די אויגען. דערנאָך האָט ער — הפּנים פון מידיגקייט — ארונטערגעלאָזען דעם קאָפּ אויף די צוזאמענגע־לייגטע אָרעמס אויפ׳ן טיש. אזוי איז ער געבליבען ליגען א שטילער, א שווייגענדיגער, אָהן באוועגונג, כמעט א טויטער.

אין דער טויט־ליכטיגער לופט איז געווען עטוואָס אזוינס, וואָס האָט דערמאָנט אָן א תשעה־באָב נאכט אין א קליינ־שטעטעלדיגער שול, שוין נאָך די קינות. אין די ווינקלען פון דער שול, אָנגעפּילט מיט מידקייט און אויסגעמאטערטקייט, פּלאָנ־טערען זיך נאָך ארום די אָפּגעשטאָרבענע ווערטער:

— אני הגבר ראיתי עני...

קעננעטה האָט זיך אָנגעהויבן וואונדערען, פאַרוואָס רובינ־שטיין געהט נאָך ניט אהיים. ס'איז שוין אזוי שפעט. האָט ער ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. די לאָמפּען אויסדרייען האָט ער ניט געקאָנט, ווען א מענש זיצט נאָך. איז ער צוגעגאנגען צו זיין בעטעל, וואָס איז געשטאנען אין א זייטיגען חדר'ל, און זיך אויף דעם אנידערגעזעצט.

דורך דער אָפענער טירעל האָט ער געקוקט אויף רובינ־שטיינ'ס דינ־צוזאמענגעקאָרטשעטע אקסלען. אזוי ווי יענער האָט זיך נאָך אלץ נים גערירט — און אזוי ווי ער האָט זיך ניט גע־קאָנט לייגען שלאָפען — די לאָמפּען האָבען אזוי שטארק געברענט — האָט קעננעטה ארונטערגענומען פון זיין קליין פּאָליצקע א ספר'ל — א ברית החדשה — אין ברוינע, אלט־געשטעמפּעלטע טאָוולען. מיט א פארשלאָפען, פארדומפּען קול האָט ער פון דאָרט ארויסגעלייענט פאַר זיך:

„...איר שלאנגען־קינדער, ווער האָט דאָס אייך מזהיר געווען, דאָס איר זאָלט אנטלויפען פון דעם צאָרן, וואָס וועט קומען. דער־ריבער ברייננט פרוכט, ווי עס געהערט צו תשובה."

ער האָט א געניץ געטאָן, ווידער אמאָל ארויסגעקוקט דורך דעם אָפענעם טירעל. רובינשטיין איז נאָך אלץ געלעגען אומבאַ־וועגליך. ס'איז נאָך אלץ געווען ליכטיג. האָט ער פאָרטגעזעצט זיין פארדומפּען לייענען.

— „...און טראַגט אייך ניט ארום מיט דער איינבילדונג, צו זאָגען: מיר האָבען איין פאָטער אברהם. דען איך זאָג אייך, דאָס גאָט קאָן פון דיזע שטיינער אויפשטעלען קינדער צו אברהמ'ען. די האק ליגט שוין ביים וואָרצעל פון די בוימער. יע־דער בוים, וועלכער ברייננט ניט קיין גוטע פרוכט, וועט מען אויס־האקען און אין פייער וואָרפען — — —"

און די לאָמפּען האָבען נאָך אלץ געברענט.

## פון די אַפּגרונטען.

„און די וואָס האָבען געלעבט אין דער פינ־
סטערניש, האָבען דערזעהן אַ גרויס ליכט".

עס איז אייך אלעמען וואויל באקאנט די זינדינקייט און נישט רייניקייט פון דעם איצטיגען מאַן־און ווייב־לעבען, און עס ווייטאָגט גאָר איינעם צו ריידען וועגען דעם, ווייל עס איז אומזיסט, און אזוי איז גאָר די מאָדע, דער הויפּט אין אונזער גרויסער אידישער שטאָט, אין דעם כרך ניו יאָרק, וואָס איז דער סדום פון אונזערע היינטיגע צייטען, און ער וועט נאָך, אז די מאָס פון אומרעכט וועט שוין איבערפולט ווערען, חרוב ווערען פונקט ווי דער אורשפּרינגליכער סדום אמאָל, אין לוט'ס צייטען. אויב נישט איר, די קומענדיגע דורות וועלען עס זיכער זעהן, הלואי זאָל איך זאָגען אמת.

ליבע. נו, אז די בחורים באטריגען די מיידלעך, באטריגען די מיידלעך די בחורים, ווארום פארוואָס ניט? אלע דאָסזעלבע, אלע גלייך. מער ניט, עס איז שוין אזוי אין דער מענשליכער נאַטור, אז ס'איז ניט אזוי פארדראָסליך ווען א י ר נארט אָפּ י ע נ ע ם, ווי ווען י ע נ ע ר נארט אָפּ א י י ך. ערשט דאַמאָלס ווערט אייך אביסעל טרויעריגער, און איר פארטראכט זיך, ווייל עס טוט אייך וועה, און עס דוכט זיך אייך: — איר זייט געוואָרען קליגער.

עס איז איבריג צו דערציילען, אז איך בין אין דעם פּרט ניט אָפּגעטיילט פון אנדערע, בין אזוי זינדיג און אומריין ווי די איבריגע יונגע לייט, ווייל, ערשטענס, וואָס קאָן איך זיך העלפען? און פארוואָס זאָל איך טאקע זיין בעסער פון די איבריגע? אז איינער וויל ניט אונטערגעהן, וויל זיך ניט געפינען צווישען די אומבאקאנטע ערליכע ו ו ע מ ע ן מען טוט אומרעכט, און וועלכע שטארבען אזוי אוועק פארטונקעלט, מוז מען זיך געפינען צווישען די אנדערע, די אומערליכע, די אומגלויביגע און שלעכטע, וועלכע טוען דעם א נ ד ע ר ע ן אומ־

רעכט און וועמעס נעמען עס טיילען זיך ארוים אין דער אלגעמיי־נער חשב'ניש פונ'ם לעבען. ווארים אז איר וועט זיך ניט פעדע־רען און פייניגען דעם אנדערען, וועט דאך דער אנדערער, אזוי זיכער ווי דער טאג, זיך פעדערען און פייניגען אייך, ווייל דאס איז די נאטור פון מענשען. און סתם — אזוי איז טאקע בעסער און אנגענעמער... דאס איז איינס, און צווייטענס...

בקצור, איז זייענדיג א יונגערמאן, א היינטוועלטיגער, און טוענדיג זאכען וואס זענען אין דער מאדע, בין איך, פארשטעהט איר דאך שוין אליין, אויך אזוי זינדיג און אויסגעלאסען ווי די אנדערע. איך האב שוין, ווי איר קוקט מיך אן, — און אויף מיין פנים איז גאר ניט קענטיג איך זאל זיין אזא אויסוואורף, ווי איך בין אין דער אמת'ן — ניט איין מיידעל האב איך שוין אפגענארט, פארפירט, ליב געהאט עטליכע אין דערזעלבער צייט, יעדער איי־נער געזאגט, זעהר הייס, אז איך האב זי ליב מי יודע וויפיל — האב זי טאקע, ס'קאן זיין, ליב געהאט זעהר פיל בשעת מעשה — נאר הפנים אז מער ניט, ווי בשעת מעשה.

און וואלט איך אייך געזאגט, אז עס האט מיר דערנאכדעם וועה געטאן דאס הארץ און פארדראסען, וואס איך בין אזוי אומ־ריין און זינדיג און ניט־ערליך, וואלט דאך עס געווען א ליגען... דער אמת איז, איך האב מיך קיינמאל וועגען דעם ניט פארטראכט, ווייל אלע זענען דאך אזוי.

נאר אנומעלטען מאכט זיך, אז מיינע א געליבטע נארט מ י ך אפ. שייך אפגענארט! נאר זעהר מיאוס אויך דאצו. נאך איידער, ווי זאגט מען, מיינע קושען האבען זיך באוויזען אפ־צוטריקענען פון אירע ליפען, ערשט שוין!...

אפשר טאקע האט זי די גאנצע צייט מיך גענארט; דעם אנדערען ליב געהאט צוזאמען מיט מיר, נאר אז מען ווייסט נישט, טוט דאך ניט וועה. נאר דא האב איך זי געכאפט, אזוי צו זאגען, אויפ'ן ארט פונ'ם פארברעכען! איך האב געדענקט, איך וועל עס ניט אויסהאלטען.

סטיימש, איך האב דאך זי אזוי ליב געהאט, און זי מיך אויך, אזוי האט זי מיר אליין כמה מאל געזאגט און געשווארען זיך, און אזוי האט עס טאקע אויסגעזעהן אויך — ערשט מיטאמאל —

נא דיר! הפנים, אז ביי אונז אלעמען וואוינט א שד אין הארצען און מען קאן ניט וויסען פאראויס ווען ער וועט ארויסשפרינגען.

אזוי אומגעריכטערהייט! אזוי פארדראסיג! היינט וואו איז שוין דער יושר, וואו איז די ערליכקייט, טענה איך, וואו איז די פאמיליע־ריינקייט, וואו איז די געשלעכטליכע ציכטיגקייט. עס האט מיר אזוי געקלעמט ביים הארצען, כאטש גוועה, שונאי ישראל, און באנעה זעלבסטמארד. אזא וויטאג.

כ׳האב אזש אנגעהויבען איינדארען, איינקווארען. מיין פנים איז פאר׳חשכ׳ט געווארען, פינסטער אזוי, אויגען שרעקליכע, פארלאפענע מיט בלוט, בליצען אזוי און פינקלען מיט פייער, אלץ פון טיפען אומדערקלערליכען וויטאג און פיין, ממש א שרעק. באשלאסען, אין א טונקעלער, פארצווייפעלטער מינוט, טויטען, דער׳הרג׳ענען... אבער וועמען?... ווער־זשע קאן מיר באמת אנ־ציינגען דעם אמת׳ען שולדיגען?...

מיינט איר דאך עפעס אודאי, כ׳וויים נאר ניט וואס? קיין נעפאר נים. כ׳האב ניט נאר קיינעם ניט דער׳הרג׳עט, נאר אליין אויך ניט געשטארבען. פארקערט. א שטיק צייט בין איך טאקע געווען אליין מיט זיך, קיינעם ניט געוואלט זעהן, און געדוכט האט זיך מיר אלץ צו זעהן די פאלשקייט ממש אויסגעקריצט אויף יעדענס שטערען! — נאר ביסלעכווייז האט זיך דאס ליכט צו־ריקגעקערט אין מיינע אויגען, מיין פנים האט זיך גערויטעלט, זיך נעקרעפטיגט און געשטארקט ווייל איך האב אלץ געטראכט און איבערגעטראכט, ביז איך בין ארויפגעקומען אויף געוויסע געדאנ־קען.

און דער דורשט נאך זינד איז אין מיר נאך געווארען שטארקער.

אז דאס צווייטע מיידעל האט מיך אפגענארט, האט זיך די וועלט שוין פאר מיר ניט געעקט, מער ניט, איך בין געווארען אביסעלע טרויעריגער און זיך אין זיך גופא טיפער איינגעוויקעלט, זוכענדיג שוץ און אפהיטונג. פאר פרעמדע אויגען האב איך עס אבער ניט באוויזען, נאר אדרבא. און אז דאס דריטע מיידעל האט מיך אפגענארט, — דעם אמת געזאגט, האב איך זיך אויף דעם געריכט, און אויף דעם כמעט ווי ארויסגעווארט: ווען־זשע הייסט עס, וועט פאסירען דאס, וואס עס דארף פאסירען? —

ב־ים דריטען מיידעל האב איך בלויז געשמייכעלט. נו, וואס־זשע איז? אויך גוט. עס מוז שוין זיין רעכט...

מער ניט — ס'ארא נקמה! — ווי איך האב זיך עס אפגעזעגענט מיט די, וואס האבען מיך אפגענארט און סיי מיט די אומשולדיגע. א ביטערע נקמה איז עס געווען, אזוי פארהארטעוועט בין איך געווארען, אזא גראבע שאלעכץ אויף זיך ארויפגעצויגען — און וואס איז דא צו אפלייקענען? פארוואס עפעס שאלעכץ, דאס קערנדעל אליין טאקע, די יאדרע, די נשמה, הייסט עס, גופא, איז שטארק פארווערימט, כמעט אין גאנצען צעפוילט, פארדארבען געווארען. איך האב אפגענארט רעכטס און לינקס, פארפירט מיידלאך, אומשולדיגע און שולדיגע. געזינדיגט, ווי נאר עס איז מיר צום האנט געקומען א געלעגענהייט, נישט אזוי פון הנאה ווענען — וואס דאס גופא וואלט שוין געווען א שטיק רעכטפערטיגונג — נאר פון בלויזער זוכעניש נאך זינד, נאך זינד צוליב זינד. געטאן אלע אומווירדיגקייטען און שמוציגקייטען, נים נאר נים דורכגעלאזען קיין געלעגענהייט, נאר ממש געזוכט זיי ווי מיט א ליכט, ניט וועלענדיג פארפעלען קיין שום סארט עבירה, קיין אייגאייגציגען אופן פון זינד, קיין איין פארקרומטען וועג פון פארדארבענהייט, אלץ געדארפט אליין אויף זיך דורכפיהלען.

און אזוי האב איך געלעבט א שטיק צייט אין דער פינסטערניש — און די פינסטערניש איז געווען אזוי געדיכט, און קיין טראפען ליכט איז אין איר קיינמאל ניט אריינגעגאסען געווארען, אזוי אז איך האב גארניט געפיהלט, אז איך לעב אין דער פינסטערניש.

און ווער וואלט זיך עס געקאנט ריכטען?

איך שטעה אמאל אויף אין דער פרי, שפעט אין דער פרי, עס איז שוין לאנג געווען ליכטיגער טאג, אזוי ארום צען א זייגער, און א שבת־טאג איז עס געווען, שלאפען ליינ איך מיך דאך שפעט, ווייל איך שלעפ זיך ארום גאנצע נעכט, ווי עס איז דער מנהג מיט א געוויסען סארט מענשען, וועלכע האלטען פון זיך גאר די וועלט, און קראנק איז מען דאך. ניט אזוי דער גוף, וועלכער איז גלאט אומריין — נאר די נשמה איז א קראנקע, א צעריסענע, א

צעפיצעלטע, ניטא קיין אחדות, קיין איינינקייט, קיין גאנצקייט אין איר גופא, אהן א גלויבען און אהן אן אויסזעהן אויף א ליכ־טיגערער צוקונפט. מענשען זענען אין שטענדיגען קריג מיט זיך אליין, און וואס מען טוט, טויג עס ניט, און וואוהין מען געהט, איז עפעס אלץ ניט גוט, ס'איז שווער צו זאגען וואס, נאר ביים הארצען ציט עס, און סע קלעמט, און סע נאגט. עפעס ווילט זיך, עפעס אזוינס, וואס ס'איז ניטא. און אז ס'איז ניטא, קאן מען דאך, פארשטעהט זיך אליין, דאס ניט קריגען, בלייבט מען אומצופרידען. געהט מען פון איין ארט צום אנדערען, און פון אנ־דערען צו א דריטען, און פון דארטען צוריק צום ערשטען, און די אוינען זענען גלאנציגע און אומעטיגע, און בעטען זיך: אויב ניט דא, איז פיליכט ערגעץ דארטען... ווי?...

אט אזוי א גאנצע נאכט.

איז ווי איך שטעה אזוי ביים פענסטער, איז אין דרויסען ליכטיג. עס זעהט זיך ביי מיר פון פענסטער ארויס א פלאץ א ליידיגער, און א פארק מיט בוימער, מיט נאקעטע, מיט גראזען און מיט אלץ, און די גאס איז אזוי גלאט אויסגעברוקירט, און ציכטיג, און ריין, און זון א סך. נאר היבש ליכט. און איך זעה דא, ווי קינדער שפילען זיך אין פארק, יונגע קינדער, איינגלאך מיט מיידלאך, אין ווייסינקע זאכען אנגעטאן, ליבינקע אזעלכע, אזש א דערקוויקעניש. שפילען זיך אזוי פיין, שעהן, מיט זוניגע קולות און אלץ איז אזוי אין דרויסען — פונ'ם הימעל אראפ דורך דער לופט ביז אויף דער ערד, און אויף דער ערד גופא — אלץ איז אזוי שעהן און ליכטיג, און ריין, און ציכטיג. עס איז ערב פרילינג.

און דא כאפט מיך עס אן א גרויל. און אן עקעל אזא בא־פאלט מיך, ניט צום באשרייבען. וועה, וועה, ווי קויטיג איך לעב אפ מיינע יארען. אזוי אומריין, שמוציג, ניט זויבער. די נשמה מוטנע. און עס כאפט מיך אן אזא אפשטויסענדיגער עקעל צו זיך אליין, און עס ווילט זיך מיר אזש אפשפרינגען פון זיך, טייטען אויף זיך מיט די פינגער, און אויסשרייען: טמא! טמא!...

און אוועקלויפען פון זיך אליין, אזוי ווייט, כאטש צום עק וועלט, אז איך זאל מיך קיינמאל מער ניט קענען געפינען, ווי יונה הנביא איז אנטלאפען קיין תרשיש.

נאָר ווי קאָן מען עס פון זיך זעלבסט אנטלויפען?... דעם איינענעם פּנר מוז מען נאָך זיך נאָכשלעפען דעם גאנצען לעבען.

און א טאָג געהט אוועק, און נאָך א טאָג, און נאָך איינער, און נאָך איינער, אזוי כסדר. און נאָרנים. גאָרנים האָט מיט מיר פּאסירט, אלץ בלייבט אזוי ווי געוועזן. ריינער ניט געוואָרען. און עס ווערט אזוי אומעטיג אויפ'ן הארצען. אָט געהט מיר אויף א ליכט פאר די אויגען — און אָט ווידער פארלאָשען, ווי ניט געוועזן.
און א צווייפעל פאלט אויף מיר אָן, און עס וויינט אין מיר אזוי דאָס הארץ, ווען קיינער זעהט ניט, און עס פארגיסט הייסע טרערען אין שטילער פּארצווייפלונג. ווען־זשע וועט שוין, בעט איך ביי אימיצען — עס וויל זיך מיר דאָס וואָרט גאָט ארויס־זאָגען, נאָר איך דערלאָז עס ניט, ווייל איך ווייס דאָך, איך האָב גאָר קיין גאָט ניט אין הארצען, און דאָס וואָלט זיין ניט אמת, א נארעריי בלויז, אן אָנשטעל פון א היינטוועלטיג־געבילדעטען מענ־שען — ווען־זשע, בעט איך זיך, וועל איך דאָס אייביגע ליכט דערזעהן? ווען־זשע וועל איך אויסגעלייזט ווערען? ווען־זשע וועט מיין נשמה איר צושטאנד פון ריינקייט צוריק געפינען? און עס דוכט זיך מיר, אז דאָס איז שוין געוועזן אזוי לאנג צוריק — נאָך איידער איך בין געבאָרען געוואָרען. ווייל איך בין שוין גע־באָרען געוואָרען אין זינד.
...און דאָ איז ארום מיר אלץ און אלץ אומריין, און איך באָד מיך אין אזא קויט, אז, גלויבט מיר, אנומעלטען איז מיר איינ־געפאלען, ניט ווייט פון אונזער הויז זעהט זיך דער גרינער פּאס פון לאָנג איילאנד סאונד, איז מיר איינגעפאלען, אז איך וואָלט געדארפט אמאָל אזוי א נאקעטער אהין ארייננשפרינגען אין קאל־טען וואסער, און שווימען אזוי מיילען־ווייט, און באָדען זיך גאנ־צענע טעג, אינ'ם וואסער אנטקעגען דער זון, און פילייכט וועט פון מיר מיין זינד אָפּגעוואשען ווערען. און באלד ווערט מיר מיט א ביטערקייט קלאָר, אז איך וועל עס קיינמאָל ניט טאָן, אז ס'איז בלויז א פאנטאזיע אזא... און דערווייל, איז אומעטיג.
איז ווי אלעמאָל, ווען עס ווערט מיר אזוי שטארק אומעטיג אויפ'ן הארצען, ניט אויסצוהאלטען, פּאָר איך ערגעץ אוועק. קומט מען אין א שטאָט א נייער, ווערט אייך ליכטיגער אויפ'ן

הארצען, און האָפנונגספולער, ווייל עס איז גרינג איבערצולאָזען אלץ הינטער זיך, ווי א בייזען חלום, און עס דוכט זיך, אז דאָס, וואָס ס'איז געווען, איז גאָר קיינמאָל ניט געווען, נאָר איר האָט עס יאַקבי געלייענט ערגעץ, געטראכט נאָר ווענען דעם, א בלויזער דמיון...

און אלץ איז אזוי ניי, די הייזער ניי, און ריינערע, די גאסען ציכטיגע און שטילע, און גאָרניט רעדט אזוי צו אייער געמיט, ווי נייע אומבאקאנטע גאסען, ווייל עס איז לייכט אָנצובינדען אָן דעם נייע האָפנונגען, און וועלטען גאָר ניט געזעהענע און פאסירונגען נאָך ניט דורכגעלעבטע, און וואָס אנדערש איז דען דאָ אין לעבען ?

עס איז גוט פאר יעדען אוועקצופאָרען פון דעם אלטען וואוי־נונגס־פלאץ צו א נייעם, ווייל מען באגעגענט אזוי פיל אומבא־קאנטע מענשען, היינט אז די מענשען זענען אומבאקאנטע, זענען זיי ליבליך, וואָרים, אז איך וויים זיי ניט, טראכט איך, אז ווער וויים, פיליי‍כט ד אָ באגעגענט מען די אמת'ע ערליכע מענשען, און די זענען עס די אויפריכטיגע, שעהנע און פרומע, און איר קניפּט אָן זיי אָן נייע חלומות־פעדים, און די אויגען ווערען ווייט־ליך־פארנעפּעלט.

ס'ארא טרייסט וואָס עס זענען נאָך דאָ נייע אומגעזעהענע פּלעצער !

איז אנומעלטען, אז מיר איז געוואָרען אזוי פינסטער פאר די אויגען און אזא געדיכטע פארצווייפלונג איז מיך באפאלען, און אלץ האָט אזוי אויסגעזעהן האָפנונגסלאָז און מיין לעבען אָהן אָן אויסגאנג, ווייל וואָס אמאָל, וואָס שטארקער איך באמיה מיך ארויסצורייסען פון דער נעץ, אלץ שטארקער און שטייפער וויק־לען זיך די נעצען־שטריקלאך ארום מיין יונגען בלוטיג־זינדיגען לייב, און עס איז געווען נאָך אזא שטיקעל צייט, ווען איך האָב א סך שלעבטם געטאָן עטליבע אומשולדיגע נשמות — און כ'האָב עס גאָרניט געוואָלט, זיך געבעטען, לאָזט מיך אָפּ, כ'האָב שוין אזוי אויך צופיל זינד אויף מיין נשמה־חשבון, און מיין זיין מיט אייך וועט אייך בלויז ברייננען א קורץ־דויערנדיגען זיסען ווייטאָג, און לאנג־דויערנדיגען פּיין. נאָר ס'האָט ניט געהאָלפען, ווייל אזוי איז שוין דער טרפה'נער מזל פון א זינדיגען, וואָס אומשולדיגע

נשמות וואַרפען זיך אים אין די אָרעמס אַריין, פאַרצאַפּעלטע און מיט קעפּ שווינדלענדיגע, ווי פויגעלעך קליין־פליגעלדיגע ביים פייער־קוק פון אַ פּאָר שלאַנגענאויגען — און כ׳האָב יונג־מיידעלשע האָפנונגען און חלומות, מיט אַ בלויקייט פון אומצייטיגקייט באַהויכט, ווי ווייך־ביינערדיגע עופה׳לאַך צעקוועטש... און נאָך האָב איך געפיהלט ביי זיך אויף די הענט דאָס וואַרימע פאַרגאָסענע בלוט, און די פייכטקייט פון די צעקוועטשטע ראָזעווע מאַרכלאַך מיט די בלויע־אָדערלאַך, — גאָט, עס האָט מיך פאַרפאָלגט און געפייניגט, אַ גלוטיגע פלאַם האָט מיין נשמה איינגעוויקעלט און זי געפרעסען, און ווי קין׳ס צייכען איז ביי מיר אויפ׳ן שטערען אויסגעקריצט געוואָרען, און ווי ער, האָב איך באַשלאָסען נע ונד צו זיין, און אַוועקוואַנדערען ביז׳ן עק פון דער וועלט... נאָר אַזוי ווי געלט האָב איך געהאַט זעהר ווענִיג, בין איך דערפאָרען בלויז קיין טרענטאָן, אַ שטאָט וואָס געפינט זיך אין ניו דזשוירזי.

און דאָ, אין דער שטאָט ביים גרינעם נידעריג־ברעגיען דעלוואַר־טייך, אַ פלאַטשיגער שפּיגעל, ווי אַ דינער גלאָז, אין דער דאָזיגער שטאָט, וואָס איז בלויז אַ שעה רייזע פון אונזער גרויסען כרך, דאָ האָט זיך מיר דאָס גרויסע ליכט באַוויזען.

יאָ. יאָ. אָט האָסטו דיר דיין היילונג, דיין זאַלב, דיין דערלייכטערונג, דיין אויסלייזונג!...

מער ניט — מיך שרעקט: איז עס שוין חס ושלום ניט צו שפּעט...

נעגאַנגען בין איך אַזוי אין אַן אָוועגט איבער די ברייטע הויפּט־גאַסען, איבער בראָאַד און איבער סטייט, וואו עס איז געווען העל, נאָר ניט צו שטאַרק און בין מיר אַזוי אַרונטערגעגאַנגען אין אַ זייטיגען געסעל, ערגיץ אַרונטער פון שטאָט, גאָרניט ווייט פון אַ תפיסה, די קאַונטי־דזשייל, הייסט זי. און דאָ דערהער איך מוזיק שפּילען, טאַנץ־מוזיק. גיט עס מיר אַ קלאַפּ אין די שלייפען און אַ טיאָכקע אין האַרצען און אַ ברען אין די אָדערען — זינדיג בלוט — און באַלד דערזעה איך מיך אַ רויטליכען מיט צונטער־צעפלאַמטע באַקען, אין דעם גרויסען אַריינגאַנגס־שפּיגעל פון אַ נוואַלדיג־באַלויכטענעם טאַנץ־זאַל, און אַז איך לאָז אַרונטער די אויגען — צופיל פייער! — צו דער געוועקסטער פּאָדלאָגע

צו, איז עס ווייטער ווי א שפינגעל, און עס באוועגען זיך יונגע מיידלעך, איבערגעקערטע, מיט די פיס ארויף און די קעפ ארונ־טער, און שטייף־ארומנעמענדיגע, זיידענע זאקען רייצען, האלב פארהוילענדיג די דינע פיס, און קליידלעך אלערליי פלאטערען ארום און היפטען ריטמיש באוועגען זיך ווי יונגע אינדען צום וואסער געהענדיג — עס גיט מיר א פלאקער דורכ'ן בלוט.

איך הויב אויף די אויגען, און זיי שטויסען זיך אן און נאך א פאר, אויף א בלייכ־אויפגעהיצטען מיידעלשען געזיכט ברענענ־דיגע שטורקאצלאך אונטער געמאלענע כינעזישע לאמטערנדלאך — לאנגע וויהעס. איך לאד איין דאס מיידעל צום טאנץ, אפ־געטאנצט, לאד איך איין א צווייטע, און אז אלץ ניט געפעלען — א דריטע, נאר איך געה מיט דער זיך אויך פאנאנדער — שוין צו אפט אזוינע געזעהן, צו שטארק דערמאנט אן ניו יארק.

און מיין נשמה איז אלץ ניט צופרידענגעשטעלט, און אין קאפ איז א ווירוואר, אהן באדייט און אהן מיין. דא דערזעה איך אן א זייט זיצען א מיידעל, טאקע א שעהנע, נאר אז איך זאל אייך זאגען, אז „איך האב גלייך דערזעהן", „עס האט מיר באלד א שיין געטאן אין די אויגען", „זי האט אויסגעזעהן אידישלאך צניעות'דיג", און דאס גלייבען, ווען איך זאל דאס אלץ אייך זא־גען, וואלט עס זיין ניט ריכטיג, ווייל איך האב צוערשט גארניט אויסערגעווענליכעס אין איר באמערקט. א מיידעל ווי אלע.

איך לאד זי איין צום טאנצען, און דא באמערק איך, אז איר קערפער איז זעהר א שעהנער, א נאטירליכער, און געזונטער אזא ווי א שטיק שמעקעדיג גרין פעלד. טאנצען טאנצט זי ניט אזוי גוט, באוועגט ניט אזוי לייכט־אויפרייצענדיג די היפטען, הפנים, אז אדער זי איז א היימיש קינד, האלט זיך מער צוריקגעצויגען, אדער אז די היינטיגע טענץ זענען איר ניט אזוי שטארק צום הארצען, און אז איך זעה אז זי רעדט ענגליש מיט ניט קיין איינ־געבארענעם אקצענט הויב איך אין שפאס אן צו רעדען צו איר אידיש. יא, א אידיש קינד. דאס הייסט, ניט זי ש ט א מ ט פון אידען, נאר א י ז טאקע א אידיש קינד — א היימישע.

זי קומט פון פרזשעמעסל נאך אלס קינד, און וואוינט די גאנ־צע צייט מיט אירע עלטערן דא אין טרענטאן, אויף דער און דער גאס. עס איז מיר שווער אייך איבערצוגעבען פארוואס, ווי אזוי

און ווארום, נאר מיט יעדען ווארט, איז זי מיר אלץ מער איינ־געבאקען געווארען אין הארצען, אלץ טייערער געווארען. דוכט זיך אלץ אזעלכע קליינינקייטען, איך האב אפילו ניט דעם מוט עס פון מיין מויל ארויסצוברייגנען, ווייל מען וועט מיך קוים פארשטעהן, נאר קליינינקייטען מיינען דאך אלעמאל זעהר א סך, דערהויפט צווישען מאן און פרוי, און זי איז אזא שעהנע און געזונטע מיט גרויסע, גרוי־לאכענדיגע אויגען, און לאכט אזוי מיט׳ן גאנצען אפענעם געזיכט, מ י ט ׳ ן ג א נ צ ע ן ג ו ף, — ניט קרוים שטעטיש־כיטרע. אט איז זי א קינד, אט א פרוי, נאר ניט קיין באוואוסטזיניגע פרוי, זי וויים קוים וואס פאר א באהאלטענע כחות עס ליגען אין איר פארבארגען — וואס זאל איך איך זאגען, עס פעלט מיר שפראך דערצו, נאר איך פיהל, אז א מיידעל איז זי א נייע, א גאנצע אזא און א געזונטע, אן אמאליג־אידישע. שוין, אין אונזערע זינדיגע צייטען, אן עבר׳דיגע און אפשר — א צוקינפטיגע?

עס ווערט מיר ווארים אין אלע מיינע גלידער, און פריידיג אזוי און זינגענדיג און ליכטיג. אפען און אהן שום פניות זאג איך איר, אז זי איז מיר געפעלען. לאכט זי אויף דעם בלויז מיט אירע גרויסע גרויליכע אויגען. „מאקע?“ — און גארניט. איך זעה, זי גלויבט עס קוים, ווייל א יונגערמאן בין איך א גרויס־שטאטישער, מיט אזעלכע פיינע מאנירען... נאר אך, מיט וואס, מישטיינס געזאגט, איך קאן זיך עס איבערנעמען פאר איר... איך בעט זי, אז זי זאל מיך איינלאדען צו זיך אין הויז. גוט.

איך קום צו איר אויף מארגען אין הויז אריין, און עס ניט מיר א לויכט און א בליאסק אין פנים די ליכטיגע ארימקייט פון דעם שטיבעל. א שטיק אלטע היים אהערצו איבערגעטראגען, צוליב מיין טרייסט. בלויז א פאר חדרים. דער אונטערשטער עטאזש פון א פארווארפענעם צוויי־שטאקיגען הויז, ארים צונע־קליבען, נאר ריין, ווייסקייט ווארפט זיך אין די אויגען. אויפ׳ן מענטעל־פיעס, אנשטאט נארישע, פרעטענציעזע קונסט־זאכען פון א ספק׳דיגען ווערט, זענען אומגעווארפען משניות׳ן מיט אפגע־פליקטע רוקענס, עין־יעקב׳ס מיט אפגעריבענע טאוועל־ווינקלען און מיט חלב־פארשמאלצענע בלעטער, חומשים מיט פאנאנדער־פאלענדיגע און זיך אפברעקלענדיגע בלעטער־זוימען, און נאך אנ־

דערע ספרים, — ילקוט׳על׳אך, מדרשים׳לאך, און סתם זאכען, אָנגעוואָרפען אזוי ווי ערשט ארויסגעראטעוועט פון א שרפה.

דער טאטע איז אין דער היים ניטאָ, איז ביי דער ארבייט, א מויערער. די מאמע, א נידעריגע אידענע, מיט אן אָפּגעבליא־קעוועטען, צעקארבעוועט און צערונצעלט געזיכט, שמייכעלט צו מיר אזוי פריינדליך, ווייל מיר ארויסהעלפען אין מיין פארלעגענ־הייט, און רעדט צו מיר אזא סאָרט ענגלישע שפראך. איך לאָז מיך אָבער ניט דינגען, און רייד צו איר אידיש — קוקט זי מיך אָן ווי א בייז־וואונדער.

איך שוויג, מיט אן אָטעם אן איינגעהאלטענעם. איך קוק ארום זיך די גאנצע צייט, ווייל זיך אלץ איבערצייגען, צי בין איך ניט אָפּטמאָל פארפירט, און צי געפין איך מיך אויף דער אמת׳ען דאָ?

דאָ קומט צוגעהן איר טאטע, א הויכער, געזונטער איד. „טאקע נאָר פון אזעלכע, טראכט איך מיר, קרעפטיגע לענדען האָט אזא געזונט קינד, ווי דאָס דאָזיגע מיידעל, געקאָנט ארויסקומען. אין דער לאנגער באָרד שטעקען נאָך ביי אים פארגליווערטע שטיקלאך פּלאסטער. ער שטעקט מיר אָפּ שלום־עליכם — פון וואַנען איז א איד? — פון דאנען און דאנען. — וואָס איז א יונגענ־מאנ׳ס געשעפטען? — ווער איך צונטער־רויט, דאָס הארץ קלאפּט אין מיר און דאָס פנים פלאמט מיר פון בושה און נישטיגקייט, נאָר איך מאך זיך הארץ און זאָג מיט א סורות׳דיגער וויכטיגקייט: „אָט, א רייזענדער". — „מען פאָרט, הייסט עס, אום?" — „יאָ", זאָג איך. — „צוליב געשעפטען?" — „יאָ", זאָג איך, „גע־שעפטען אזוינע". ער שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, פארשטעהענדיג, הייסט עס, מיין וויכטיגקייט. — „און דאָ, וואָס טוט מען עפּעס אין די הינע מקומות?" — „אויך צוליב דיזעלבינע געשעפטען", זאָג איך, און פארדרויכער א פּאַפּיראָס.

מען לאדט מיך איין צו וועטשערע. אָפּגעגעסען, באמיהט זיך דער בעל־הבית מיך צו אונטערהאלטען מיט פארשידענע פראַ־גען, צוליב איידעלקייט ווענען. „נישקשה, מיינט ניט, אז די קליינשטעטעלדיגע זענען..." נאָר מיר איז ער, שוין אכט א זיינער, און אן אָנגעהאָרעוועטער איז ער אויך, קלעפּען זיך אים די אויגען מיט א שווערקייט, און די ווערטער פאלען ביי אים ארויס איינ־

צינע אזעלכע און אפגעהאקטע, שווערע און אומגעהובלעוועטע, שטיקער האלץ פון אונטער א האק, ווי פאראיינזאמטע קלאנגען אין וועלדער — ווייל אלע שווייגען. רוקט ער זיך ארויס אין א צווייטען צימער, און איידער ער האט נאך צייט צו באטראכטען דארטען, אינ'ם פינסטערען אלקער, אויב ס'איז נאך ניט צו פרי צו ליינען זיך שלאפען, שלאפט ער שוין איין. עך, טראכט איך מיר, און וואס טוען מיר, אין די גרויסע שטעט, אין אט דער שעה? —

דער טאטע ניטא, די מאמע אין קיך, פארטומען מיט עפעס א הויז־ארבייט. און אין צימער בלייבען דאס מיידעל און איך, און א קעראסין לאמפ, וואס לייכט אין דער שטיל.

איך זיץ, די הענט באהאלטען אונטער'ן טיש, ווי כ'וואלט זיך געגרייט אויף עפעס א פארהער פון א רבי'ן. דאס הארץ קלאפט מיר אזוי, פון גרויסער אומדערווארטעטער און קיינמאל ניט דורכגעלעבטער פרייד, און פילייכט פון א שרעקעדינגען טרויער, אז אפשר איז די פרייד מיר געקומען צו שפעט. און עס קילט מיך ביים דאזינגען געדאנק. נאר איך מאך זיך הארט. זי זיצט מיר אנטקעגען, א ליכטיג־אויגיגע און באלויכטענע, שמייכעלט מיט אן ערשט־ארויסקוואלענדיגער קלונשאפט, אן איינגעבארענער, ניט קיין גרויסשטאטישער. זי אנטוויקעלט פאר מיר אירע פלענער. זי וויל, הייסט עס, פארען נאך ניו יארק. און עס ווערט מיר אומהיימליך פון דעם פייערל, וואס גיט זיך א צונד אין אירע גרויליכע אויגען. א פייער אין גרויע אויגען!...

עס בייגקט זיך איר, זאגט זי, נאך יענער שטאט, וואו עס זענען דא אזויפיל מויערען, מען לעבט אזא סך, און אזוי שנעל, און, דער עיקר, וואו ס'איז דא ביינאכט אזוי פיל ליכט.

— ליכט? — זאג איך אין דער שטיל — פייער, גרויסע פייערען ביינאכט, און ניט קיין ליכט. און אז די פייערען נעהען אויס ביינאכט, ווערט קאלט, טאפעלט־קאלט... און אז פייערען ברענען איז וואס? אדער זיי ברענען צו ווייט, — בלויז א רייץ און א מאניע פאר די אויגען, און צו דיר דערגרייכט עס ניט, אדער זיי ברענען זעהר נאהענט לעבען דיר, און דו ברענסט אין זיי, אזוי העל, און אזוי צונטערדיג, און דו ווערסט פארברענט,

און ברענסט שוין ניט א צווייטען מאָל מער — דו ווערסט א שווארצע האָלאָוועשקע. — — —

זי שווייגט, קוקט אויף מיר מיט גרויס־פאנאנדערגעעפענטע אויגען, וואונדערליכע אזוינע, און היימישע. די פריהערדינע אומ־היימליכקייט פון זיי איז פארטריבען געוואָרען, און הערט זיך צו, ווי עס פאלען ארויס מיינע שטילע ווערטער צו דעם ליכטיגען לאָמפּ צו. — אָבער ליכט? — ליכט, צום ביישפּיל, אונטער גרוי־ליכע אויגען, וואָס זאָלען אייך אלעמאָל לויכטען און תמיד דעם וועג באשיינען, דאָס פארבאהאלטענע ליכט, וואָס איז נאָך פון די ערשטע זעקס טעג, וואָס זאָל אונז די אויגען עפענען? — גיטאָ אזוינס אין א גרויסער שטאָט.

ביי זיך אין הארצען ווייס איך אָבער מיט א פּלוצלונגדינער זיכערקייט, וואָס האָט מיר אלעמאָל געפעלט, אז דאָס שטילע, פון אונז פארבאהאלטענע ליכט, איז דאָ, איך האָב עס געפונען. אין א קליין שטיבעל מיט געקאלכטע ווענט דאָ ביים טיש, ניט ווייט פון די פארשמאָלצענע, אָפּגעפליקטע משניות'ן. און איך פאר־בלייב דאָ אין שטאָט — צוליב מיינע בארימטע נעשעפטען.

טעג און אָווענטען. דורך די טעג לעב איך מיט די אָווענטען. זיי באלויכטען מיר מיינע טעג. וועלען זיי אויך באלויכטען מיין וועג? — —

אנומעלט בין איך אריינגעקומען א שבת־נאָכמיטאָג — אלע זענען אין דער היים. דער פאָטער ארבייט ניט פון פרייטאָג האל־בען טאָג אָן. נאָך הינטער דער טיר, אין פאָדערצימער, הער איך פון אינווייניג ארויס א באקאנטע שטים, וועלכע לייענט עפּעס, „זאָגט" עפּעס מיט א שטיל־אומעטיגען, זינגענדיגען טאָן.

— אין מדרש שטעהט געשריבען, ווען די אשה זיצט תמיד אין הויז איז זי מכפּר אויף די זינד פון איר גאנץ הויזגעזינד, ווי דער מזבח האָט מכפּר געווען אויף די זינד פון דער גאנצער וועלט אזוי ווי דער פּסוק זאָגט: אשתך כגפן פוריה, דיין ווייב זאָל זיין ווי א פרוכטבארער וויינשטאָק, וואָס....

ניט עס מיר א קלאַפּ אין הארצען. מענש, דו האָסט שוין דאָס דאָזיגע געזאָגג איינמאָל געהערט! שוין לאַנג צוריק, דו געדיינקסט שוין קוים ווען, און ווייט ערגיץ, — דו דיינקסט דאָך אלעמאָל, דו

וועסט שוין קיינמאל מער אהין דעם וועג צוריק געפינען! —
און איך פיהל, ווי איך וואלט מיך געפונען ביים טויער פון גן־עדן התחתון. איך עפען אויף די טיר פאמעליכען און דאס האַרץ קלאפט מיר ביים סקריפ פון דער קליאמקע. איך רוק מיך אריין זייטענגוועגס און זעץ מיך גלייך אוועק אין א ווינקעל איך זאל קיי־נעם נים שטערען און מען זאל מיך גארניט באמערקען, ווייל איך, זינדינער, געהער מיך גארניט אן אהערצו.

נאר דא הערט דאס מיידעל אויף צו לייענען די סדרה, פאר־שעמט זיך, ווערט נאר אינגאנצען רויט — פאר מיר, דעם היינט־וועלטינען, דעם גרוים־שטאטינען! זי רוקט אפ פון זיך דעם גרויסען טייטש־חומש, דפוס ווילנא, און שמייכעלט צו מיר פאר־לעגען. די מאמע, הייסט עס, באשטעהט אז זי זאל יעדען שבת נאך וואַרמעס לייענען אין טייטש־חומש די פרשה פון דער וואך.

— איז וואס־זשע האסטו וואס צו שעמען זיך, קינד מיינס,
— זאג איך צו איר אין דער שטיל, אזוי שטיל, אז זי הערט מיך נים, — וואס־זשע האסטו וואס צו שעמען זיך אנטקענגען מיר? מישטיינס געזאגט, מיט וואס איך האב מיך וואס צו גרויסען זיך אנטקעגען אייך! — —

די מאמע דערלאנגט מיר א גלאז טיי, באפעלט דער טאכטער ווייטער לייענען, און איך, — וואס האב איך געקאנט זאגען אזוינס, אז איך זאל נים אויסזעהן ווי א גרוים־שטאטינער אפשפעטער, א היינטוועלטינער אפלאכער? — נאר מיט מיינע אויגען האב איך זיך געבעטען ביי איר: לייען, קינד מיינס, לייען, מיידעל, ליכטינ־אויגינע, און פארשפרייט דיין ליכטינקייט איבער מיר, און הלואי וואלט איך ראוי געווען צו זיין אין שטאנד צו קענען טאן וואס דו טוסט.

און דאס מיידעל, מיט לאכענדינע אויגען, ווי א געטרייע טאכטער און איבערגעגעבענע יונגע פרוי, טוט וואס איר מאמע באפעלט איר, דאס הייסט, דו בחור, לאך פון מיר נים אפ אין דער טיפעניש פון דיין הארצען, אז די מאמע הייסט — מוז איך פאל־גען! — און איך, פון מיין ווינקעל, שמייכעל צו איר און דערמוטינ זי מיט מיינע אויגען, זי זאל זיך נים שעמען פאר מיר.

און דא דערהער איך ווי זי לייענט די מעשה פון'ם ערשטען באגעגעניש פון יצחק'ן מיט רבקה'ן; ווי אזוי אברהם אבינו האט

נעשיקט זיין קנעכט אליעזר'ן קיין ארם־נהרים, צי וואו, צו קריגען א באהעלפערין, דאס הייסט, א ווייב, פאר זיין בן־יחיד, פאר זיין איינציגען זוהן, פאר יצחק'ן, און ווי אליעזר איז געקומען צוריק אהיים אין אברהם אבינו'ס פעלדער, אין א שטילען פארנאכט, מיטבריינגענדיג אויף די הארבעוואטע גמלים מתנות צו אברהם'ן, און רבקה'ן צו זיין איינציגען זוהן, און ווי יצחק איז גראד דאן ארויסנעגאנגען אין פעלד אריין דאווענען מנחה, און דא דערזעהט רבקה פון דערווייטענס אינ'ם טונקעלען פארנאכט איר באשערטען יצחק'ן, ארויסשווימענדיג פון יענער זייט, וואו די זון זעצט זיך, האט זי זיך ארונטערגעלאזען פונ'ם קעמעל, און האט צונע־דעקט איר פנים. — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דא, אינ'ם טונקעלען שטיבעל, איז מיר אויפגעגאנגען א גרויס ליכט, און איך פארמאך מיינע אויגען, ווייל עס איז שווער ז י י, וואס האבען זיך אלעמאל געבאדען אין דער פינסטערניש, אנצוקוקען דעם גרויסען שיין, נאר מיט פארמאכטע אויגען פאל איך צו צו דער ליכטיגקייט, און טרינק זי, און וויל דערטרונקען ווערען אין איר, אין מיין קיינמאל נאך ניט געזעהענעם ליכט... אוי, ווער האט זיך עס געקאנט ריכטען, ווער האט זיך עס געקאנט ריכטען! און איך האב געדיינקט, אין טונקעלע מינוטען, אז איך בין שוין פאר'משפט אויף צום אונטערגעהן — — — יא, עס איז װאהר: „און די וואס זיצען אין דער פינסטערניש, האבען דערזעהן דאס גרויסע ליכט!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אין שטאט פארבלייב איך לייננער און קאן פון דעם קוואל מיך ניט אפרייסען. אין שטוב האט מען מיך אזוי גערן. איך פיהל, אז מען באטראכט מיך ווי א צוקינפטיגען חתן. דאס מיידעל שמייכעלט אויף מיר מיט אירע גרויסע ליכטיגע אויגען. זי ווארט אז איך זאל איר עפעס ווארימעס זאגען, און זי נעמען אונטער מיינע פליגעל. נאר איך, וואס האב אין מיין יונגען לעבען, שוין כמה מיידלעך פארפירט, שרעק מיך פאר דער דא־זיגער אידישער מיידעל. מיין צונג, וואס איז אזוי ווייך געוועזן צו זאגען שעהנע ווערטער, וואס זאלען צעגליהען די יונגע מיי־

דעלשע בלומען, איז שטיל, און מיינע ליפען וואס האבען אמאל געוואוסט אזעלכע פארפירעריש־זיסע רייד פון זיך ארויסברייננגען, עפענען זיך נים אויף צו זאגען דאס איינציגע אמת'ע ווארט! בין איך עס ווערם, בין איך עס ווערם! — — —

און איך פיהל, אז איך וויים נים ווי אזוי מיין פארלאנג איר ארויסצוזאגען, און ווי אזוי דאס הארץ און איר מיידעלשאפט ביי איר בעטען. עס איז איבער מיינע כחות. און עס גים מיר פלוצלונג א שטראל א האפנונג: א שרכן! וואלט זיך פיליכט געפונען א איד א כשר'ער, מיט א לאנגער באָרד, מיט א ווייסען איבערגעבוינענעם העמט־קאלנער, מיט פארטאבאקטע וואנצען, און מיט א גרויסען פאראסאל אונטער'ן פאכווע, וואלט זיך נאר געפונען אזא איד, וועלכער זאל פאר מיר ריידען, און מיר דאס מיידעל אוים'שרכנ'ען? —

וואו איז ער? — — — וואו איז ער? — — —

און אין די לאנגע נעכט, אין מיין האטעל, ווארף איך מיך אויף מיין געלעגער און קאן נים אנשלאפען ווערען. איך צינד אן און דריי אוים די עלעקטרישע לעמפלאך, איך דריי זיי אוים און צינד זיי ווידער אן. מיר איז נים גום, איך פארלעש זיי ווי־דער און בלייב ליגען אין דער פינסטערניש. און אין דער פינ־סטערניש פון דער נאכט הערט זיך מיין געבעט:

— א ליכט איז מיר אויפגעגאנגען, א ליכט איז מיר אויפ־געגאנגען... און איך וויל נאהענט צו דעם ליכט צוקומען, און זיך מיט אים באהעפטען, נאר איך דארף אן ארויסהעלפענדיגע האנט צו מיין פולקומענער דערלייזונג. ווען־זשע וועט די דאזיגע האנט צו מיר אין דער טונקעלהייט זיך באווייזען? — ווען וועט מיין פולשטענדיגע דערלייזונג קומען? און דער ריינער, לאנג־בערדיגער שדכן — ווען וועט ער זיך שוין צו מיר באווייזען, צווי־שען מיר און דעם ליכטיג־אויגיגען מיידעל, און אונז ביידע פאר־קנס'ען — — ווען? — — ווען? — — —

## דַאננא ראַמאַ.

איך בין א קאַמי־וואַיאזשער. א פאַרשטעהער פון א גרויסער שוך־פירמע אין דער איסט. דעם גרעסטען טייל יאָר געפין איך מיך אין וועג, אין פארשידענע שטעט און שטאַטען. אפילו אויף יום־טובים קום איך ניט אהיים, ווייל איך האָב ניט קיין היים.

איך קריג א היבש געהאלט. מיינע פריינט אין ניו יאָרק זע־נען מיך מקנא: איך מאך אזא אַנשטענדיג, לייכט לעבען. פיליכט איז עס טאקע אזוי. איך ארבייט דאך, נאך אלעמען, גאנץ לייכט. אָבער איך בין א רייזענדער פארקויפער, און געפין מיך דעם גרעסטען טייל יאָר אין דער פרעמד.

אז איך געפין מיך אין די ווייטע שטעט און ווער פארטיג מיט מיינע טאָג־געשעפטען, פיהל איך מיך מאנכמאָל אומעטיג. איך ווייס ניט, וואָס צו טאָן מיט זיך. זיצען אין האָטעל — ווי לאנג־ווייליג! און דיינקען קאָן איך ניט קיין סך. דאָס איז מיר שווער. איך האָב אויך ניט פיל וועגען וואָס צו דיינקען. מיט א פאָר אויסנאמען, איז מיר מיין לעבען פארביינגעגאנגען — איך בין נאך אפילו ניט זעהר אלט — גאנץ גלאַט, גראָד־ליניעג, אָהן וויכטיגע געשעהענישען. לעזען קאָן איך אויך ניט. דאָס הייסט, איך קאָן לעזען פיזיש. אָבער ניט פסיכאָלאָגיש. אזוי וואָלטען זיך מיינע געבילדעטע באקאנטע אין דער איסט אויסגעדריקט. (איך האָב אין ניו יאָרק א פאָר העכסט־געבילדעטע באקאנטע — אויף ווי ווייט איך קאָן אורטיילען — זיי זענען, דאכט זיך, שרייבער, צי רעפאָרטערס אין אידישע צייטונגען). איך בין איינפאך ניט געניינט צום לעזען. עס איז ניט מיין פאך. מיינע עלטערען האָבען מיר געגעבען א גאנץ קנאפע דערציהונג. און איך ווייס ניט, צי איך זאָל זיי דערפאר דאנקען אָדער פארדיינקען.

איך ליב בעסער ארומצוגעהן איבער די אומבאקאנטע גאסען. דערהויפט איבער די זוימען און עקען פון דער שטאָט. און נאָך מער — ארום דעם וואקזאל אָדער פּאָרט: דאָס ווענדט זיך שוין אָן דעם, צי די שטאָט איז אן אינלענדישע, אָדער שטעהט ביים ים. ביים וואקזאל איז אם בעסטען צו שפאצירען אין אָוונט,

אָדער נאָך שפּעטער. די לאָקאָמאָטיוו־פּייפען זענען דאמאָלס ווייטליך, ווייט, פארהוילען און טויבלאך, ציהען אזוי שטארק נאָך זיך. דער ים איז גוט אלעמאָל. דאָס וואסער איז אַזוי דערפרי־שענדיג... די אויגען ווערען ברייט אויפגעשלאָגען מיט וואונדער און פרייד. און מאנכמאָל הערט מען אויך די סירענעס בלאָזען.

אין אָוונט, אויב איך שטעה אין שטאָט לענגער ווי איין טאָג, געה איך אין די מואוויס, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיינע פריינט אין ניו יאָרק — איך האָב דאָרטען עטליכע העכסט־גע־לערנטע פריינט — וואָלטען דערפאר פון מיר אָפּגעשפּעט: פאר־וואולגאריזירט. איך האָב ליב באוועגליכע בילדער. דערהויפּט היסטאָרישע און רייזע־בילדער. רייזע־בילדער... רייזע־בילדער... איך שעם מיך ניט צו זאָגען: דער בלויזער קלאנג פונ׳ם וואָרט פאר׳שכור׳ט מיך.

איטאַליענישע באזונדערס.

און שפּעט אין אָוונט, נאָכדעם ווי איך בין פארטיג געוואָ־רען מיט מיין מאָלצייט ערגיץ אין אַ זייטיגען רעסטאָראנט, דער איינענטימער פון וועלכען איז געוועגליך אַ גריך אָדער אן אי־טאליענער, אָדער אן אנדער דרום־אייראָפּעער — איך האָב בעסער ליב די דאָזיגע פארוואָרפענע, אפילו נישט שטארק ריינע פּלעצער: מער געמיטליך און וועניגער פּאָרמאַל — זוך איך מיר אויס אַ פּארק, זעץ מיך אנידער אויף אַ באנק, אין דער הויפּט־אליי, אויף אן אנגענעמען פּלאץ: די הויפּט־אלייען זענען אין דיזער שפּעטער שטונדע כמעט פּוסט, און איך טראכט: עפּעס האָב איך איבערגעלאָזען הינטער זיך אין ניו יאָרק. יאָ.

איך בין אַ קאָמי־וואָיאזשער, און עס קומט מיר אויס די מער־סטע צייט צו זיין אין דער פרעמד.

אַנומעלטען בין איך געווען אין נאָרפאָלק, ווירדזשיניא. ארום אַ זייגער פינף פארנאכט האָב איך ארומגעשפּאצירט אין דעם נידערי־גען טייל שטאָט. די נעמען פון די גאסען געדענק איך ניט. עס איז געווען ניט ווייט פונ׳ם פּיער, צווישען די גרויסע אמבארען און אַנלאָדונגס־פּלעצער. עס איז שוין געווען טונקליך. אַ מיידעל האָט זיך צוגעשארט צו מיר. פון מיטעלער הויך און ניט איבעריג פול. לויט׳ן הויט־קאָליר איז זי ווארשיינליך געווען אַ מולאטין.

הגם, מיט אירע גאַנץ איידעלע, פערדינערטע אייראָפּעאישע גע־זיכטסצוגען, וואָלט מען זי ניכער געקאָנט אָננעמען פאר אַ ריין־בלוטיגע איטאַליענערין אָדער שפּאַניערין. אַזוי ווי איך האָב עס איר ניט פארבאָטען, איז זי געגאַנגען האַרט ביי מיין זייט. זי האָט מיר די געוועהנליכע פראַגע ניט געשטעלט. ווייל — „וואָס דען קאָן וועלען אַזאַ עלעגאַנט געקליידעטער יונגערמאַן אין אַזאַ פאַר־נאַכטיגער שטונדע און אין אַזאַ פאַרלעגענעם פּלאַץ?“

איך בין איר וואַרשיינליך שטאַרק געפעלען געוואָרען, ווייל זי האָט אפילו פארזוכט מיך צו נעמען אונטער׳ן אָרעם. און הָגם איך האָב מיך פון דער דאָזיגער ליבענסווירדיגקייט אָפּגעזאָגט, איז דאָך דער דאָזיגער איידעל־מענשליכער שטריך אין איר מיר שטאַרק געפעלען. איך האָב ליב דאָס ריין־מענשליכע. אין איר געזיכט איז אויסער דעם ניט געווען צו באַמערקען קיין שטריך פון אויספּאַלענדקייט, קיין צייכען, אַז זי איז פון „יענע“, ווען אפילו עס איז ביי מיר קיין ספק ניט געווען, אַז זי איז יאָ געווען אַ גאַסען־מיידעל.

מיר האָבען זיך ניט געאיילט. ס׳איז דאָ גענוג צייט. זי האָט מיך אויך ניט געטריבען. האָט געהאַט, ווייזט אויס, גלויבען אין מיר. האָבען מיר זיך פּאַמעלינקע געשפּאַצירט אויף דער הויפּט־גאַס, צום צענטער־שטאָט צו.

עס איז געווען רוישיג, אָוונט־ליכטיג. די גאַסען־לאָמפּען האָבען בלויליך־בלייך געלויכטען. פיל שפּאַצירענדע. מיר האָבען זיך זעלטען, בלויז פון צייט צו צייט, דורכ־געוואָרפען מיט אַ וואָרט. כאָטש זי איז געווען זעהר גערן צו רע־דען מיט מיר. נאָר מיינע געדאַנקען, איין גאָט ווייסט עס, זענען געווען גאַנץ ווייט פון איר, אין דער שטאָט, וואו איך האָב, דאַכט זיך, עפּעס איבערגעלאָזען. איר אָנוועזענהייט אָבער האָב איך מיט דאַנקבאַרקייט געפיהלט לעבען זיך, די אָנוועזענהייט פון אַ פּלוצ־לונג געטראָפענעם פריינד אין אַ ווייטער פרעמדער שטאָט.

און שפּעטער, זיצענדיג אין אַ רעסטאָראַן, האָב איך באַ־מערקט, אַז זי איז טאַקע גאַנץ שעהן, אפילו איידעל־שעהן. און ווידער איז מיר אויפּפאַלענד געוואָרען דאָס, וואָס זי קוקט ב ש ו ם א ו פ ן ניט אויס — ניט אפילו אינ׳ם בלייכען, קריינקליכען עלעקטרישען ליכט, וואָס האָט פּאַרפּלייצט

דעם נערווימען עס־צימער — צו זיין איינע פון „יענע", הגם עס האָט דאָך ניט געקאָנט זיין קיין ספק, אז זי איז א נאַסענ־מיידעל. איך האָב איר א פּאָר מאָל ווארים־פריינדליך איבער'ן טיש די האנט געדריקט. זי האָט מיר אָפּגעענטפערט מיט א שמייכעל, און איידעל־שעמעוודיגער שמייכעל פון א פארליבטער מיידעל. מיר האָט דאָס הארץ אָנגעהויבען מיטאמאָל קלאפּען פון שרעק: א באקאנטער שמייכעל. און דאָס איינגאנצען, די דאָזיגע מינוטען, ווי איך זיץ אזוי מיט איר ביים רעסטאָראנ־טישעל, אין דער באלויכטענער לופט, זענען צו מיר אזוי באקאנט נאָהענט, ווי איך בין עס שוין איינמאָל דורכגעגאנגען, שוין איינמאָל דורכגעלעבט פּונקט די זעלבע מינוטען. דער שרעק איז אריבער אין אן אומרוהיגקייט, ווייל כ'האָב מיך בשום אופן ניט געקאָנט דערמאָנען: ווען, וואו און ווי אזוי?

און באלד האָב איך מיך קלוג־וויסענדיג געטרייסט:

— אָ, ס'איז א בלויזער אָנשטעל, אן אומשולדיגער אָנשטעל פון א דורכגעטריבענער מיידעל.

און דערנאָך —

אינ'ם קינעמאטאָגראף איז געווען שטיל און געמיטליך. די ביינק געבעט מיט רויטען פּלוש. די לופט טונקעל. דער עולם שיטער. נאָר שיטער. פּילייכט זענען מיר געווען די בלויזע צוויי צושויער אינ'ם גרויסען זאל. עס איז געווען ארום 7 א זייגער, ווען די בירגער זענען נאָך ניט פארטיג געוואָרען מיט זייער אָוועגט־מאָלצייט. די ארבייטער זענען נאָך געזעסען מיט די פארקאָשערטע העמט־ארבלען ביים אָנגעוואָרפענעם עס־טיש און געזופּט ביר פון די ביר־קענדלאָך. מיר זענען געווען ווי צוויי סילועטען, צעשוויי־מענדיגע אין דער טונקעלהייט. דאָס וואוילע מיידעל האָט זיך געטוליעט צו מיר. האָט הנאה געהאט פון'ם בילד. און פון'ם שעהנעם, גוטען צופעליג־געטראָפענעם יונגענמאן, ווייזט אויס, ניט קיין היגער. און פון דער פאָרשטעהענדיגער, ווארימער ליבעס־נאכט מיט אן איידעלען און רייכען מאן. און איך — איך געדיינק שוין ניט.

נאָר אך... וואָס איז עס? ווער האָט עס מיך אהערצו פאר־שלעפּט? איך קוק אויף מיין באגלייטערין. זי איז רוהיג. פאר־

זונקען אין צוקוקען דאָס באַוועגליכע בילד. איר רוהינקייט שרעקט מיך... די טונקעל־הויטיגע... גאָט מיינער, ס'איז מער ניט ווי אַ וויסטער חלום! נאָר איך קאָן מיך שוין ניט אָפּרייסען פונ'ם בילד. זעה! די גרויסע פּלאַזאַס אין רוים. דער קאַטעדראַל פון דעם הייליגען פּעטרוס. דעם מארקיז'ס פּאַלאַץ. דאננא ראָמא. דאננא ראָמא... יאָ... ווייטער: דער געליבטער — דער פייערדיגער סאָציאַליסטישער אגיטאטאָר... דעם פּויפּסט'ס גאָרטען... און ווידער זי: דאננא ראָמא...

ס'אָרא העלישע פּלאָגעניש. מיין גאָט! איך האָב עס שוין מער ניט געקאָנט אויסהאַלטען. איך בין ארויסגעלאָפען פונ'ם טעאַטער. זי נאָך מיר. ביים עק גאס האָב איך איר געזאָגט, אַז עס איז מיר נויטיג אוועקצוגעהן. גלייך. אָן דעם פייער'ל אין אירע אויגען האָב איך געקאָנט באמערקען, אז זי איז געווען גרייט מיר צו מאכען א סקאנדאַל. (עס האָט ניט געקאָנט זיין קיין ספק, אז זי איז געווען א גאסען־מיידעל.)

נאָר עס איז דאָך ניט געווען נויטיג. איך האָב ארויסגענומען עטליכע דאָלאַר־בילס און איר אריינגעשטופּט אין האנט. זי האָט געקוקט אויף מיר פאַרדראָסיג־טאדלענדיג (און ווער וויים, אפשר איז זי ניט געווען פון „יענע" ?) איך האָב מיך גלייך אומגעדרייט און אוועקגעגאנגען מיט שנעלע טריט. די קילע לופט האָט מיך שנעל בארואיגט.

איך בין א קאָמי־וואָיאַזשער און געפין מיך גאנץ אָפט אין וועג. אין די פרעמדע שטעט זענען מיר די אָווענטען מאנכמאָל גאנץ אומעטיג. אין מיין מח קומען זעלטען צו־גאסט נייע געדאנקען. יענעם אָווענט אָבער בין איך געווען גליקליך. אינ'ם פּארק, וואָס אין צענטער שטאָט, אויף דער הויפּט־אַליי, האָב איך געטראכט פון צוויי זאכען: ערשטענס, אז פון שטארקער ליבע ביז נאָך שטארקערער שנאה איז בלויז איין טריט. און אַז, צווייטענס, מאנכמאָל פאַרלירט איינער זיין גלייכגעוויכט און ווערט לעבערליך פון איינבילדעניש, פון א גאָרניט, פון א וויסטען טרויב... די קילע לופט בארואיגט אים באַלד.

ווענדעטטא... ווענדעטטא...

דאָס דאָזיגע וואָרט פאַרלאָזט מיך ניט די גאנצע צייט.

איצטער, ווען צווישען מיר און יענעם אָווענט אין נאָרפאָלק, ווירדזשיניאַ, זענען שוין פאַרלאָפען עטליכע חדשים און אַ היבשע פּאָר הונדערט מייל. אין דער שטאָט אין דער מיטעל־וועסט, וואו איך געפין מיך איצטער צוליב מיינע געשעפטען, אַלס אַ פאָרשטעהער פון דעם גרויסען שוך־געשעפט, פון וועמען איך מאַך אַזאַ פיינעם לעבען, טראַכט איך איצטער ניט פון יענעם אָווענט, נאָר פון אַן אנדערען אין דער איסט, אין ניו יאָרק, וואו איך האָב, דאַכט זיך, עפּעס הינטער זיך איבערגעלאָזען.

זי איז געווען אַן איטאַליענערין. דאַכט זיך, געבאָרען אין ריזען לאַנד. אַלענפאַלס, שוין לאַנג דאָ. באַקאַנט האָב איך מיך מיט איר אין אַ שוך־געשעפט, וואו זי איז געווען אַ פאַרקויפערין, און וואוהין איך פלעג אריינקומען איינינגע מאָל אין יאָר מיט די נייע מוסטערען פונ׳ם סעזאָן. נאָר איננגיכען האָב איך שוין אָנגעהויבען אריינצוקומען אינ׳ם דאָזיגען פלאַץ עפטער, ווי איינינגע מאָל אין יאָר. און עטוואָס שפּעטער, — פלעג איך שוין ברײנגען צו איר אין הויז גאַנצע פּעקלאַך מיט מ ת נ ו ת און שפּיל־געצייג פאַר אירע קליינע ברידערלאַך. אירע עלטערען פלעגען דאַמאָלס ניט זיין אין דער היים און איך האָב ליב קליינע קינדער.

ז י כ ע ר האָב איך זי ליב געהאַט. ווי דען? וואָרום־זשע דען פלעג איך צו איר אַזוי אָפט ארויפקומען, דאַמאָלס ווען אירע עלטערען פלעגען׳ אין דער היים ניט זיין. הייגט די גאַנצע באַדערניש מיט׳ן איינקויפען סאָלדאַטשיקלאַך און וועגעלאַך פאַר די קליינע ברידערלאַך, ווען אפילו איך האָב סתם ליב קליינע קינדער... זיכער האָב איך זי ליב געהאַט. זי אָבער האָט מיך ליב געהאַט שטאַרקער, שוין צו שטאַרק. און עס איז ניט נאָך מיין גוסט, ווייל איך בין בטבע אַ געמעסיגטער מענש, געוואוינגען און עטוואָס קיל. אויסער דעם בין איך שטאַרק באַשעפטיגט, און דאַרף זיין דעם גרעסטען טייל נאָר אין וועג. איין נאָט וויים, אַז עס איז אמת.

האָט עס מיך אָנגעהויבען שטאַרק צו באַאומרואיגען.

אין איין זונטאָג אָווענט האָבען מיר געשפּאַצירט אויף בראָדוויי. דאָס איז געווען ד ע ר זונטאָג־אָווענט. אַ זונטאָג אָווענט אויף בראָדוויי, ברויך איך עס צו באַשרייבען? ליכט, ליכט.

ליכט... עלעגאנט געקליידטע יונגע הערען און דאמען. אלערליי דאמען... און די גאנצע לופט, ווי דער אויסדרוק פון די געזיכטער פון די שפאצירענדיגע, רעדט פון איין דראנג, פון איין אינטענסיווען פארלאנג: דער דראנג צו א פולען לע־בען... מיר זענען אריינגעגאנגען אין א טעאטער, אין א רייכען עלעקטרא־ביאָגראף. מען האָט דאן געצייגט א פילמיזירונג פון האָל קעינ׳ס „די אייביגע שטאָט". ס׳ארא בילד! ס׳ארא בילד! די פאלאצען, די קאלאנאדען — ווי ליב איך האָב מארמאָרנע קאלאנאדען — די גערטנער, די פיאזאס, די שטורמדיגע, אימ־פולסיווע באפעלקערונג, די פארנאכטען אין רוים און אויפ׳ן ים... און דורך דעם אלעם, ווי א זיב־שלענגלענדיגער רויטער פאָדים, דער עקשנות׳דיגער דעמאָנישער האס פון דער געפעסטשעטער און אריסטאָקראטיש־געצערטעלטער דאננא ראָמא צו דעם פייערדיגען אגיטאטאָר און פאָלקס־פירער, איך געדיינק שוין ניט זיין נאָמען, דאכט זיך, לעאָן. א פארביסענע שטארקע פרויענ־שנאה, וועלכע האָט זיך פארוואנדעלט אין א נאָך שטארקערע ליבע. די איטאל־יענערין דאננא ראָמא. דאננא ראָמא...

מיר זענען געזעסעןביידע, איינגאנצען פארזונקען אינ׳ם צו־קוקען דאָס וואונדערליכע בילד. זי האָט זיך געטוליעט און גע־קלאמערט אָן מיר. מיר האָבען ביידע געשוויגען, ווי טראנספאָר־טירט אין אן אנדער וועלט. נאָר בלויז צום סוף פון דער פאָר־שטעלונג, בשעת דער סצענע אינ׳ם פויפסט׳ס גאָרטען, האָב איך דערהערט איר שטילען איינגעהאלטענעם צישען אין אויער אריין. עס איז געוועזען פייכט, הייס און ברענענדיג:

„דו וועסט מיך ליב האָבען אלעמאָל. הערסט? דו מוזט מיך ליב האָבען, ווייל איך האָב דיך ליב און קאָן אָהן דיר ניט אויסקומען. און אויב ניט — איז אָדער איך וועל זעלבסטמאָרד באגעהן, אָדער איך וועל אָן דיר נקמה נעמען. און גיכער דאָס לעצטע... וואָס וועט מיר ארויסקומען פונ׳ם „ערשטען?"

נאָר איך האָב מורא, אז קיינעם איז נאָך דערוויייל ניט אויס־געפירט געוואָרען. וואנדעטטא... וואנדעטטא...

איך בין א קאָמי־וואָיאזשער, א פאָרשטעהער פון א גרויסער שוכ־פירמע אין דער איסט, דעם גרעסטען טייל יאָר געפין איך מיך אויפ׳ן וועג. אין די פארשידענע שטעט און שטעטלאך איז מיר

מאנכמאָל גאנץ אומעטיג, ווייל זעהר זעלטען קומען מיר אין מיין מח נייע געדאנקען. נאָר אין דיזער שטאָט אין דער מיטעל־וועסט, וואו איך געפין מיך איצט צוליב מיינע געשעפטען, האָב איך ווי־ דער געהאט א רואיגען טראכטענדיגען אָוונט, ווי יענעם אָוונט מיט איינינע מאָנאטען צוריק אין נאָרפאָלק. און ווידער האָב איך געטראכט פון צוויי זאכען: פון יענעם לעצטען אָפשיידס־אָוונט אין ניו יאָרק, און פון דעם אנדערען אָוונט אין נאָרפאָלק, ווירר דזשיניא, וואו איך האָב געזעהן האָלל קעינ׳ס בילד צום צווייטען מאָל...

ווען עס קומט אָן דער אָוועגט.

שטילער, שטילער, רוקט זיך צו,
ס'קומט דער אָווענט מיט זיין רו.
(פון אַ אָווענט־ליד.)

א.

## ווענען דעם בערגעל פון די צוויי פנימ'ער.

זומערדיגע טעג זענען טאקע לאנגע און זיך־שלעפּענדיגע, אָבער זיי פויזען דאָך סוף־כל־סוף צו צום ענד פון זייער לאנגען, ווארימען וועג.

אַזוי ווי א ו נ ז ע ר ע טעג.

ווען אָבער די זון ברענט נאָך און דער טאָג איז נאָך היים — ווער וויל עס טראכטען פון די שאָטענס פונ'ם אָנקומענדיגען אָווענט? — —

נאָר צי מען טראַכט פון זיי, די שאָטענס פונ'ם זיכער־אָנקומענ־דיגען אָווענט, צי ניין — אָנקומען קומען זיי שוין סיי ווי סיי אָן, די שאָטענס פונ'ם קילען און קיל־מאכענדיגען אָווענט. און ווען מען הויבט אָן צו דערפיהלען די נאָענטקייט פון זייער קילען ווייען, די נאָענטקייט פונ'ם קילען טייך פון אָווענטיגקייט, דאַ־מאָלס נעהמט מען ארויף אויף אַ הויכען בארג פון וואנען מען קאָן נאָך אַ לייננערע צייט זעהן די פלאמען פון דער זון, מיט וועלכער עס ווילט זיך קיינעם ניט אזוי גיך שיידען.

דאָן, ווען עס קומט אָן דער אָווענט.

און ווילט איר ארויפקומען אויפ'ן הויכען בארג, הויבט איר זיך אויף אויף ברייטע, ריין־געשייערטע מארמאָרנע טרעפּ, און ווייל דער מארמאָר איז אזוי דורכזיכטיג און כוואליע־אַרטיג מיט זייגע געדרייטע אָדערלאך, דיינקט איר, אז איר שטייגט צווישען פּארגליווערטע בלאָקען ים־וואסער און געפרוירענעם מער־שוים.

און אלעמאל שיינט דארט די זון, דארטען, אויף די טרעפ, די
מארמארנע, — און ברייט זיינען די טרעפ, און קאלט־קלאר,
און שווייגענדיג. און מיט אן ערפורכטיגער הכנעה, זיך קניענדיג
און בוקענדיג פאר אייערע פיס, פירען זיי אייך ארויף, בארג ארויף,
בארג ארויף: ריינע טרעפ דורך א ברייט־שטילער עזרה צו א
ווייטליכען הייליגען היכל.

און אזא היכל געפינט זיך טאקי אויפ׳ן שפיץ בארג, אויף א
פלאכער טעראסע. אנרופען וועלען מיר דעם דאזיגען היכל:
דער פאלאץ פון דער ש פ ע ט ע ר ־ פארגעהענדיגער זון, און ווען
דער אווענט הויבט אן צוצופאלען, ציען זיך אהינצו מחנות פיל־
נרימען, וואס הויכען זיך און הויבען זיך אלץ העכער איבער דעם
שליינגעלדיגען טרעפענוועג, אלץ העכער צום היכל. און דארט
טוען זיי לאנגע צייט דאווענען און קוקען אויף דער זון, אויף דער זון,
וועלכע מען זעהט שוין לאנג ניט אין טאל.
דאן, ווען עס קומט אן דער אווענט.
און עס קומען אהינצו פארשידענע מענשען.

יונגע פארלאך, נאך ערשט ביים אנהויב ווענ, און עלטערע פאר־
לאך, שוין איינגעבויגענע און אויסגעדרעהטע, ווי צופאלענ־
דינע שטאמען פון בוימער. ד י זענען שוין צום ענד וועג דערגאנ־
גען און כמעט דעם אנהויב פארגעסען... נאר מערער קומען אהינצו
מיטעליעהריגע, ע ל ט ע ר ־ ו ו ע ר ע נ ד י ג ע פארלאך, וואס
שטייען אויף א בערגעל אין מיטען ווענ. און הייסען הייסט דאס
בערגעל: ד א ס ב ע ר ג ע ל פ ו ן ד י צ ו ו י י
פ נ י מ ׳ ע ר.

היינגען זיי דארט אויף א משקולת, אין מיטען, צווישען דעם
אנהויב — און דעם סוף־ווענ, שאקלען זיי זיך אויפ׳ן
שמאלען קאם אהין און אהער, אהין און אהער, און האלטען זיך
אן מיט אלע זייערע כחות אן דעם שפיץ בערגעל. קאנען זיך זאט
ניט אנקוקען מיט זייערע פיל, ברייט־פאנאנדערגעעפענטע און
נירינג־אריינגעמענדיגע אויגען אויף דער נאך אלץ ליכטיג־שיינענ־
דיגער זון. איידער דער שטילער אווענט ווינטעל וועט זיי פון
שמאלען קאם ארונטערבלאזען אויף יענער זייט, וואו מירע פאר־
לאך ציען זיך אזוי מיד צום סוף־ווענ, צום צווייטען סוף־ווענ, צום

טאָל־ווייטען סוף־וועג, וואו אַן איינזאמער אויסגעדארטער בוים
צעגליט אינ׳ משיין פון די שקיעה׳דיגע פלאַמען.
און אַהין, אויפ׳ן בארג, קומט מען סיי זומער און סיי ווינטער,
סיי פרילינג און סיי הערבסט. אַ ל ע מ אָ ל קומען פאַרלאַך
אַ ה י נ צ ו — דערהויפּט אָבער אָווענט־צייט.
וואָרום דער אָווענט ברייגגט מיט זיך אויסער שטילקייט אויך
קילקייט. ווילט זיך דאַמאָלס טוליען איינער צום אנדערען
און זיך צוזאַמענגעהן אין דער אַראָפּנידערנדיגער קילער רו.
די רו, וואָס האלט זיך אָן אין די בלויע זוימען פונ׳ם אָווענט.
דאַן, ווען עס קומט אָן דער אָווענט.

ב.

# עס האָבען געלעבט אַמאָל אין אַ שטאָט...

הערט אַ מעשה.
אין אַ שטאָט האָבען געלעבט צוויי מענשען, אַ מאַן מיט אַ פרוי,
און זייערע שייכות׳ן איינער צום אנדערען זיינען באַשטאַנען
אין דעם, וואָס זיי זענען געווען מאַן און ווייב.
מיט פילע יאָרען פריער, שוין לאַנג צוריק, זענען זיי געווען יונג,
אַט ווי אַלע מענשען אין זייער פריהען לעבען. און ד אַ ן
האָבען זיי עס חתונה געהאט. נאָר שפּעטער, מיט יאָרען שפּעטער,
זענען זיי עלטער געוואָרען און האָבען זיך טאָג־איין, טאָג־אויס,
פּאַמעליך און אומגעזעהן געקייקעלט באַרג אַראָפּ, באַרג אַראָפּ, צום
שטיל־גרויען טאָל.
ווי געוויינליך.
אָ׳ן אָנשלאָגען וועלען זיי זיך סוף־כל־סוף אָן דער דעק פונ׳ם שטיל־
גרויען טאָל... נאָר די מעשה קומט פאַר דאַן, ווען זיי זענען
נאָך געהאנגען אויף אַ משקולת אויפ׳ן בערגעל אין מיטען וועג, און
האָבען זיך מיט אַלע כחות אָנגעהאַלטען אָן דעם קאַם, כדי דער
אָווענט־ווינטעל זאָל זיי ניט אַרונטערבלאָזען אויף י ע נ ע ר
ז י י ט, וואו אַ סך פאַרלאַך ציען זיך פּאַמעליך און מיד צום
אָווענטיגען סוף־וועג.

פלעגען זיי זיך אזוי לעבען צוזאמען : דער מאן פלעגט ארביימען
ערגיץ צו פארדינען אויף א לעבען, און די פרוי פלעגט
זיין פארנומען מיט הויז־ארבייט, ווי אלע פרויען.
פלעגען זיי לעבען צוזאמען — מיינט עס : בלויז אין איין הויז.
ווארום שוין לאנג האבען זיי דערעסען איינער דעם אנ־
דערען און זעלטען געהאט פון וואס צו ריידען, און צוליב איינס
דעם אנדערען נאכאנאנד איז די אויגען קוקען. שוין צופיל געקענט
איינס דאס אנדערע.
פלעגען זיי זיך לאנגווייליגען.
זאלבענאנד.
און דאמאלסט, ווען עס פלעגט זיי אומעטיג ווערען, פלעגען זיי
ארויסקוקען דורכ'ן פענסטער און זעהן :
יונגע, לעבענס פריידיגע פארלאך שפאצירען אין נאס, לאכען,
רוישען, קוקען איינע אויף די אנדערע מיט גליקליכע, נאר־
ניט־זעהענדיגע אויגען.
פלעגען דער מאן און די פרוי, וואס האבען געוואוינט אין יענער
שטאט, ביידע צו זיך אין דער שטיל אזוי צו זאגען :
— זיי זענען נאך ביים אנהויב וועג. נאר אונז ווערט שוין קאלט,
ווייל מיר הויבען זיך אן דערנעהענטערען צום סוף פונ'ם
אזוי, מיין טייערער.
אזוי, מיין טייערע.
און ביי דעם דאזיגען געדאנק פלעגט זיי ווערען שטארק אומעטיג
און טרויעריג אויפ'ן הארצען. און ווען בייטאג, בשעת'ן
ליכטיגען טאג, איז געווען אזוי, היינט אין דער דעמערונג, אין דעם
שטילען געמיש פון טאג־ענד און אווענט־רו, איז דאך אוראי...

ג.

## ווען דער אווענט וועט קומען...

נאר אין אווענט פלעגען זיי אין הויז ניט זיצען.
ווייל יעדער פון זיי, ווען זיי זענען געזעסען איינע לעבען אנדערען,
האבען זיי זיך געלאנגווייליגט און געשוויגען, — פלעגט פון
דעם אנדערען עטוואס פארהוילען און באהאלטען ביי זיך טיף אין
הארצען.

אַ פריידיגען, טרייסטענדיגען געדאנק. זיי פלעגען חלום׳ען אויפ׳ן וואַר.
אַמאָל פלעגט ער זיך ניט קאָנען איינהאלטען און אין דער שטיל אַרויסזאָגען:
— ווען דער אָוועגט וועט קומען...
און זיך באלד פארכאפּען. מיט שרעק זיך ארומקוקען, אויב זי, זיין זיין פרוי, האָט ניט דערהערט.
און אמאָל פלעגט ז י אויך ניט קענען איינהאלטען און פלעגט אין דער שטיל ארויסזאָגען:
— ווען דער אָוועגט וועט קומען...
און פלעגט זיך באלד פארכאפּען. מיט שרעק זיך ארומקוקען, אויב ער, איהר מאן, האָט עס ניט דערהערט.
נאָר קיינער פון זיי האָט דעם אנדערען געהערט און דערהערט, ווייל זיי האָבען שוין לאנג איינער פאר׳ן אנדערען דעם גייסט אָנגעוואָרען, און האָבען זיך ניט ליב געהאט, און זענען ניט געווען אייפערזיכטיג.
און דער אָוועגט פלעגט קומען.
פלעגט ער, שמעון, זיך פריש אָפּגאָלען, זיך ארומוואשען און זיך אָנטאָן אין אַ שווארצען אנצוג און אין גרויליכען טוקסידאָ.
זי, דבורה, פלעגט זיך אָנפּארפומירען מיט די שמעקעדיגסטע פּער־סישע בלומענזאפטען. „רזשערקים" — דאָס איז געווען איר באַ־ליבטסטער פארפיום. אירע בלאָנדע האָר אין אַ הויכער פריזור פארפלאָכטען און זיך אריינגעטאָן אין אַ קלייד פון שיפאָן־זייד.
זיי פלעגען שוין געפינען אויסריידען איינער פאר׳ן צווייטען, און קיינער פלעגט נישט וועלען צופיל פרעגען און חושד זיין דעם אנדערען, ווייל זיי זענען ביידע גערן געווען זיך ארויסרייסען פון זייער אומעטיגען הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויפ׳ן עק פון צוויי גאסען, צוויי וועגען.
דעריבער האָט עס אויך געהאַט צוויי נומערען. נומער 247 דער־שליאף־צו־דער־זון. און נומער 742 צום אָוועגט.
זיט שמחה און מסירת־נפש פלעגען זיי זיך ביידע אריינוואַרפען אין די איינגעווייד פון דער טומעלדיגער שטאָט, מיט׳ן שטארקען ווילען דאָרט דערטרונקען צו ווערען.
אָבער — דורך צוויי באזונדערע וועגען.

זי פלעגט זיך לאָזן מיט דער נאָס : צום־אָווענט.
און ער — מיט דער נאָס : דער־שליאַך־צו־דער־זון.

ד.

## וועגן דעם אייביגען יום־טוב אויף יענעם באַרג.

די גאַסען פון יענער שטאָט זענען געווען אומרעגעלמעסיג. פלעגען
זיך קרייצען אין דער קווער און אין דער קרום און גאָר פילע
פלעצער. אַלטע, אַמאָליגע, קאַפּריזנע גאַסען. פלעגט שוין אויס־
קומען, אז בײדע, מאַן און פרוי, פלעגען זיך דערנעהענטערען צום
באַרג מיט דער זעלבער גאָס : דער־שליאַך־צו־דער־זון.
נאָר געהן פלעגען זיי אויף צוויי באַזונדערע טראָטואַרען. און
פלעגען זיך אויסהיטען אײנער פאַר׳ן צווייטען. נעפּיהלט
האָבען זיי אומגעוויינליך אנגענעם און גוט, ווי אנגענעם און גוט
עס איז פאַר מאַן און ווייב צו פעלשען אײנער דעם אנדערען.
און לסוף פלעגען זיי אײנס דאָס אנדערע פאַרלירען פון׳ם אויג.
שמעון פלעגט צום באַרג אָנקומען דער ערשטער. מיט אַ ביינקענ־
דיגען, אין דער הויך אויפגעהויבענעם קאָפּ פלעגט ער זיך
לאָזען שטייגען מיט גרויסער און שטילער פרייד ארויף, ארויף, —
ארויף די ברייטע טרעפּ, די מאַרמאָרנע. און די, וואָס שטייגען
אומערמידליך, קומען ענדליך אָן אין דער הויך.
ער זעצט זיך אוועק אויף אַ באַנק, פלעכט איין די פינגער איינע
אין די אנדערע, קוקט עטוואָס אומגעדולדיג אין אלע זייטען,
און וואַרט.
נאָר די רואיגקייט און קלאָרקייט, וואָס פלעגען ארומוויקלען יעדען
איינעם, ווײַבאַלד נאָר ער האָט זיך אויפגעהויבען אויף די
ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ צו דער טעראַסע אויפ׳ן שפּיץ באַרג,
פלעגען באַלד אויך אים ארומנעמען. ווערט ער רואיג. לאָזט ער
זיינע בליקען גליטשען זיך איבער׳ן פייערדיגען באַל, ווי אַ פאַרליב־
טענס אויגען איבער דעם מיידעל׳ס צונגליטען קערפּער.
אַ הויכע, שלאַנקע דאַמע קומט ענדליך צו. זיי גריסען זיך, זיי
לאָזען זיך שפּאַצירען איבער די שטעגלאַך, מיט רויטען צינעל
אויסגעפּלאַסטערטע, וואָס געפינען זיך אויפ׳ן שפּיץ באַרג. אַדורך

דער רואיגקייט און קלאָרקייט, וואָס איז געווען די איינגעטליכע לופט, וועלכע האָט אָנגעפילט די ארומיגקייט דאָרט, — אויפ'ן בארג.

ווארום דער גאנצער בארג איז דאן געווען איינגעטונקט אין יום־טוב־דיגקייט און פרייד. פון דער סאמע נידער, פונ'ם טאָל, האָבען זיך איבער די מאַרמאָרנע טרעפּ געצויגען מחנות, שורות, פּאָרלאך, שווארצע פּלעקען, קליינינקע, שווארצע, פרומע מילבען.

נאָר וואָס נענטער זיי זענען צוגעקומען צום הויכען שפּיץ בארג, אלץ גרעסער זענען זיי געוואָרען און אלץ ליכטיגער. און נאָר אין דער הויך זענען זיי שוין געווען פארפלייצט פון דער זון, דער זון, וועלכע איז אויפ'ן בארג נאָך ניט געווען אונטערגעגאנגען.

א יום־טוב איז געווען אויפ'ן בארג, א יום־טוב א גרויסער און זוניגער. מען האָט נישט גערן קיין אלטע פּאָרלאך און קיין יונגע. אלעמענס רוקען איז אויסגעגלייכט געוואָרען. און אלע האָבען מיט פארביינקטע אויגען געקוקט אויף דער זון, אויף דער זון, וועלכע איז שוין לאנג אונטערגעגאנגען אין טאָל.

און שמעון מיט זיין דאמע זענען געווען צווישען די שפּאצירענדיגע. און זיי האָבען ווייניג גערעדט, ווי ווייניג מען רעדט דאן, ווען דאָס הארץ איז פול. איינער ביים אנדערען האָבען זיי ניט געפרעגט, ווער זיי זענען, פון וואנען זיי זענען און וואָס זיי טוען. אָט ווי מען טוט דאָרט אונטען אין טאָל. נייערט זיי האָבען איינס אויף דאָס אנדערע געקוקט מיט טרייע און איבערגעגעבענע בליקען, און זייערע פּנים'ער זענען געווען באלויכטען מיט א שטילער פרייד, מיט א פרייד פון אַן אנדער וועלט.

און ווען אלע האָבען זיך אזוי געצויגען שטיל און פרום אין לאנגע פּראָצעסיעס אהינצו, צום היכל פון דער ש פּ ע ט ע ר־ פארגעהענדיגער זון, האָט מען שטיל געזונגען.

עמיץ — אלע.

נאָר מען האָט ניט געזעהן — ווער. אויף שטיל און איינגעהאלטען איז געזונגען געוואָרען. און אלץ, ווי די דינע, קוים־באמערקבארע מוסקול־דירען, איז געווען לויב און געזאנג און בלייך־פּאָר'־חלש'טע קערפּער־באוועגונגען.

ביז וואנען זיי זענען אָנגעקומען צום טעמפּעל.

און אז זיי פלעגן אריינקומען אינווייניג אין טעמפעל, פלעגט ווער
פאלען אויף די הארטע, קאלטע פלוטעס פון די דילען, און ווער
ערגיץ אין די טונקעלע היכל־ווינקלען, און מען פלעגט אזוי אפ־
ליגען א לאנגע צייט, מיט פארשמאכטע און אויסגעצויגענע
פנים׳ער און דאוונען, און חלום׳ען, און בעטען צו דער זון...
און לאנג פלעגט דער דאזיגער יום־טוב געדויערען, און קורץ. א
לאנג־קורצע צייט. און די בארג־פילגרימען פלעגען ש פ ע ־
ט ע ר, אין א צייט ארום, עס אנרופען:
— די קורצע אייביגקייט.
אט אזוי פלעגט עס פארקומען אויפ׳ן הויכען בארג.

ה.

## דארטען, אונטען אין טאל. —

און דער „שפעטער" פלעגט ענדליך אנקומען.
עס קומט אן ענד צו אלע אונזערע פריידען.
אונטען, אין טאל, איז שוין געווען שטארק פינסטער און נאכטיג,
שטיל־בלייבע אווענטיגע שלוחים פלעגען אנהויבען אנ־
קלאפען אין די פארהוילענע נשמות־קעמערלאך פון די פילגרימען
אויפ׳ן בארג. שטיל פלעגען ז י י אין ד י קלארע פענסטער־
לאך, אין וועלכע עס האט זיך שוין אנגעהויבען לויכטען דאס
שקיעה־ליכט, אנקלאפען:
וואכט אויף... וואכט אויף... אין טאל הערשט שוין לאנג די נאכט.
און עס פלעגט ווערען אווענטיג אויך אויפ׳ן בארג. זארגען און
זארגעלאך פלעגען זיך אנהויבען שאטענען אויף די שטערנס:
מען האט איבערגעלאזען לעבענס אין טאל.
האט מען זיך אנגעהויבען פאנאנדערגעהן.
און אז עס איז געקומען די צייט פון צושיידען זיך, האט שמעונ׳ן
שטארק וועה געטאן דער געדאנק, וואס אלץ איז שוין פאר־
איבער.
עס איז שווער געווען צו טראכטען, אז זי די שטילע דאמע, מיט
וועלכער ער האט צוזאמען יום־טוב געהאלטען, וועט שוין באלד
לעבען אים ניט זיין.

האָט ער איהר נאָך שטילער און פארוואונדערטער אין די אויגען
נעקוקט.
ווער איז זי, די שטילע דאַמע, מיט די פייכטע, נייע אומבאקאנט
ברענענדיגע אויגען?
די טאָל־לופּט האָט שוין אָנגעהויבען שמעקען אויף דעם בארג.
האָט ער ביי דער דאמע געפרעגט, ווי מען רופט זי.
דבורה האָט זי געענטפערט. — און אייך?
שמעון, זאָגט ער, איז זיין נאָמען.
איז עס אָבער ניט געווען נענוג. די טאָל־לופּט. די טאָל־לופּט...
געוואוסט האָבען זיי טאקע, אז אונטען אין טאָל וועען זיי זיך
מעהר ניט באַגעגענען.
עס האָט זיך אָבער געוואָט זיך זעלבסט אָפּנארען.
פרעגט ער ווייטער: וואו וואוינט איהר? ענטפערט זי:
נומער 742 צום־אָווענט. — און איהר? זאָגט ער:
נומער 247 דער־שליאך־צו־דער־זון.
דאַמאָלס פלעגען זיי איינער דעם אנדערען א ווארימען שמייכעלע
צוּוואַרפען און זיך פאנאנדערגעהן, דורך צוויי באַזונ־
דערע וועגען.
ער — מיט דער גאַס: צום־אָווענט.
זי — מיט דער גאַס: דער־שליאך־צו־דער־זון.
ווייל זיי האָבען געהאט א באהאלטענעם מיין דאָרט אונטען אין
טאָל איינער דעם אנדערען באגעגענען.
אָבער דאָרט אונטען אין טאָל פלעגען זיי זיך שוין קיינמאָל ניט
באגעגענען.
ווייל דאָרט אונטען אין טאָל...

## ו.

## יענע שטילע דאַמע...

אין יענער שטאָט, וואו א מאן מיט א פרוי האָבען געלעבט, זענען
די גאסען געווען אומרעגעלמעסיג און פלעגען זיך קרייצען
אין דער קווער אין גאָר פיל פלעצער. פלעגט שוין אויסקומען, אז
אלע פלעגען זיך דערווייטערען פונ׳ם בארג מיט דערזעלבער גאַס:
צום־אָווענט.

שמעון פלעגט קומען אהיים. זיין ווייב פלעגט שוין פון לאַנג
ווארטען אויף אים.
זי האָט שוין געהאט אָנגעצונדען דעם לאָמפּ. עס איז געווען וואָך.
זיי פלעגען זיך באַמיען דאָן צו זיין פריינדליך איינער צום אַנ־
דערען, ווי וועלענדיג פארגלעטען אין געהיים באַגאַנגענע
עולות, פון וועלכע עס איז גלייכער ניט צו שמועסען. דאָן פלע־
גען זיי ריידען מער ווי געוויינליך און זיך באַמיען מאַכען איינס
דעם אַנדערען באַקוועם. און יעדער פלעגט אין דער זעלבער צייט
ווארפען זייטיגע בליקען אויפ׳ן צווייטען, זעהן, צי איז אים דער
אַנדערער אין עפּעס חושד.
זיי זענען אָבער ביידע נאָך געווען פארנומען מיט טראַכטונגען
וועגען דעם שטילען אָווענט אויפ׳ן בארג, וועלכער איז געווען
געגליכען צו טאָג, און וועלכער איז שוין געווען פארשוואונדען.
זיי זענען געזעסען מיט פארמאַכטע אויגען.
און שמעון פלעגט טראַכטען וועגען דער שטילער אומבאַקאַנטער
דאַמע, וועמעס געשטאַלט פלעגט נאָך שענער אויפבליען אין
דער טונקעלהייט.
די דאַמע מיט דער הויכער, בלאָנדער פריזור, אינ׳ם קלייד פון
גרויען שיפאָן־זייד, פון וועמען עס האָט אַזוי אַנגענעם און
פרעמד־גיי געשמעקט מיט׳ן בלומענדופט „דזשערקום“.
איצט איז געווען נאַכט, מיט אַ ברענענדיגער לאָמפּ, וואָס האָט
געשפּרייט אַרום זיך וואָכעדינקייט.
און אין מח פלעגען זיך לויכטען ברייטע טרעפּ מאַרמאָרנע, ווי
גרויסע בלאַקען פארגליווערטען ים־שויב, אויף וועלכע עס
שפּריצט אַ גרויסע זון, און איבער די טרעפּ שטייגט אין דער הויך
אַ שלאַנקע און שטאָלצע געשטאַלט, אַ בת מלכה, אַ קעניג׳ס טאָכ־
טער, און שטייגען שטייגט זי שטייף, מיט אַן אויפגעהויבענעם
קאָפּ.
אַ גריכישע יונגפרוי אויף די ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ צו אַ היכל
אין עללאַדאַ, צום פּארטענאָן.
פלעגט שמעון אַרונטערלאָזען דעם קאָפּ, דרעמלענדיג.
יענע שלאַנקע, שטילע דאַמע...

ז.

# נעילה

ווען עס קומט אָן דער אָווענט.
ווארום עס זענען פאראן צוויי אָווענטען.
דער אָווענט אין טאָל, ווען מען הויבט זיך אָן צו קייקלען בארג
ארונטער אויפ׳ן זאמדיגען אָווענטיגען שליאך, וואָס פירט
צום סוף וועג צו.
דער אָווענט אויפ׳ן בארג, צו וועלכען עס פירען די ברייטע מאר־
מאָרנע טרעפּ. ד ע ר איז געגליכען צו אַן אייבינען טאָג.
און ווען עס קומט אָן דער אָווענט אין טאָל, הויבט מען זיך אויף
אויפ׳ן הויכען בארג, פון וועלכען מען קאָן נאָך אַ לייננערע
צייט זעהן די פלאמען פון דער זון, — דער זון, וועלכע איז שוין
לאנג אונטערגעגאנגען אין טאָל.
און דאָרט אויפ׳ן בארג, האלזט מען זיך און מען קושט זיך, און
מען פרייט זיך אין דער שטיל, און מען דאווענט אין דעם
טעמפעל פון דער זון.
ביז...
ביז די שטיל־בלייכע אָווענטיגע שלוחים הויבען אָן אָנצוקלאפּען
אין די פארהוילענע נשמות־קעמערלאך פון די פּילגרימען
אויפ׳ן בארג.
דאַן...
דאַן נידערט מען ווידער אין טאָל.
און אין טאָל זיצט מען איינער לעבען אנדערען, מען לאנגווייליגט
זיך און מען שווייגט.
סיי בייטאָג, ווען מען קאָן ארויסקוקען דורכ׳ן פענסטער און זעהן,
ווי יונגע לעבענספריידיגע פּאָרלאך שפּאצירען — נאָך ביים
אָנהויב וועג.
און סיי ביינאַכט, ווען דורך די אויגען־לידלאך שפּארט זיך מיט
גוואלט אריין דאָס געלע ליכט פון דער וואָכעדיג־ברענענדיגער
לאָמפּ.

אָבער יעדע מאָל, ווען עס ווערט שטאַרק אומעטיג אויפ׳ן האַרצען און עס טראַכט זיך ניט ווילענדיג פון טעג, זומערדיגע און לאַנגע, וועלכע פויזען דאָך סוף־כל־סוף צו צום ענד פון זייער לאַנג־וואַרימען וועג, דאַן פאַרמאַכט מען די אויגען שטאַרקער. א ו נ ־ ט ע ר זיי טראַכט זיך אַזוי באַרואיגענדיג און שטיל:

— ווען דער אָווענט וועט קומען...

דאַן, ווען עס קומט אָן דער אָווענט.



# ס'ווערט שוין קיל

(דערציילונג.)

ווי אַ שפּראַצונג וואָס פאַרבליט,
ווי אַ חלום וואָס פאַרפליט,
ווי אַ ווינט וואָס פאַרווייט,
ווי אַ טאָג וואָס פאַרגייט.

פאַרוואָס האָט זיך עדנא ניט געזאָלט פיהלען גליקליך? זי האָט זיך טאקע געפיהלט גליקליך, עדנא. ארומגעשפּרונגען איז זי איבער די פינף געראַומע חדרים פון די ראַדזעק'ס וואוינונג, ענליך צו אַ זונ־פלעק וואָס איז געוואָרפען פון אַ שפּיגעל־גלאָז אין אַ קינד'ס האַנט, אַ שטיפערישער. אירע גיך־גיכע, פילע רייד זענען געווען ווי דאָס טשוויטשערען פון אַ ווערובעל אין אַ זוניגען פּסח'דיגען פרימאָרגען אַזוי זיך, פונ'ם יונגען בלוט, צוליב איינענעם פאַרגניגען און אויס יונגקייט. אין דעם גאָלדענעם ליכט, וואָס האָט געשטראָמט דורך די גלאַנציגע שויבען אין דער לופט פון די זונטאָג־צוגעקליבענע חדרים אריין, האָט זי טאקע אויסגעזעהן, ווי אַ קליין באַלעבט פריילינגעל, וואָס האָט זיך אריינ־געריסען מיט דער זון דורך אַן אָקאָרשט־אויפגעעפענטען פענסטער, און קען יעדע מינוט אויפ'ן זעלביגען וועג צוריק אין דער דרויסענ־ליכטיגקייט ארויספאַלען.

זוניגקייט און ליכט.

געסט האָבען געהאַלטען אין איין אָנקומען.

אונטען, ביי דער אריינגאַנגס־טיר, האָט זיך אַלע ווייַלע אַ קלונג פונ'ם גלעקעל דערהערט.

איבער די טונקעלע, מיט גרינעם פּלוש באַצויגענע טרעפּ, האָט עדנא גלייך גענומען ארונטערטאַנצען, עפענען די טיר.

איר האַרץ האָט האַסטיגער געקלאַפּט פון גליק. ווייל גליקליך

און יום־טוב'דיג האָט זי זיך דערפיהלט. וואָס אזויפיל נייע מענשען, שוין אמאָל געזעהענע און נאָך קיינמאָל געזעהענע, האלטען אלע אין איין אָנקומען. ביי דעם אָנזעהן פון אומבאקאנט פּנים איז איר בלוט פריידיג אויפגעקוואָלען און זיך אויפגערעגט געקלאפּט אָן די הארץ־ברעגעס, א וועסנע־וואסערל וואָס ווערט פולער און העכער אין די אָנהויב־פּרילינגדיגע חדשים.

און אויבען, אויפ'ן צווייטען עטאזש, האָט מען באלד דער־הערט איר קליין געלעכטערל, א דראָבנעם און א ציטערדיגען — צעשטויסענע בלויע לופּט. גלייך הארויף איז איר שטים ארויס־געלאָפען אין דער האלב־טונקעלקייט פונ'ם קאָרידאָר, און די נע־מען פון די געסט געלאָזט וויסען.

מיושב'דיג און געלאסען האָבען זיך די געסט גענומען הויבען איבער די טרעפּ, מיט אן איידעלען און שולדיגען שמייכעל אויף די ליפען, וואָס עס איז געמאכט געוואָרען אן איבעריגער טומעל צוליב זייער אָנקומען.

— וואָס מאכט איר עפּעס?

— אָט, גאָט צו דאנקען, מען איז ניט צום פארזינדיגען, און איר?

— מען איז אויך אָלל־ראַיט.

דער מאן אירער, דער הצלחה'דיגער געשעפטסמאן, וואָס פלעגט אלעמאָל זיין שטארק פארנומען, איז שוין געווען באקאנט צווישען פריינט דורך דעם, וואָס ער פלעגט זעלטען אָפּהיטען זיינע באנעגענישען, אויסער די ביזנעס אפּוינטמענטס. ער פלעגט אָבער אלעמאָל זיך לאָזען זעהן אויף שמחה'לאך, סיי היימישע און סיי געזעלשאפטליכע. צוליב איר איז עס געווען, דער פרוי זיינער, וועלכע האָט קיינמאָל ניט געקענט אלט ווערען, און איז איבער עפּעס א זינד פאר'משפט געוואָרען דורכצולעבען אירע יאָרען אן אייביג־יונגע.

אויך איצט איז הער וואלינסקי געווען אין דעם אויפנאמס־צימער.

און גאָרנים.

א שטיל־פריידיג גליק האָט אים אלע אָדערען אָנגעפילט. אין דער מינוט וואָלט ער קאפאבעל געווען אויפרייסען א פענס־טער אין דעם פרעמדען הויז, און אויף א הויך, ווייטליך־גבורה'דיג

קול, ווי די פויערים זינגען אין די זומערדיגע פעלדער בשעת'ן שניט, אנהויבען שרייען אין דער בלוי־זוניגער לופט אריין:

— אהו־ו־ו... אהו־ו־ו...

נאך געשטאנען איז ער נאך אינ'ם ווינקעל אויפגאמם־צימער און האט זיך נאך געוואוסט אויפצופירען ווי עס פאסט פאר א מענשען פון זיין שטאנד. ער האט אפילו ניט באמערקט די פריינדליך־קנאה'דיגע בליקען, וואס די ארומיגע יונגעלייט און ווייבלאך האבען אויף אים, דעם גליקליכען, געווארפען: ער איז דאך געווען אזא מזל'דיגער אין זיינע געשעפטען, און אזוי גליקליך איז עס אים געגאנגען אין זיין פאמיליענלעבען, סיידען אפשר דאס, וואס זיי האבען קיין קינדער ניט געהאט.

נערעדט האט מען אויך, אז קיין קינדער האבען זיי ניט צוליב איר טאקע, ערנא'ן, וועלכע וויל ניט אנווערען איר בויגיגע, קוועקזילבערליגע,, מיידעלשע פיגור. איצט אפילו, שוין דרייצען יאר נאך דער חתונה, האט זי דאך ווי א כלה־מיידעל אויסגעזעהן. אפט פלעגט זי אזעלכע מיידעלש־אומבארעכענטע זאכען באגעהן, און אלע האבען זי דערפאר ליב געהאט. מאנסבילען פלעגען אינ־גער ווערען, און זיכערער אין זיך, ווען זי פלעגט אויף זיי ווארפען א ליכטיגען שמייכעל, אדער א יונג־ווארימען האנט־דרוק געבען. ווייבלאך פלעגען בייז־קנאה'דיג שמייכלען אין איר אנוועזענהייט.

אט איז איצט מיט איר דאס הויז פול געווען. עס האט אויסגעזעהן, ווי זי איז עס גאר דער אינהאלט פון דער היינטיגער צונויפקומונג, און די מלכה פון די פרויען. די יונגע ווייבלאך האבען געברענט און גע'חלומ'ט וועגען דעם, וואס עס וואלט גע־ווען, ווען זיי וואלטען הער וואלינסקי'ן צוערשט באגעגענט. און אפשר זענען ניט קיין ערליכע געפיהלען זיי אין דעם בלוט אריינ־געפלאסען, ווייל זיי האבען זיך אפגעקערט אן א זייט, רויט ווערענדיג.

וואלינסקי. דער נאך קרעפטיגער מאן, שוין אויף דער גרע־נעץ פון די מיטעלע יארען, ביי וועמען זילבער־האר האבען זיך אביסעל פאר דער צייט געגומען דורכשלאגען, איז געווען טאקי א גליקליכער מענש און, ווי געווענליך א גליקליכער, ניט אויסגע־מאכט זיך קיין סך פון זיין גליק. ניט באמערקט די זיך־שרכנ'דיגע קוקען פון די ווייבלאך, און די קנאה'דיגע בליקען פון די מאנס־

בילען. ער איז געשטאנען לעבן אן איבערגעוואקסענעם, קורץ־געשאָרענעם מיידעל, און מיט א שמייכעל פון א דערוואקסענעם, וועלכער הערט זיך צו צו א קינד'ס ריידערייען, האָט ער גענויגט צו איר זיין אויער, בשעת זי האָט אים פּארטייטשט ב א ט י ־ ט ש ע ל י ' ס „פרילינג", וועלכער איז אויף א דערבייאיגער וואנט געהאנגען:

— וואָס רעדט ער, וואָס... זאָל ער נאָר אליין זעהן... טאקע אהער, פון דער זייט, וואו די זון שלאָגט ניט אָפּ אויפ'ן גלאָז... וויפיל צייטינקייט עס איז דאָ אריינגעגאָסען אין די לייבער פון די מעוברת'דינע יונגפרויען... און די פליאמעס ליכט, וואָס שפּאַרען זיך דורך די טונקעלע בוימער דורך, ווי זוניגע סטעזשקעס... און די עפּעל, צי די מילגרוימען, וואָס האלטען אין איין שטייפער ווערען, ווי די לייבער פון די יונגפרויען, במעט־נאקעטע, ווי פרילינג'דינע בוימער...

עס איז טאקע געווען פרילינג אין דרויסען. א ליכטיגקייט און א זוניגקייט האָט זיך געשפּרייט איבער די גאסען און דעכער. עס האָט זיך געוואָלט ארויסגעהן אין די פעלדער, און טאנצען אין א קאראהאָד. בלויע קלאנגען האָבען זיך געטראָגען אין דער לופט, און דערמאָנט דאָס פרייליכע שטויסען פון צימרינג אין א מעשענער שטויסעל ערגעץ אין א ווייטער ערב־שבת'דיגער שטעטעל. קינדער האָבען געטאנצט אויף די שטיינער, האָבען זיך געוואָרימט אין דער זון.

גוט טאקע, וואָס די ראדזעקס האָבען אין אזא טאָג, מיט א צוואנציג יאָר צוריק, חתונה געהאט, און איצטער א יום־טוב לכבוד דעם געמאכט. אָבער געדוכט האָט זיך אלץ, אז דאָס זענען ניט די שטילע נאַליציאנער ראדזעקס, נאָר דאָס איז גאָר ערגא דער בעל־שמחה, און אז עס איז איצטער א י ר חתונה, אָדער אירער א היימישער שבעה־ברכות. געפּרעהט האָט זי זיך מער ווי אלע, און געווען איז זי אומעטום, א ליכטיגע אזא און א זוניגע, ווי דער דרויסען אויף יענער זייט פענסטער. איין יונגערמאן האָט אין דער שטיל א זאָג געטאָן צו זיין שכן:

— ווייסט?... ס'איז א שאָד, וואָס אזוינע ווערען גאָר גע־בוירען... צופיל מענשען פארשאפען זיי ווייטאָג דורך זייער

שטארבען. און נאך מערער מענשען דורך זייער לעבען. אבער אזוינע געהען ערשט טאקע יונגערהייט פון דער וועלט אוועק, ווייל זיי נעהערען ניט אן אהער...

נאר עדנא האט ניט געוואוסט, ניט וואס ד ע ר יונגערמאן האט געזאגט ווענען איר, און ניט וואס אן אנדערער. זי האט בכלל איצט ניט געוואוסט, וואס מען רעדט, ווער עס רעדט און צי מען רעדט צו איר גאר אינגאנצען. א פרעהליכער גערויש האט זיך בלויז געוויקעלט אין די חדרים, א ליכטיג־זוניגער געפעל, ווי פרעהליך און זינגענדיג דאס בלוט האט געקלאפט אין אירע בלייך־בלויע שלייפען און אין איר הארץ, וואס האט קיינמאל ניט גע־וואלט אלט ווערען. אט איז זי מיט איין שפרונג ביי דער זייט פון איר מאן, שטעלט זיך אויף די שפיץ־פינגער און גיט אים א קוש אין שטערען. באלד דערנאך הויבט זי אים אן שלעפען פאר די אויערען. דאס געפעלט איר אזוי שטארק, אז זי לאכט זיך פאנאנדער הויך אויפ'ן קול.

דאס קורץ־געשווירענע מיידעל איז פון דער אומדערוואַרטקייט אזש צעטומעלט געווארען. זי האט דעריבער פארגעסען ארויס־נעמען איר האנט פון וואלינסקי'ס. און ווען זי האט זיך אן דער האנט דערמאנט, איז שוין געוועזן שפעט. זי האט אין גאנצען גע־ציטערט און געפיהלט ווי איר האנט ברימ אין זיינער, אבער ארויסנעמען זי האט זי ניט געקענט. ניט געהערט האט זי די טענות, מיט וועלכע עדנא איז צו איר באלד צוגעשטאנען און איר אלץ געהייסען קוקען אויף אים, דעם מאן אירען, און ארויסזאגען איר מיינונג וועגען אים:

— זאגט נאר, איז ער ניט קיין שיינער מאנספּארשוין? וואלט ער נאר אביסעלע קליגער געוועזן, וואלטען אין אים דאן א פּאר מיידלאך זיך פארליבט... אט, למשל, זי אליין, עדנא... פארוואס טאקע ניט? טאר מען ניט אמאל אפילו אין אן איי־נענעם מאן זיך פארליבען?

זי האט וואלינסקי'ן שארף און באדייטונגספול אין די אויגען ארייננעקוקט, מיט א ברייט־פאנאנדערגעעפענטען בליק, וואס פארשפרייט ארום זיך א קרייז פון היימישער אפגעזונדערטקייט און ווארט, אז דער פרעמדער וואס שטעהט ביי דער זייט, זאל זיך אנהויבען פיהלען איבעריג, זאל דעריבער אנהויבען איידעל

שמייכלען, און אונטער עפּעס אַן אויסרייד באַלד אַן אַ זייט אָפּ־טרעטן.

און אומבאַמערקט פאַר די צוויי האָט די איבערגעוואַקסענע מיידעל, ווערענדיג רויט, זיך אַוועקגערוקט אַן אַ זייט.

א ווײַלע האָבן זיי איינער אויפ'ן אַנדערן געקוקט מיט שווייגענדיג־איבערגעגעבענע בליקען. עדנא האָט שטיל גע־שמייכעלט.

וואַלינסקי'ן האָט מיטאַמאָל דאָס האַרץ שטאַרק אָנגעהויבען צו קלאַפּען איבער איר, דער יונגער פרוי זיינער, וואָס איז געבלי־בען אַזוי מיידעליש פאַר די פילע יאָרען נאָך זייער חתונה. אַזוי אָפּט פאַראורזאַכט זי אים, אַז זיין האַרץ זאָל אָנהויבען האַסטי־גער קלאַפּען און פּיהלען זאָל ער זיך ווי אַ חתן, וואָס קומט אָנקו־קען זיין כלה. יונג איז זי געווען, און מיידעליש, און יונגער און מיידעלישער פלעגט זי נאָר תמיד ווערען, ווען וועסנע פלעגט אָנ־קומען, מיט די שטילע, שווייגענדיגע געזאַנגען פון מענש, און בוים, און ערד.

זיין האַרץ האָט אין אים געציטערט, וואָס זי עלטערט זיך ניט גלייך מיט אים, און לאָזט אים אליין געהן אַ זיכ־עלטערנדיגען צום סוף־וועג. עס האָט אים קיל געשראָקען איבער אַן אומבאַ־וואוסטער זאַך, וואָס קאָן נאָך פּאַרקומען.

שווייגענדיגע זענען זיי איצט געשטאַנען און געקוקט איי־נער אויפ'ן אַנדערן. אין אַזאַ מינוט פלעגט אויף וואַלינסקי'ן אָפּגעבען פון דער פרוי זיינער מיט אַזאַ'ן אומהיימליכער און אויפרעגענדיגער ווייטקייט, ווי זי וואָלט נאָר זיין ווייטע אַ מ אָ ל י ג ע באַקאַנטע געווען, וועלכע קומט בלויז צוגעהן פון צייט צו צייט אין גאַסט צו אים, און איז דעריבער פריינדליך און צוגעלאָזען־פרעמד. אָבער פונקט ווי אַ באַזוכער, ווי אַ גאַסט אויף דערוויילע, רוקט זי זיך סוף־כל־סוף מיט אַ שטיל־פרעמדען שמייכעל צוריק אין איר וועלט אריין, אין איר דערווייטערטער אָפּגעזונדערטקייט.

גאָר אָפט, קוקענדיג אַזוי אויף איר, וואָס איז נאָהענט לעבען אים געשטאַנען, פלעגט ער זי גאָר דערזעהן ווייט פון זיך, ווייט...

אין טיפע, היימליכע רעיונות וועגן עדנא'ן דער פרוי זיינער, האָט ער זיך איצט אריינגעלאָזען.

אז ער האָט זיך פון זיינע רעיונות אויסגעטאָן, איז עדנא שוין לעבען אים ניט געווען. זי פלעגט אלעמאָל קענען זיך ארויס־גליטשען פון זיין לעבען אזוי אומבאמערקטערהייט. מיט ער־שטוינונג האָט ער זיך ידאָ ווידער דערזעהן, און ווי א נייעס דעם ארומיגען פרעהליכען טומעל באמערקט.

ער איז נאָך שטארקער און פרעהליכער געוואָרען, דער דאָ־זיגער טומעל. ווייל א טאָג איז עס געווען א זוניגער און א ליב־טיגער. די זון האָט די בלישצענדיג־בלויע לופט פאר עפעס א יום־טוב גע'כשר'ט, און זיך זעלבסט דערביי גאָלדיג געשייערט. די הייזער זיינען אינגער געוואָרען, און אָנגעהויבען צו וואקסען. עס האָט געצויגען איין לעבעדיגען צו דעם אנדערען. הענט און איברים האָבען פויל־ליב אין דער לופט זיך אויסגעצויגען, א פאר־שלאָפענקייט פון זיך ארונטערוואָרפענדיג. עס האָט זיך געגלוסט אזוי אומווידערשטעהליך אריינגיסען דאָס ברייטער־אויפפלייצענ־דיגע בלוט אין עמיצען אנדערענ'ס ווארים בלוט. פויגלען האָבען געשריען, און איינער דעם אנדערען גערופען. אין דעם זאָאָלאָ־גישען גאָרטען, ניט ווייט פון די ראדזועק'ס וואוינונג האָבען די פאוועס זייערע בלענדענדיג־פילפארבינגע פעכערס אין א גרויסען האלב־צירקעל פאנאנדערגעשפרייט, און איינס דאָס אטרערע נאָכ־געיאָגט, און זיך געבוקט איינע פאר די אנדערע...

געסט זענען נאָך אלץ אָנגעקומען. די ראדזועקס האָבען גע־האַט א סך איבערגעגעבענע פריינט. זיי האָבען זיך ביי אלעמען ליב געמאכט מיט זייער אמת'ער צוגעלאָזענקייט און תמיד'יגע שטיל־גוטמוטיגע אויפנאמע. ביידע האָבען זיי געמאכט דעם איינדרוק פון מענשען, וואָס האָבען פיל געזעהן, א סך דורכ־געלעבט, האָבען זיך שוין דעריבער בארוהיגט, און קוקען מיט א שטיל־געוואָרענעם שמייכעל אויפ'ן לעבען, און זענען צו אלעמען גוט געלוינט. די אינגערע פאָרלאָך, וואָס פלעגען צו זיי אריינ־קומען, האָבען נאָך אלץ די אומרו אין זייערע הערצער געהאַט,

אומצופרידען געווען מיט זייער איצטיג לעבען. אין דער טונקעל האָבען אלע פאַרדראָס געהאַט ביים געדאַנק, אז אמאָל, מיט יאָרען צוריק, האָבען זיי געטראַכט, אז עס וועט זיך אויסלאָזען מיט זיי נאָר אַנדערש... זיי האָבען נאָך אַלץ שלום מאַכען ניט געקענט מיט'ן געדאַנק, אז דאָס איצטיגע לעבען זייערס איז דאָס איינציגע, וואָס איז זיי באַשערט, און קיין אנדערס וועט שוין ניט זיין.

די מאַראַם ראַדזעק האָט זיך, עס האָט געשיינט, גאַנץ ווייניג אויסגעמאַטערט פון דעם, וואָס עדנאַ איז דאָס געווען דער מיטעל־פונקט פון אלעמענ'ס אויפמערקזאַמקייט. עס איז שוין געווען רעכט. עס איז שוין געווען גוט. עס האָט אלעמען געפרעהט.

אז דער דאָזיגער וואַלינסקי, האָט מען צווישען עולם שטיל גערעדט, איז דאָך נאָך מיט גאָר ניט לאַנג צוריק אַזאַ אָרים בחור'ל געווען, אן אָרים אויסגעמאָגערט בחור'ל, וואָס האָט דורך די טעג אַלס אן אַפּערייטאָר אין די קלאָוק־שעפּער זיך דאָס בלוט אויס־געזויגען, און דורך די אָווענטען און נעכט אין זיין קליינעם פאַר־וואָרפענעם חדר'ל, זיך די אויגען איבער פאַרשידענע ביכער בלינד געמאַכט. ער האָט „קאָונטס" געקליבען און זיך געגרייט אין קאַלעדזש.

אָט אין דעם דאָזיגען קליינעם חדר'ל, — האָבען זיך איצט איינינע פון די געסט, זייערע באַקאַנטע דערמאָנט, — פלעגט דאָס עדנאַ אים באַזוכען. זי איז דאַן אויך געווען אַ שאַפּ־מיידעל. צוזאַמען פלעגען זיי אין די פרייע זונטאָגס חלום'ען, ווי עס טוען אלע יונגע פאַרלאַך. גע'חלומ'ט האָבען זיי וועגען יענעם גליק־ליכען זומערדיגען טאָג — עס האָט דאָך געמוזט זיין אַ זומער־ריגער טאָג — ווען ער וועט שוין קענען אריינגעהן אין קאַלעדזש.

און דערנאָך, אז טעג זענען פאַראיבער, און וואָכען, און חדשים, — איז זיי ביידען איינגעפאַלען, אז אזוי געהען דאָך אויך פאַרביי יאָרען, און דאָס גאַנצע לעבען. ניט ער האָט אָפען גע־רעדט וועגען דעם, און ניט זי. אפשר האָבען זיי אויך קוים קלאָר געטראַכט וועגען דעם: זיי זענען נאָך געווען יונגע מענשען. און דאָס איז אויך געווען די סיבה, וואָס אין אַ געוויסען טאָג האָבען זיי מיט אַ שטיל־שעמעוודיג שמייכעלע דערקלערט זייערע באַ־קאַנטע, אז זיי האָבען חתונה געהאַט.

— כדי צו מאַכען סעמ'ען — דאַן האָט מען אים נאָך גערופען

סעם, ווייל אן אָרים בחור'ל איז ער געווען — כדי צו מאכען כעמ'ען גרינגער דאָס לערנען.

זיי האָבען נאָך אַלץ א שטיק צייט אין א קליין טונקעל חדר'ל געוואוינט.

עס איז ניט באקאנט, אויב סעם האָט זיך מיט מער חשק איצט געלערנט, אָדער ניט. נאָר איינס איז יאָ באוואוסט: דאָס נייע פארדאָפעלטע לעבען און דער פלוצלונגדיגער פאראנטוואָרט־ליכקייטס־געפיהל, וואָס האָט אין אים אויפגעוואכט, זענען אין דעם הפנים שולדיג געווען. גייע כחות־קוואלען האָבען זיך אין אים אויפגעעפענט. ער האָט אָנגעהויבען מער ארבייטען. מער פארדינען. געלט האָט זיך ביי אים אביסעל אָנגעקליבען, כדי ער זאָל האָבען מיט וואָס צו געהן אין קאלעדזש אריין. דורך א צו־פאל — אלץ פאסירט דאָך דורך א צופאל — האָט ער זיך מיט א שותף באגעגענט. א מענש מיט א סך געלט און ווענינ שכל. ביידע האָבען זיי א קליידער־געשעפט געעפענט.

עס האָט זיי געגליקט צום ערשטען — זיי ביידען, דערנאָך — אים אליין, וואלינסקי'ן. דער שותף איז מיט דער צייט ארויס־געפאלען פון די געשעפטען. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז אים קומט גאָר ניט קיין סענט געלט. מסתמא איז עס דאָך געווען אזוי.

און וואלינסקי — וואָס א טאָג, כמעט אָהן זיין ווילען, ווי אי־מיצער וואָלט אים א פרעהליכען שפיצעל אָפגעטאָן, פלעגט רייכער ווערען. ער איז געוואָרען שטיין־רייך.

אין דערזעלבער צייט איז ער אויך געוואָרען העכער. די איינגעפאלענע אָרים־בחור'שע באקען זענען אויסגעפילט געוואָ־רען. ער איז איצט געווען א הויכער, געזונטער שווייגענדיג־בכבוד'ער געשעפטסמאן, ביי וועמען א באלעבאטיש בייכעל האָט אָנגעהויבען אונטערצואוואקסען, און וועמען מען האָט אונטער די אויגען זיין פארמעגען פאר אים געציילט.

אזוי האָבען די געסט איינער דעם אנדערען איצט דערציילט. א שמייכעלע האָט זיך אין די געדאנקען ביי זיי באוויזען. די גאנצע זאך איז פאָרגעקומען ווי א מעשה. אזוי ראשינ האָבען די פאסירונגען־רינגלאך זיך געקייטעלט אין דעם הצלחה'דיגען וואַ־לינסקי'ס לעבען, אז עס האָט אויסגעזעהן, ווי א חלום.

יאָ, א גליקליכער מענש איז ער געווען. די איינגעהאלטענע

פרייד האָט פון זיין פּנים תמיד ארויסגעשיינט. א פּאָר זילבערנע האָר — איז וואָס? און זיין פרוי ווערט וואָס א טאָג איינגער — —

אָן זייער גליק האָבען זיך די פארזאמעלטע אין דער שטיל געווארימט. עס איז אזוי קנאה'דיג גוט, ווען מען זעהט גליקליכע מענשען ארום זיך. א שטיל בטחון־פייערעל האָט אין זייערע הערצער אויפגעטליעט: מען קאָן דאָך, נאָך אלעמען, ניט וויסען. דאָס ריידעל קאָן זיך דאָ אָפּטמאָל ביי זיי זעלבסט זיך א דריי טאָן. עס געשעהען נאָך וואונדער אין לעבען.

דער טאָג איז שוין זיך איבערגעוואקסען, און האָט שוין אָנ־געהויבען באווייזען סמנים פון עלטער ווערען. צו־שטארק האָט זיך די זון אָנגעהויבען פאנאנדערפלאקערען. רויט זענען די פענ־סטער געוואָרען. אויף נאָהענטע טייכלאָך האָבען שיפענדע פּאָר־לאָך באמערקט, אז גאָלדען בלוט צוגיסט זיך אין די שטיל־ווערענדע וואסערען.

דער טאָג־ענד האָט זיך גענעהערט.

די געסט האָבען זיך ארומגעזעצט ארום די טישען. באלאָ־דענע מיט פּרוכט און יום־טוב'דיגע שפּייזען. דרום־אמעריקאנער רויט־ברוינע באנאנעס, שטעכיגע, געקעסטעלטע אנאנאסען, מיני־אטורנע קאליפאָרניע טאנזשער־אָראנזשען, שטייפע און זאפטיגע, וואָס אז מען גיט זיי א שטאָך מיט א לאנגער נאָדעל, שפּריצט דאָס פּורפּורנע בלוט גלייך אין פּנים אריין, שאַרף און בריענדיג, קאָקאָ־ניס, פּוטער־ניס, ועלשענע ניס, מאנדלען, און נאָך פּרוכטען פון לענדער מיט א לענגערען זומער און א לענגער־דויערנדיגער זוניגער צייט.

עס איז געוואָרען לעבעדיגער ארום טיש און היימיש. ערנא האָט אויף זיך גענומען צו זיין א סארווערין. זי איז געזעסען ביים רויטליך־געפּרעגעלטען אינדיק, וואָס האָט א נאקעטער, מיט א צו־נעבּרענטער הויט, געוואַרט, מען זאָל אים שוין אָנהויבען שניידען, און עס זאָל נעמען אן עק. מעסער־גאָפּעל האָבען מיט א שוויי־גענדיגען זילבער־גלאַנץ געוואַרט. שטיקער פון דער פאַרגעהענ־רינער זון האָבען זיך אין דעם זילבערווארג געראוויטעלט. אין דעם זיך אַרויפּרוקענדיגען פאַרנאַכט האָט עס אויסגעזעהן, ווי אַן ערדה

פרומע אידען האָבען זיך ארום א קרבן פסח ארומגעקליבען, און עסען אים בחפזון.

נאָר אויבען־אָן זעענען געזעסען די באלעבאטים, די ראדזועקס, האָבען אליין גאנץ ווייניג געגעסען, און זיך געפרעהט מיט דער פרייד פון די איבריגע. זיי האָבען אלעמען צוגעשמייכעלט. עס איז שוין צוואנציג יאָר נאָך זייער חתונה פארטאנגען. אָט ווי איין טאָג, ווי א חלום, וואָס איז פארפלויגען. און אין דעם ארומיגען טומעל האָבען זיי זיך פארטיפט אין זיך, און דערזעהן זיך אין די אמאָליגע טעג, אזעלכע יונגע און אנדערשדיגע. עס האָט זיך זיי קוים געגלויבט, אז דאָס זענען עס זיי. אזעלכע ליכטיגע, ווי באַ־גאָסען פון א מיטעל־טאָגיגער זון דורך א מחשבות־נעבעל האָבען זיי געהערט, ווי מען האָט אנגעהויבען האלטען טאָאסטען. עפּעס האָט זיך ארויסגעוויזען די ראדזועקס, אז אָט די אלע געסט זענען זיי פרעמד און קענען זיי גאָרניט. זיי ווייסען ניט, וואָס עס טוט זיך אָפּ ביי זיי אין הארץ, און וועלכע פארגאנגענע קלאנגען עס שאלען דאָרטען אויף.

דער טומעל איז אלץ געוואָרען גרעסער. דאָס בעסטע וואָלט געווען, האָבען די ראדזועקס געטראכט, ווען מען לאָזט זיי איבער איצט אליין, זיי זאָלען זיך אָפּגעבען מיט'ן אָפּהיטען דעם טרויעריגען יום־טוב פון זייער פארגעהן, און זיצען אליין ביים שוועל פון די פארלאָרענע טעג. אומעטיג וועלען זיי זיך פרעגען, וואָס זיי זענען נאָך ניט אין גאנצען געשטאָרבען, און וואָס א טייל פון זיי לעבט נאָך, און קאָן נאָך אין די פארנאכטען ווייטאָגדיג גליען אין די זכרונות וועגען דעם שוין אָפּגעשטאָרבענעם טייל זייערען.

נאָר ארום איז געווען א גרויסער, פרעהליכער עולם, אין וועמען עס האָט געקוואָלען זייער א י י ג ע נ ע פרייד און זייער א י י ג ע נ ע יונגקייט. די וואָס האָבען געקענט האָבען דרשות געהאלטען, און האָבען הנאה געהאט פון זייער רעדנערישען טאַלאנט. און לסוף איז מען באפאלען די ראדזועקס זיי זאָלען עפּעס דערציילען, ווי דער מנהג איז — א שיינעם עפּיזאָד פון זייער פארהייראטען לעבען.

יונגע ווייבלאך, מיט שוין עטוואָס שכור־געוואָרענע און פאר־לאָפּענע אויגען, האָבען געוואָלט וויסען חתונה סודות. זיי האָבען זיך געשעמט עס ארויסזאָגען און האָבען דעם פארלאנג זייערען

מיט די אויגען ארויסגעבלישטשעט. די מאנסבילען האבען הער ראדזעק'ען שפאסיג געפרעגט, אויב ער האט ניט חרטה אויף דעם, וואס ער האט חתונה געהאט? ווארים אלע האבען דאך חרטה. מער ניט יעדער איינער דארף עס דורכמאכען אויף זיין אייגענעם אופן, און עס איז ניטא קיין אורזאכע, פארוואס מען זאל אויף די וועגען וואס ציען זיך פונ'ם אנהויב לעבען ביז'ן ענד, בכלל איינינגע סמנים איבערהיפען. ווייל וואס בלייבט דען דאמאלסט?

פון אלע זייטען האבען זיך געהערט אויסרופען. אויגען האבען נייגיריג אויפגעגלאנצט. הער ראדזעק האט געשמייכעלט. מאדאם ראדזעק האט זיך געשעמט. עס איז געווען קענטיג — זיי, די מארגע גאליציאנער, האבען זיך נאך עד היום ליב געהאט. דעריבער האט ער זיך געקווייטשקעלט. ערשט ביים סוף, ווען מען האט מיט א קנאק אנגעהויבען אויפעפענען די פאר'חתמ'עטע שאמפאניער־פלעשער, איז ער אינגער געווארען.

שטיל האט ער גערעדט. ווי פאר זיך אליין. און זי, די ראדזיקכע, האט זיך גארניט געשעמט צו שעמען זיך פאר אלע־מען אין די אויגען. מיט איר בראקאט האט זי זיך געשפילט, ווי א כלה ביים אנזעהן זיך, ווען זי האט ניט פון וואס צו ריידען. געזעהן האט זי איצט אפשר יענע מקומות, פון וואנען דער מאן אירער האט א שוואכען אפשאל געבראכט:

„אלע מיינע יונגע יארען האב איך פארבראכט אין ארומ־וואנדערען. איך וויים ניט, אין וועמען איך בין געראטען. און אפשר וויים איך יא. נאך אלס א יונגער אינגעל פון א יאר 12 האב איך פארלאזען מיין קליינע ווייס שטעטעל אין דער אוקראי־נישער גאליציע. איך בין געווען, וואס מען רופט ביי אונז, א „לער־בוש“, און געדארפט דורכמאכען מיינע וואנדעריארען. בין איך אזוי גענאנגען פון שטאט צו שטאט.

„איך בין געגאנגען צו־פוס איבער די וועגען, געזונגען און גערעדט צו דער זון. געקומען אין א נייען פלאץ, געפונען ארבייט — איז גוט. ניטא קיין ארבייט — נאך בעסער. איך פלעג אריינגעהן אין די בעקערייען, איך בין געווען א בעקער לעריונג, און די „געזעלען“ פלעגען מיך שוין גוט אנקארמענען. איבערגע־נעכטיגט אין די ארטיגע „געווערקשאפטען“, געקראגען מיינע

צוויי פעניג פאַר יעדע מייל, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען צו־פוס — און ווייטער אין וועג אַריין.

און איר דאַרפט וויסן, אַז דער יצר הרע פון באַזעצען זיך אין אַ קליין פרידליכער דייטשער שטעטעל, וואו די מנוחה קוקט אַרויס פון אויף יענער זייט שטילע שויבען אונטער די צעקרימטע מיטעל־אַלטערליכע דעכער, איז געווען זעהר שטאַרק: און איך האָב איינמאָל געהאַלטען גאַנץ נאָהענט ביי חתונה האָבען, און דוקא מיט אַ גוי'איש מיידעל. אין יענער צייט איז מיין אידישע אָפשטאַמונג געווען פאַר מיר עפּעס אַ ווייטער קינדערשער חלום. איך האָב קיין צוגעבונדענקייט צו אידען ניט געפיהלט. דאָס ביי־סעל אידיש, וואָס איך האָב פון מיין היים אַרויס געוואוסט, איז איינגעשלונגען געוואָרען אינ'ם דייטש, וואָס איך האָב טאָג־טעגליך אַרום זיך געהערט און גערעדט. איך בין געווען אַ יונגער גוי.

עס איז געווען אַ קליין שטעטעל אין דער שווייץ, ד אָ נ ו י ־ ע ש י נ ג ע ן. געקומען בין איך אַהינצו אין אַ פאַרנאַכט. אין דער בעקעריי, אין וועלכער איך בין אַריינגעקומען בעטען אַרבייט, האָט מען ווי אַרויסגעקוקט אויף מיר. ס'איז דאָ אַ סך אַרבייט!

און דאָ — אַ געזונטע, באַלייבטע, ליכטיג־האָריגע מיידעל, מיט אַ קאָפּ בלאָנדע זאָנגען, קומט אַרויס און דערלאַנגט מיר אַ טעפּעל וואַסער אויף אָפּצואוואַשען דעם שטויב פון דעם וועג. עס האָט מיר אַ בליאַסק געטאָן אין די אויגען. און איך האָב מיך מיטאַמאָל אָנגעהויבען שרעקען פאַר איר... ווייל איך האָב גע־פיהלט, ווי מיין האַרץ ווערט צוגעצויגען, אַזוי קילענדיג און זיג־קענדיג, ווי איך וואָלט געפאַלען אַ לאַנגע צייט אין אַן אָפּגרונט אַריין.

איך דערוויס מיך, אַז נישט ווייט, צווישען קוסטעס און שטיינער, געפינט זיך דער אורשפּרונג פון דעם דאָנוי. דער בלויער, בלישצענדיג־דערציילענדיגער דאָנוי, פון וועלכען איך האָב אַזויפיל געהערט. אַז איך בין נאָך געווען אַ קינד, פלעג איך אַזוי אָפּט הערען מיין מאַמען זינגען דאָס אומעטיג־נאָגענדיגע ליד, בשעת זי פלעגט זיצען אין אַ שבת־פאַרנאַכט אַליין ביים פענסטער:

„יהאָוו קאָזאַק זאַ דונאַ־אַי־יעם..."

ריזעלבינגע נאכט בין איך נאָך דאָרט געווען.

עס איז געווען א קליין, נאָר גיך באַרג־וואסערעל, שאָטל־בלויז און שמוציג. א קאלטער גערויש פון א פלאכען וואסער איבער פייכט־גלאנציגע שטיינער. דער טייך האָט צו מיר גע־רעדט, איך ווייס ניט, וואָס איך האָב געטראכט. איך האָב נאָכ־געפאָלגט דעם דונאי דורך זיין גאנצען לאנגען וועג, פון דער שווייץ דורך דייטשלאנד, עסטרייך, סערביען, רוסלאנד און רו־מעניען, ביז וואנען ער פאלט אריין אין דעם שווארצען ים, און פלייצט ווייטער... איך האָב אזוי אויך דערזעהן מיין וועג.

אויף מאָרגען האָב איך מיך גאנץ פרי, אויסמיידענדיג דאָס מיידעל, אָפּגעטראָגען פון שטעטעל."

ארום טיש איז געוואָרען שטילער. די געסט האָבען נעהענ־טער צוגעניינט זייערע קעפּ צו ראדזעק'ן, צוגעצויגען דורך זיינע ווערטער און די זיך אָנקלייבענדיגע פארנאכט־שאָטענס. אין עס־זאל איז געוואָרען טונקעלער. די ליכטיג־בלויליכע פענסטער־שויבען זענען געווען די איינציגע איבערבלייבעצען פונ'ם פאר־גאנגענעם טאָג. די פנימ'ער פון די געסט האָבען זיך געבלייכט אין דער טונקעל. אימיצער האָט א האנט אויסגעצויגען צו א פלאש וויין, זיך פארשעמט און דעם בלייכליכען פלעק באלד צו־ריקגעצויגען. די הויכע שאמפּאניער פלאשען האָבען געשטרעקט די העלזער אין דער הויך און געטראכט פון פארגאנגענע טעג.

— נו, בין איך ווייטער געגאנגען. אלץ מעריב־צו, מעריב־צו. אמאָל, מיט עטליכע הונדערט יאָרען צוריק האָבען זיך די אידען געצויגען אין גרויסע מאסען נאָך די מזרח־לענדער. היינט צו טאָג געהט אָן א פארקערטע באוועגונג נאָך מעריב, צו די לענ־דער פון לעצטען פלאמען־אונטערגאנג. אליין ניט וויסענדיג עס בין איך אויך געגאנגען דעמזעלבען וועג וואָס אלע, כאָטש דורך אנדערע געגענדען, נאָך מערב. ביז איך בין אריבערגעשוואומען איבער'ן ט ש ע נ נ ע ל קיין לאָנדאָן.

אין לאָנדאָן בין איך געווען א סך טעג. אמאָל פלעג איך האָבען ארבייט, און אמאָל ניט. טעג ווי טעג, אין די אָוונטען פלעג איך פארברייגגען אין די ארבייטער־קלובען. לאָנדאָן איז א

גרויסער כרך, און אין א גרויסען כרך הויבט מען אן ערשט פיהלען איינעמ'ס איינזאמקייט און נישטיגקייט. די מויערען, ווי די מענשען, דריקען אויף דיר און באמיען דיך פארטונקלען. ביי־נאכט זענען אבער דא א סך פייערען. און די איינזאמקייט ווערט געשטילט דורך דער ווארימער אפגעזונדערטקייט פון די פייערען. זענען די נעכט אין א גרויסער שטאט היימישער, ווי די טעג.

איין אווענט האט געדעגענט. איך בין געזעסען אין ארביי־טער־קלוב אויף דער פארוואָרפענער ד ו א י י ן ־ ג א ס. דורך די פארגאסענע נאסליכע שויבען האט זיך אריינגערוקט א געפעל־דינקייט. דא און דארט האבען זיך דורכגעוואָרפען סמנים פון לאנטערען־פייערען. זיי זענען אלץ בלייכער געוואָרען אין דעם גערדיכטען נעפעל. אין גיכען וועלען זיי אינגאנצען אפגעווישט ווערען. אט אזוי וועל איך אויך אפגעווישט ווערען האב איך א טראכט געגעבען, ווייל פון גארניט טאן האב איך געקוקט אינ'ם פאררעגענטען דרויסען און געטראכט.

און עס איז מיר מיטאמאל איינגעפאלען מיין אליין־זיין אויף דער וועלט. עס איז אמת: איך האב א סך פריידיגע חלומות אין זיך געהאט. אבער ווער ארום מיר האט פון מיין שטילער אינערליכער פרייד געוואוסט? דאס, וואס איך וועל פארשווינדען — דאס האט מיר גארניט געארט אזוי. אבער עס האט מיר ווי געטאן ביים געדאנק, אז די חלומות מיינע וועלען אויך פארשווינדען מיט מיר, ווייל די חלומות מיינע זענען מיר געווען וויכטיגער און אמת'ער ווי איך אליין.

און ארום האט אלץ געדעגענט. אלץ ארום האט זיך געהאל־טען אין אפווישען. אט, ווען איך גיב איצט א שטארב אוועק — — — וואס דאמאלס? די שטאט איז א גרויסע, און וואס איז דער באטרעף פון איין מענשען?

מיטאמאל הויב איך אן פיהלען, אז איך שטארב אפ — — שוין לאנג, אז איך האלט אין אפשטארבען. מיר איז געוואָרען קאלט און כ'האב מיט'ן גאנצען לייב געציטערט. מיין טויט האט זיך שוין לאנג צוריק אנגעהויבען, נאך דאן ווען איך האב ארויס־געשטראלט פון זיך הלומות אין דער ווייטקייט אריין. ווארום איז דען דאס אפשטארבען פון מיינע חלומות ניט דער אנפאנג פון מיין אייגענער אפשטארבונג? איך האב דערפיהלט אינ'ם

רעגען, ווי איך האָב שוין אָן איינשרינקען, איינשרינקען, איינ־שרינקען.

איך בין געוואָרען אזוי שוואך.

עס איז אריינגעקומען א באקאנטער.

— נעם מיך ערגעץ־צו, האָב איך אים געבעטען. לאָמיך ניט פיהלען אזוי אליין. איך וויל ניט אָנהויבען פיהלען דעם טויט נאָך אזוי יונג.

מיר זענען דאמאָלס ביידע א שטיק צייט געגאנגען דורך די נעפעלדיגע און רעגענדיגע לאָנדאָנער גאסען, מיט א בליאסק פון א לאָמטערן וואו־ניט־וואו. מיין פריינט האָט מיך אריינגעפירט אין א הויז פון לאנדסלייט. דאָרטען האָב איך ז י דערזעהן. און ביים ענד אָוועגט, ווען איך בין אוועק, האָב איך דערפיהלט אזוי פרילינגדיג אין גאנצען בלוט — — —"

די מעשה האָט אפנים געהאלטען די געסט שטארק פאר־אינטערעסירט, ווייל זיי האָבען געשוויגען. וואָלינסקי'ן האָט זיך אונטער דעם זילבער־ווערענדיגען קאָפּ־האָר עפעס געפלאָנטערט. זיין בלוט האָט אויפגעזונגען מיט אויפגעוואכטער ליבשאפט צו זיין יונג־געבליבענער פרוי, צו עדנא'ן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן די אמאָליגע יאָרען, ווען ער האָט זיך נאָך גע'שדכנ'ט צו איר. אים האָט זיך אזוי געוואָלט זיין מיט איר איינער אליין. ער האָט מיט ציטערדיגער פרייד, ווי גאָר א יונגער באלעבעסיל, גע־וואָרט ביז וואנען זיי וועלען קומען אהיים. דאָרטען וועט ער אין ליבשאפט זיך דרייען פאר איר, ווי א יונגער אינד, און קריי־זען, ביז וואנען ער וועט א תאוה־געשאָכטענער אנידערפאלען פאר אירע פיס.

ער האָט געקוקט אויף דעם פּלאַץ וואו ערנא איז געזעסען א שווייגענדיגע. זי איז געווען שטיל. וואָס אמאָל איז זי אָפּגע־ווישטער געוואָרען. איר שטערן האָט זיך בלויז געבליבט, איר הויכ־קלוגער, למדנ'ישער שטערן. עס איז געווען ווי דאָס שטילע פלעמעל פון א ליכט אין דער טונקעל. וואָלינסקי האָט זיך גע־מאטערט צו טרעפען, פון וואָס זי טראכט איצט. ער האָט קוים געהערט, ווי ראדזעק האָט ווייטער דערציילט:

„— ...מיט אלץ וואקסענדער פרייד האָב איך באמערקט, אז

דאָס לעבען כוואַליעט אין מיר ווידער אויף. עס הויבט זיך אָן פאר מיר פאנאנדערצושפרייטען. נאָך אַלעמען זענען דאָך חלומות מער ניט, ווי דער איינגעבאַרענער רצון אונזערער זיך פאנאנדער־וואקסען און זיך אויסברייטען, לאָזען צווייגען אין דער ברייט. חלומ'ען מיר אין די ווייטקייטען אוועק. נו, און אז מען ווערט עלטער, און מען ווערט צו ניכטער־באוואוסטזיניג צו חלומ'ען, הויבען מיר אָן ווייטער צו פלאנצען אונזער מין, און דורך אונזער בלוט, דעם אָפּגעפרישט־באנייטען, אויך דעם ווילען און רצון צו חלומ'ען, — אין די וואָס קומען ארויס פון אונזער איך...

„מאָלט אייך, איך האָב מיך אזוי גיך ניט אונטערגעגעבען. זי איז נאָך אויך יונג געווען. מיר האָבען גע'חלומ'ט צוזאמען. א, מיר וועלען פאָרען נאָך דרום־אמעריקא, אויסטראַליען, אפריקא. און פאר'ן טויט — קיין ארץ־ישראל. אזוי האָבען מיר גע'חלומ'ט. נאָר אָנגעקומען זענען מיר קיין אמעריקא, און אָט זענען מיר. און די חלומות אונזערע זענען שוין הינטער אונז... נ י ט קיין אויסגעלעבטע. און דאָ וועלען מיר שוין שטארבען. מיר זענען שוין אלט."

דאָס איז געווען אלץ, וואָס דער הער ראדזועק האָט געהאט צו דערציילען. די מאדאם ראדזועק — זי האָט, דוכט זיך, אין אזא שלום־בית געלעבט מיט'ן מאן — האָט אָבער געפונען פאר נויטיג צוצוגעבען מיט א שטילען שמייכעל:

— ווייסט?... מיר האָבען ניט געדארפט חתונה האָבען. מענשען, וואָס האָבען זיך ליב, דארפען קיינמאָל ניט חתונה האָבען. זיי דארפען פארבלייבען חתן־כלה זייער גאנץ לעבען.

עס איז געוואָרען צו טונקעל און צו שטיל. עס האָט זיך אויסגעדוכט די געסט, ועלכע זענען געזעסען ארום טיש, אז א הויכליך־שווארצער שאָטען האָט זיך פון עס־זאל ארויסגערוקט, ווי די אַמאָליגע געשטאַלט פון די ראדזועקס, וועלכע הער באַלע־באָס האָט דאָ ערשט פון דעם שוין־פארגאנגענעם ארויסגערופען. עס איז געווען ווי ווען א טייל פון דער טונקעלקייט, דער איש פונ'ם אויסגעברענטען טאָג־ליכט, האָט זיך נאָכ'ן טאָג פארביינקט, און זיך ארויסגעלאָזט אין דרויסען אים, דעם פארגאנגענעם, צו געפינען.

איינציגע געסט האָבן א ציטער געטאָן פון קעלט און אָוונט־טונקעלקייט.

און מיטאמאָל האָט זיך אויפגעהויבן א רעש און א גע־טומעל, ווי פון ערגעץ א פארשלאָסענעם שטאָלערנעם קופערט ארויס. מען האָט זיך געוויצעלט, געשפאסט, אייגער דעם אנ־דערען, אין נצחון אויסגעשריען. א לוסטיגקייט, א נים־היגע איז אויף די בלייכע פּנימ׳ער געוועזן אויסגעגאָסען. איבעראַניים האָט מען זיך טומעלדיג, איינער דעם אנדערען נים הערענדיג און אלע מיטאמאָל רעדענדיג, גענומען פאר׳ן וויין, וואָס איז וואַרטענדיג אויפ׳ן טיש געשטאנען.

וואָלינסקי האָט זיך אין דעם פרעמדען טומעל ארומגעדרייט, און געזוכט זיין פרוי מיט א וואַרים־גליענדיג האַרץ, און א מח פול מיט גאָלדען־זוניגע געדאנקען. זי איז אין ערגעץ נים געווען צו געפינען. ער איז געגאנגען פון חדר צו חדר. די חדרים זענען געווען טונקעל. נאָר ביי דער עמוואָס אויפגעעפענטער טיר פון די ראַדזעק׳ס שלאָפצימער האָט א ליכט ארויסגעפראלט. ווי נאָר זיינע טריט זענען דאָרט דערהערט געוואָרען האָט זיך דאָס ליכט גלייך אויסגעלאָשען. וואָלינסקי האָט האסטיג אן עפען געטאָן די טיר.

פאר אים, אין דער טיר־ראַם, איז געשטאנען ערנא, א בלייכע אזא, און האָט פארשולדיגט געשמייכעלט. די הענט האָט זי גע־האַלטען פארלייגט אונטער׳ן רוקען. קענטיג, דאָרטען עפּעס גע־האַלטען. אז זי האָט דערזעהן זיין צעטרעוואָזשעט, נים־פאר־שטעהענדיג געזוכט, האָט זי א פּאָרטרעטען־אלבום אויפ׳ן טישעל אוועקגעלייגט.

— ס׳איז גאָרנים, מיין ליבער.

א ציטערנדיג מיט די אקסלען, ווי האָבענדיג געטאָן א נאַ־רישע זאך, וועלכע געהט זיך אָבער מיט אים, וואָלינסקי׳ן, נים אָן, האָט זי באלד צוגעגעבען מיט א שעמעוודיג־קינדיש שמייכעל:

— איך האָב אויף עפּעס א קוק געטאָן.

ער האָט געשוויגען. האָט זי אָנגענומען פאר דער האנט און זי א קוש געטאָן, ווי א פרעמדע.

זי איז געווען בלייך.

זי וואָלט עפּעס געוואָלט... זי וויים אליין ניט וואָס. כאָר זי וויל איצט ניט זיין מיט'ן עולם.

און האָט ארויסגעפּלאַצט:

— טייערער, לאָמיר געהן.

זיי האָבען זיך געזעגענט מיט'ן זיכ־וואונדערדיגען עולם. די געבורטסטאָג פּארוויילונגען הויבען זיך ערשט אָן! קאָרטען־שפּילען, און דערנאָך אין א בראָדוויי־טעאַטער!...

זיי האָבען געלאָזען דעם גערויש הינטער זיך.

ביקרגיך איז זי געגאנגען, מיט קליינע דראָבנע טריט, ווי א וועווערקע, וואָס אנטלויפט פון א גערויש, וואָס דאכט זיך איר.

וואָלינסקי האָט איר טעמפּאָ ביי איר זיים נאָכגעהאלטען, מיט א צעוואַרימטען הארץ. באלד וועלען זיי זיין אין דער היים... באלד. א, עדנא, די איביג־יונגע כלה זיינע! אין דרויסען איז געוועזן ליכטיגער, ווי ביי די ראדזעק'ס אין הויז. די גאסען זענען געוועזן ריינע און שטילע, און זיך געגרייט פאר'ן אָוונט. פרויען און קינדער זענען געזעסען אויף די הייזער־טרעפּ, און אלע געוואַרט אויף וואָס. אין מערב האָבען זיך נאָך געצונטערט די לעצטע שמאָלע ליכט־פּאסען.

גיך זענען זיי פאַרבייגעגאנגען די עטליכע גאסען, אויפ'ן וועג צום עלעווייטעד־סטיישאָן. עדנא'ן האָט זיך שוין קענטיג געוואָלט זיין אין דער היים. און ער, וואָלינסקי — זיין צעוואַרימטער מח, פול מיט איידעלקייט און אויפגעגאנגענער ליעבע צו איר, האָט זיך אינ'ם אָוונט אויסגעשפּרייט. געזעהן האָט ער שוין זיך אין דער אָוונטיגער שטילקייט פון זייערע חדרים, און געפיהלט האָט ער שוין אין דער געדיכט־וואַרעמדיגער אָוונטיגקייט די שטילע ברענענדיגע נאַקעטקייט אירע, עדנא'ס, דער אומזיכערער חלום־פרוי זיינער. ער איז געוועזן אזוי דאנקבאר, וואָס אין איר האָט זיך דערוועקט איינצייטיג דאָסזעלביגע גע־פיהל, וואָס אין אים.

מיט די שפּיץ־פינגער האָט ער זי אָנגערירט ביים אָרעם. אין דעם בלויליכען אָוונט, וועלכער האָט זי ארומגעוויקעלט, האָט זי זיך אים אויסגעדוכט ווי א גיט־היגע, ווי זי וואָלט זיך פון ערגעץ ארויסגעריסען, צו אים אויף א לאנגען טאָג געקומען,

און איילט זיך איצט צוריק צו איר פלאץ. ער איז געגאנגען ביי איר זייט, א פארזונקענער אין איר.

און אביסעלע שפעטער איז ער געזעסען אויפ׳ן עלעווייטעד. און נאך אביסעלע שפעטער זענען זיי שוין ביידע ארומגעגאנגען איבער פרעמדע גאסען, וועלכע זענען אים געווען אי אומבאקאנט, אי באקאנט. קינדער האבען זיך אויף די גאסען געשפילט. זייערע ווייסע העמדלאך האבען זיך קוים געלויכטען אין דעם בין־השמשות. וואלינסקי האט זיך אפגעשטעלט. און זיך אומ־ געקוקט פארוואונדערט. זי אויך.

— דו וועסט מיר אנטשולדיגען. — און אויף איר בלייך פנים איז א קראנקער שמייכעל געווען אויסגעשפרייט, און אויס־ געזעהן האט זי, ווי אן אפגעשוואכט קינד, וועמען עס האט זיך פארוואלט א קאפריז — איך האב אין מרם. ראדזעק׳ס אלבאם דערזעהן דיין בילד — געדיינקסט? דיין אמאליג בילד, ווען דו האסט נאך געוואוינט אט דא־א. האט זיך מיר פארוואלט אנצו־ קוקען נאך אמאל דאס הויז, וואו מיר האבען אלס יונג פאר־פאלק געלעבט. ס׳איז נאריש, איך וויים. נאר וואס קאן איך זיך העלפען ?... עס האט מיך געצויגען.

ער האט געקוקט אויף איר, וועלכע איז געגאנגען ביי זיין זייט אין דער שטילקייט פונ׳ם אווענט, און האט זי נים דערקענט. זי איז געווען צעפלאמט־פארטראגען.

---

עס איז געווען א פארלעגענער טייל פון די בראנקס, נים ווייט פונ׳ם איסט ריווער. אים איז עס איצט אלץ צוריקגעקומען, אנגעוועהט אויף די אווענט־לייליכער, וואס האבען זיך געשפרייט איבער דעם בלייך־גרויען אספאלט. דאס איז דער פאס פונ׳ם טייך, מיט די בארלינקע־פייערלאך, וואס שווימען שטיל ארום אין דער אווענטיגער לופט. און דארט זענען די ברוין־געפארבטע פיאנא־פאבריקען, וואס ער פלעגט תמיד זעהן פון זיין חדר־ פענסטער. אבער די ארומיגקייט, אין וועלכער ער האט דורכ־ געלעבט זיינע אינגסטע און האפנונגס־פולסטע יארען, האט זיך אים איצט אויסגעדאכט, ווי א נים־ווירקליכע, אויסגע׳חלומ׳ט פון ערנא׳ס שטילע טראכטונגען. און זי ביי זיין זייט, די פרוי, נאך וועלכער ער איז אהן זיין ווילען נאכגעגאנגען, האט אים אויך

אויסגעזען, ווי אן אומבאקאנטע געשטאַלט, וואָס איז ארויסגע־וואָרפען געוואָרען אין דער אָווענטיגער לופט פון ערנא'ס איצטיגע זכרונות.

די שווייגענדיגע שטילקייט אירע האָט אים נאָכגעשלעפּט. אירע קאַלטע פינגער זענען געלעגען אין זיין האנט. זי איז אריינ־געגאנגען אין א קאָרידאָר, א שוואך־באלויכטענעם דורך קליינע גאז־רערלאך, א שטינקענדיג־אומריינעם. די ווענט זענען געווען אָפּגעקאלופּעט. דער פּלאסטער האָט זיך געוויסט. זי האָט זיך אויפגעהויבען אויף די טרעפּ. ער — נאָך איר. אויפ'ן דריטען עטאזש, ביי א באלויכטען־פארמאכטער טיר, זענען זיי געבליבען שטעהן.

זי האָט זיך אָנגעשפּארט אָן וואנט. אין דער האלב־טונקעלקייט פון קאָרידאָר האָט זיך געהערט דאָס פּאַרגיכערטע קלאַפּען פון איר הארץ. די טיר־שויבען פון דער וואוינונג, דרוי־סען פון וועלכער זיי זענען געשטאנען, זענען געווען באצויגען מיט פאָרהיינגלאך. שאָטענס פון די שכנים האָבען זיך אויף יענער זייט שטיל באוועגט. עס האָט זיך ערנא'ן אויסגעוויזען, אז זי און ער, די אַמאָליגע, זענען שוין לאנג געשטאָרבען, און אויף יע־נער זייט פאָרהיינגלאך דרייען זיך עס ארום די ערשט־אויפגע־שטאנענע זכרונות פון זיי אין בלייכליכע תכריכים.

דאָס הארץ האָט איר אזוי געריסען אריינצוגעהן אינווייניג אין זייערע חדרים אריין. זי האָט שוין די האנט געהאַלטען אויף דער קליאמקע, און געוואָלט אָנקלאַפּען. נאָר שווערע טריט האָ־בען זיך אויף יענער זייט דערהערט, ווי זיי דערנעהענטערען זיך צו דער טיר. א פּחד איז איר באפאלען פאר די פרעמדע טריט, וואָס האָבען אין אירע חדרים ארומגעשפּאנט. זי איז אָפּגע־שפּרונגען פון טיר, און שיער ניט אומגעפאלען. וואָלינסקי האָט זי פאמעליך ארום דער טאליע ארומגענומען, און זי ארונטער־געפיהרט ארונטער די טרעפּ.

---

די קילקייט פונ'ם אָווענט האָט אויף אירע ווארימע באקען געבלאָזען, און זי עטוואָס אָפּגעלעבט. א ווייל זענען זיי געגאנ־גען. וואָלינסקי האָט דערהערט איר שוואך קול. עס האָט איצט געקלונגען פרעמד־אומהיימליך:

— אפשר וואָלטען מיר זיך צוריק אַהער אריינגעקליבען?

און, ווי שטארק מורא האָבענדיג, טאָמער איר מאַן וועט איינשטימען צו איר וואונש, האָט זי אויף גיך אָנגעהויבען זיך דערוווייטערען פון דער שטוב.

אזוי זענען זיי ארומגעגאנגען אין דעם אָוענט פון די פּרעמדע גאסען. עס איז געוואָרען קילער. פּונ'ם איסט ריווער האָט געבלאָזען אַ פייכטער ווינט. עדנא איז געגאנגען ביי זיין זייט, מיט אויגען צו אַ געוועזענעם חלום געווענדט, וואָס איז שוין איצט ניטאָ. געטראכט האָט זי פון יענעם, וואָס ער איז געווען אמאָל, און וועט שוין מער ניט זיין. אזוי ווי זיי וועלען ביידע מיט יאָרען שפּעטער ניט ווערען, אין דער צייט וואָס די געגענד ארום, דער איסט ריווער און דער נאָהענטער לאָנג איילענד, וועלען נאָך אלץ זיין.

און וואָלינסקי'ן איז איינגעפאלען מיט אַ ווייטאָגדיגען יאוש, אז די, מיט וועלכער ער איז אזוי נאָהענט־מאנסבילש, איז אים נאָר אַ פרעמדע. זי לעבט ניט מיט אים, ווי ער איז איצט — דעם אלט־ווערענדען, נאָר מיט דעם אמאָליגען, דעם יונגען, אָרימען, ליכטיג־אויגיגען, און האָפנונגדיגען. דאָס האָט געשניטען ביים הארץ.

סקאָסנע האָט ער אויף איר אַ קוק געגעבען. ער האָט גע־פרואווט נעמען איר האנט. זי איז געווען קאלט און ניט זיינע. זי האָט אים איצט ניט געפיהלט. זי האָט באלאנגט צו דעם ווייט־ליכען זכרון פון אים, אין וועלכען זי האָט זיך איצט איינגעוווי־קעלט כדי צו פארטרייבען די קילקייט פונ'ם אָנקומענדיגען אָווענט. און באלד האָט וואָלינסקי דערפיהלט מיט פרייד און שטילער, ווייטאָגדיגער דאנקבארקייט, אז זי ווערט שוין אויך אַלט — — —

און מער האָט זי צו אים ניט גערעדט, ביז וואנען זיי זענען געווען נאָהענט, ביים ברעג פונ'ם איסט־ריווער. דער ווינט האָט זיך פארשטארקט. דאמאָלס האָט זי אים אָנגענומען ביים אָרעם, ווי אַ שאָטען.

זי האָט אים געזאָגט:

לאָמיר געהן. ס'ווערט שוין קיל.

## אָקעאַן.

דער דר. וווייסנאַל איז טאַקע יאָ געקומען. מרס. לאַמדין, וועלכע האָט זיך שוין אויפגעהערט ריכטען אויף אים, איז אַ שטראַלענדיגע אים אַנטקעגען געגאַנגען, מיט אַ היימיש־מאַכענ־דיגען שמייכעל.

אַ ליבליכע איז זי געווען — איר שמייכעל וואַרימער, ווי אַן איינענע היים.

אַ באַוואַקסענער, אַ שווערער, מיט אַ זיכ־גרויענדיגער דיקער וואָנצע און קורץ־געשוירענע, שפּיציגע האָר — נאָך שוואַרצע; מען האָט אָבער געוואוסט, אַז דאָס פאַרבט ער זיי. ער האָט פון דעם אליין קיין סוד ניט געמאַכט: אַ שיינע אָפּנאַרעריי איז דאָך בעסער פון אַ מאוס'ען אמת? — אַ נידעריג־שווערער איז ער געשטאַנען ביי דער טיר. זיין פּנים איז געווען רויט־צעפּלאַמט פון'ם שטאַרקען, הערבסטיגען ים־ווינט אין דרויסען.

איבער'ן דאָזיגען צעפּלאַמענדיגען ים־ווינט דרויסען האָט זיך עס דאָך טאַקע די מרס. לאַמדין מיאוש געווען פון דעם, אַז דר. וווייסנאַל זאָל קומען היינט אָוונט. נאָך איצט, זיצענדיג אין דער קליינער, ווייס־געפאַרבטער, פאַנעלירטער באַנגאַלאָ, וואָס אויף אַ פאַרוואָרפענער גאַס אין ווייט־ראַקאָוויי, האָבען די דינע וועגטלאַך נאָכאַנאַנד אויפגעציטערט. אַזוי פייפענדיג־שאַרף, און פאַרביסען איז געווען דער ווינט — הויך, שטאַרק, נידעריג, שוואַך, — מיט אַ ווייכ־לאַכענדיגער צורה — מיט גאַסע קאַלטע־נעם — ווילד־צעשפּרייטע נענעל — ליב — שווייגענדיג — רע־ווענדיג, — דער אָקעאַן.

ער איז געווען גאָר נאָהענט פון'ם הויז, דער אָקעאַן. דער ווינטער אויך. שפּעט־נאָוועמבער.

נאָ. אַבי ער איז יאָ געקומען. וועט טאַקע זיין פריילאַכער. די לאַמדינס — מרס. און דר. לאַמדין — האָבען געהאַט די איינ־

צינע באנגאלא אויף דער שוין אפגעליידיגטער נאס, וואס איז נאך געווען באוואוינט.

אלע זומער־איינוואוינער זענען זיך שוין צעפארען.

פוסטע, ליידיגע הייזער. ריינע, טויט־שווייגנדיגע גאסען. מילכ־פלאשען האבען זיך אויף זיי ארומגעוואלגערט — ליידיגע מילכ־פלאשען. צעבראכענע קינדער־וועגעלאך. גאר א סך ריקע, אילוסטרירטע זשורנאלען אנגעווארפען אין קופעס פאר די אויס־געליידיגטע הייזער. די שיינע, גלאנצענדיגע פארשוינען פון דער העכסטער געזעלשאפט (געווען אויף קאלירטע, דורך א כראמא־פראצעס) האבען זיך געלאזט שטעכען דורך די בייסענדיג־סטע ווינטען: זיי האבען זיך האך ניט געקאנט העלפען.

און נאך איינס:

אויף אן אומגעזעהענעם פארים, פארטשעפעט אויף א פאר־אומערטען טעלעגראפ־סלופ, איז געפלויגען א „שלאנג“, א שלאנג, וואס האט זיך געריסען צום סוף־הערבסטיגען הימעל.

— אונזער פערטע האנט איז שוין אלזא אויך דא — האט זיך שטיפעריש אומגעקערט מרס. לאמדין צום נידעריגען יונגען־מאן, ועמען זי איז געזעסען וויזאווי, ווען דר. וויסגאל איז אריינ־געקומען.

דער יונגערמאן האט מיט א צוריקגעהאלטענער העפליכקייט זיך אויפגעהויבען און באגריסט דעם אריינגעקומענעם.

דער יונגערמאן איז געווען נידעריג־געפאקט, טונקעל־הויטיג, מיט לאנגע, זיכ־פארקרייזעלענדיגע וויהעס און שווארצע ברעמען — סאמעטענע, פלעגען זיי די מיידלאך, זיינע פארערערינס, אנרו־פען. די אויגען זענען די מייסטע צייט געווען ארונטערגעלאזען, און אן אומעטינקייט און א הארבקייט איז געווען ארום זיי. די הארבקייט און דערדריקטקייט פון שווערע חלומות. פון זיין גאנ־צען הלוך, פון זיין באנעמען זיך, פון דער צוריקגעהאלטענער איי־דעלקייט פון זיינע רייד, פון די פילע מאנעריזמען אין זיין שפראך און אויסשפראך — פון אלץ איז געווען צו זעהן, אז את דער יונ־גערמאן, שוין אויף דער גרעניץ פון די מיטעלע יארען, — מסתמא א יאר זיבען־אכט און דרייסיג — האט היפשלאך געהאלטען פון זיין איינענער פערזאן, און זעהר גוט געוואוסט זיין ווערדע. איז ער דאך געווען דער באריטטער שריפטשטעלער — באריםט גע־

ווארען אזוי יונג! זיינע ווערק שוין אפילו איבערגעזעצט אין פיעלע שפראכען. ער האט געפיהלט, אז זיין נאמען איז שוין גוט באקאנט, זיין רעפוטאציע איז געמאכט, און ער האט זיך שוין דער־ריבער געצוואונגען ביסלאכווייז אוועקווארפען די העזה פון זיינע אינגערע יארען. פון זיין גאנצען האלטען זיך איז געווען צו זעהן די שרייענדיגע באשיידענקייט פון א מענש „מיט פארדינסטען".
ער האט זיך גערופען קריינין, גבריאל־אורי קריינין.

---

— א שטארקער ווינט דרויסען, וואס?
— סע פלאמט אזש...
און אומבאקוועם שווייגען, וואס איז געווען טראגעריג מיט'ן זוכען פון ג א ך נייע ווערטער.
— איר פארט דאך שוין באלד אוועק אין דער סויטה?
— יא. מען קלייבט זיך שוין אין וועג.
בשעת די הויזווירטין האט ליבליך אויסגעפרעגט דר. ווייס־נאל'ן וועגען פארשידענע זאכען, האט אים קריינין פון דער זייט באטראכט. ניש'קשה, דער דאקטאר, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער איז שוין געווען איבער פופציג יאר אלט, האט זיך נאך זעהר גוט אויפגעהאלטען. זיין ברייטע, געזונטע פיגור, זיין רויטער, האַרט־ארומגעשוירענער קארק, זיינע פלאמענדיגע רויטע באקען — א שטארקער יונג געווען, און א הצלחה'דיגער. ער האט זיך טאקע, אמת, א היפש ביסעל געפלאגט ביז אפילו גארניט לאנג צוריק, איידער ער איז געווארען דער מזל'דיגער, אומעטום־באקאנ־טער דאקטאר, וואס נעמט ניט ווייניגער פון צען דאלאר א וויזיט (ביי זיך אין שטוב; ווען ער פארט צו יענעם, לאזט ער זיך באַ־צאלען — מער). אבער איצט איז ער רייך — שטיין־רייך. האט איינענע הייזער. צוויי אויטאמאבילען. איינער פון זיי — א פופצען־טויזענט דאלארדיגער „ראלס־ראיס"!
און, דער עיקר, ווי אט דער מענש פארשטעהט עס, ווי אזוי צו לעבען! א גאנצען ווינטער וואוינט ער אינ'ם דרום, וואו ער האט זיין אפיס און זיינע רייכע פאציענטען צווישען די ווינטער־טוריסטען. אז ס'קומט דער פרילינג, אין אפריל, פסח־צייט ווען דאס קול פון דער טירטעל־טויב לאזט זיך הערען אין אונזער לאנד, פארט ער צוריק צפון־צו, קיין ניו יארק, וואו ער לעבט ביז'ן שפעט

הערבסט. און דאמאלס — ווידער קיין מ י א מ י, פ א ל מ־ב י ט ש אָדער ד ז ש ע ק ס אָ נ ו ו י ל — — — —

און אמאָל פאָרט ער זיך אריבער קיין ק י ־ ו ו ע ס ט, און פון דאָרטען, איבער'ן ליכטיגען פאס ים, קיין האבאנא... אָ, קיובא! קיובא! די טונקעל־הויטיגע, ברענענדיגע! דאָס געמיש־טע בלוט פון שפאניער און אפריקאנער. דאָס אייביגע נרינס, די פאלמען און די מאטאנאנגען (קריינין האָט עפעס אמאָל געהערט פון אזא זיסער פרוכט, וואָס וואקסט דאָרט), די ווייס־זייליגע מארמאָר־הייזער, דאָס שטענדיגע זוניגע ליכט, די ווילדע, רייכע, רעגענבויגענדיגע פארב פון בלוט און ארומינגקייט... די פרויען פונ'ם לאנד, וועמעס (*ojos negros שיינען אזוי בליציג אויף ביים אָנבליק פון דר. וויסנאל'ס (**ojos azules..

קריינינ'ען האָט עס שטארק פארדראָסען, וואָס ער איז נאָך דאָרט קיינמאָל ניט געווען און וואָס, מיט זיין גאנצען שרייבערשען ערפאָלג, האָט ער ניט קיין מעגליכקייטען צו פאָרען אהין... און ע ר וואָלט דאָך פון זיינע אימפרעסיעס און דאָרט־געבאָרענע זעהונגען אזעלכע חלומ־ווערק געקאָנט אויסוועבען! א שאָד.

ער האָט זיך בלויז געטרייסט מיט דעם, וואָס אויף דעם דר. וויסנאל וועט דאָך עס סיי־ווי־סיי זיין אלץ ארויסגעוואָרפען... ער ז ע ה ט דאָך סיי־ווי גאָרניט... פון דער זייט האָט קריינין גע־קוקט אויף אים מיט בטול און פון אויבען ארונטער — כמעט מיט פאראכטונג. ע ר — ער, ק ר י י נ י ן, וועט טאקע פארבלייבען, זיין נאָמען ווערט וואָס אמאָל אייביגער. די וויסנאלס וועלען פארווישט און אָפּגעווישט ווערען — פארפליענדיגער שטויב.

און אומבאוואוסט פאר זיך האָט קריינין אויסגעטטאָרטשעט זיין ברוסט, און אָנגענומען א חשוב'ע, בכבוד'יגערע מינע, ווי ער וואָלט איצט געשטאנען פאר א גרויסען עולם — דער גרויסער עדה פון זיינע אומבאקאנטע פארערער און באוואונדערער אין די וויט־סטע פארוקסטע ווינקעלאך פונ'ם לאנד — — — —

אינווייניג אינ'ם הויז, וואו דער לאָמפּ האָט אזוי אנגענעם־רויטליך געלויכטען, האָט יעדער איינער, לויט דער מאָס און באַ־

---

*) שוואַרצע אויגען. **) בלויע אויגען.

פארבונג פון זיין פאנטאזיע — און אלע דארט אינ׳ם הויז האבען געהאט פאנטאזיע — האט שוין יעדער איינער זיך פאר־געשטעלט דעם דרויסענדיגען ווינטיגען אווענט.

ליידיגע גאסען. ס׳פראסטעלט. קאלטע, גלאנציגע שויבען פון פוסטע הייזער. פארפראָרענע, קאלט־פלאמענדיגע צעריסענע שטיקער וואלקענס אויף הימלען, וואס האבען אויסגעזעהן העכער דורך די שטערען, וואס זענען געווען צעוואָרפען דא און דארט. פון דער ווייט דערטראגט זיך אלע ווייליע דאס רודערען פון א צוג — די צוגען זענען נאך אלץ געגאנגען. נאר איבער די רעלסען האט זיך שוין געלאזט הערען יענער טרוקענער, צעריבענער, סקריפענ־דיגער קלאנג, וואס קומט ארויס פון אונטער די רעדער אויף רעל־סען אין א פראסטיגען טאג. און איבער דעם אלעם — א ווינט, א גרויסער ווינט, וואס בייטשט דעם נאהענטען אקעאן. דאס וואַ־סער איז טונקעל. און פון דער טונקעל רייסט עס, און גוואלדע־וועט, און ווארפט זיך, און שליידערט, און דונערט — אז דר. ווייסנאל האט געטראכט פון דעם, זענען אים, דעם אמאליגען משכיל און תנ״ך־קענער, אלץ געקראכען אין געדאנק די ווערטער:

— ד׳ ישב על מים רבים.

---

וואס ווייטער איז געשעהן, איז אפשר ניט אזוי וויכטיג, ווייל אין דעם איז ניט געווען גארניט אויסערגעוויינליכעס. מען האט געשפילט א פינאקל. מען האט געטרונקען טיי — רויט־ברוינעם, נאלדיגען טיי. קרייניו האט היינטיגען אווענט שלעכט געשפילט. מרס. לאמדין האט זיך געוויצעלט אויפ׳ן חשבון פון זיין במעט־שטענדיגער צעטראגענקייט און פארטוענקייט. זעהר אפט, אין מיט׳ן פון אירען א געשפרעך מיט אים, פלעגט זי אירע רייד אפהאקען, אים אנקוקען א שטיקעל צייט פארשעמדיג און דורכדרינגענדיג, דערנאך אים אננעמען פאר׳ן ארעם און א טריי־סעל טאן:

— קרייניו, א קרייניו! וואס קוקט איר אזוי... האט איר געהערט, וואס כ׳האב צו אייך גערעדט?

און קרייניו פלעגט זיך שווערען, פלעגט זיך בעטען, פלעגט פארזיכערען, אז ער האט קיין איין ווארט נישט פארפעהלט פון אירע רייד:

— אַט, וועט ער פאר איר איבערדערציילען אלץ, וואָס זי האָט אַקאָרשט געזאָגט...

און זי פלעגט אים אָנקוקען ווארים־ליבליך, ווי מען קוקט אָן אַ צעבאַלעוועט, באליבט קינד... אלע מאנסבילען זענען דאָך קינדער — גרויסע קינדער, ווילדע קינדער — פלעגט מרס. לאמדין טראכטען. ס'איז נאָך גוט, וואָס ס'זענען דאָ פרויען אויף דער וועלט — מענשען פראקטישע, מיט מחות אָפען פאר די „קליינע" זאכען פונ'ם לעבען, וועלכע זענען אָבער דער אינהאלט פונ'ם טאָגטעגליכען; מענשען מיט אָפענע אויגען, וואָס האלטען זיך נאָהענט צו דער ערד.

אָט, זי אליין האָט דאָך נאָך מיט יאָרען צוריק, נאָך זייענדיג אַ מיידעל, ליב געהאט קריינינ'ען — ער איז געווען דר. לאמדינ'ס אַ יוגענט־חבר. — חתונה האָט זי אָבער געהאט מיט לאמדינ'ען, נעמאכט אים פאר אַ דאָקטאָר, אים זעהר אַ סך געהאָלפען — מיט איר ווייבערשער נידעריג־ערדישער קלוגשאפט און פארשטענדניס פאר דער וויכטיגקייט פון קליינינקייטען אינ'ם מענשליכען פארקער — אין עטאבלירען זיך אַ גרויסע פראקטיקע.

און חרטה האָבען האָט זי אויך ניט אויף דעם. ס'איז אמת — קריינין איז טאקע געוואָרען אַ גרויסער ערפאָלג. זיין נאָמען איז באקאנט צו טויזענטער און טויזענטער. אָבער ווער האָט זיך דען געקאָנט ריכטען אויף דעם? ס'טרעפט דאָך מיט איינעם פון טויזענטער...

און עד היום, ווען זי זעהט אים, האָט זי עפּעס אַ מאָדנע געמישט געפיהל: אי זי האָט נחת פון דעם, וואָס זי איז ניט געווען קיין נאריש מיידעל אַמאָל, מיט יאָרען צוריק, ווען זי האָט קריינינ'ען ליב געהאט: זענען דאָך אירע אמאָליגע האָפנונגען און גלויבען ניט געווען קיין פוסטע קינדערייען פון אַ נארישער, פארליבטער מיידעל... ער האָט זיך טאקע ארויסגעוויזען פאר אַ גרויסען שרייבער! און אי עס פארדריסט איר, וואָס ער איז יאָ געוואָרען ערפאָלגרייך — ווען זי וואָלט עס דאמאָלסט געווען געוואוסט, אז אזוי וועט זיך אויסלאָזען, וואָלט זי דאָך מיט אים חתונה געהאט... זי האָט זיך געפיינינגט מיט דעם, וואָס ס'האָט געקאָנט, געזאָלט זיין, און ניט געווען. זי האָט זיך געפרעהט צו

זעהן, ווי עס וואקסט אלץ קרייניג׳ס ערפאָלג און רום — און מיט דעם איז אויך געוואקסען איר ווייטאָג און פארדראָס.

קריינין אָבער פלעגט ניט קומען אזוי אָפט צו די לאַמדינ׳ס אין הויז. לאנגע, לאנגע צווישענ־צייטען פלעגען אריבערגעהן צווישען איין באזוך און א צווייטען. בלויז אין דער צייט פון זיינעם א נייעם טריאומף ערגיץ אין דער אומבאשטענדיגער, אומ־פארלאָזליכער, זיך תמיד־באנייענדיגער און תמיד זיך־ענדערנדיגער וועלט פון „ליטעראטור און קונסט", פלעגט ער זיך פלוצלונג אין אָן אָווענט באווייזען ביי די לאַמדינס אין הויז. א באשיידענער אזא, א צוזאמענגעקאָרטשעטער, א קלענערער, אן איינגעשרומפע־נער, מיט א זיך־אנטשולדיגענדיגען שמייכעל — עפּעס ווי ער וואָלט גאָר אָקאָרשט א גרויסען דורכפאל געהאט, געהערט א פאר־ניכטענדיגע מיינונג וועגען זיך מצד די מבינים.

נאָר מרס. לאַמדין פלעגט שוין וויסען, וואָס עס שטעקט הינטער דעם. זי פלעגט קלוג שמייכלען. מיט אירע לויכ־טענדיגע אויגען האָט זי געזעהן, ווי פון זיין עניוות שרייט ארויס זיין גרויסער ערפאָלג, זיין טריאומף — — — זי האָט קלאָר גע־זעהן, אז ער קומט אהער ארויסווייזען זיין נייען נצחון — און זאָל עס איר ווייטאָן.

און דאמאָלס פלעגט עס פאסירען, אז אין מיטען דערינען, מיר־ניט, דיר־ניט, פלעגט זי ארומכאפּען איר מאַן, און אזוי עפּעס פארשייטערהייט, מיט אומענדליכער איידעלקייט און ליבשאפט, אים אָנהויבען האלדזען און האלזען, און וואָרקען ארום אים, ווי א וויסינקע טייבעלע.

קריינין פלעגט שמייכלען. אים האָט דאָך עס גאָרניט געאַרט — לחלוטין גאָרניט. אים איז עס נאָך געווען א קערן. פון די ווייטאָגען און וואונדען פלעגט ער דאָך קענען דערנאָך אויסשריי־בען די שענסטע זאכען. נאָך אלעמען, איז עס גוט, וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט אזוי, ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזט. דורך דעם איז ער דאָך געוואָרען אזוי גרויס און טיף. דעם האָט ער אָפשר צו פארדאנקען זיין ליטעראַרישען ערפאָלג.

חומ״ם.

אין דרויסען האָט אלץ געוואָיעט דער ווינט. שטאַרקער און שטאַרקער. די פאַרהיינגלאַך אינוויניג אין הויז האָבען זיך גע־הוידעט. ס'האָט אויסגעקוקט, ווי די גרויסע ווינטען דרויסען רוקען זיך אלץ נעהענטער אהער. די מענשען אין שטוב וואַרטען הילפלאָז אויף דער מינוט, ווען די ווינטען וועלען ענדליך די באַנ־גאַלאָ דערגרייכען און זי פאַרכאַפּען.

דער פּינאָקל האָט זיך עפּעס ניט איינגעגעבען. קריינין האָט געשפּילט שלעכט. און באלד, ווי אַנגעשטעקט פון קריינינ'ס אָפּ־געלאָזענקייט, האָט דער דאָקטאָר אויך אָנגעהויבען צו שפּילען שלעכט. האָט מען איבערגעריסען דאָס שפּיל.

מרס. לאַמדין האָט דערלאַנגט נ אָ ך טיי, נ אָ ך צוביי־סענס, נאָך א לאָמפּ אָנגעצונדען. דר. לאַמדין, א געניטער הויז־ווירט, האָט זיך באמיט ארויפצופירען דאָס געשפּרעך אויף ליטע־ראַרישע טעמעס, כדי דערמיט צו נייטראַליזירען די געזעלשאַפט. אלע אין הויז האָבען זיך דאַך געהאלטען פאַר ניט גאָר פרעמד אין אָט דעם ענין. קריינין האָט אָבער איינגע'עקשנ'ט געשוויגען.

זיין שווייגען און זיין פאַרפעלען ארויסזאָגען זיין אייגענע מיינונג אין די באַרירטע פראַגעס האָט זעהר דייטליך געגעבען צו פאַרשטעהן, אז, ערשטענס, געפינט ער ניט פאַר מעגליך ארויס־צוזאָגען ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט זיינע זעהר איי־גענאַרטיגע מיינונגען. און, צווייטענס, איז דער גאַנצער ענין ליטעראַטור אים אזא דערעסענע נאָך, דאָס ברויט פון זיין טאָג־טעגליכען לעבען און זיין אייגענטליכע לופט, אז עס איז אים אפילו דערווידער צו ריידען וועגען דעם.

דר. ווייסגאַל האָט אָבער גערן גערעדט. און גערעדט א סך. זיינע רייד האָט ער געמישט מיט א סך באַקאַנטע ליטעראַרישע ווערטלאַך, מיט לאַטיינישע ווערטלאַך און העברעאישע פסוקים. א, ער וועט אזא געלעגענהייט ניט דורכלאָזען. פאַר קריינינ'ען האָט ער דאַך גערעדט, פאַר קריינינ'ען. ער, דער עלטערער, ריי־כער דאָקטאָר, האָט געהאַט גרויס דרך־ארץ פאַר דעם שרייבער, דעם „געזאַלבטען פון גאָט". טאַקע, ניט אנדערש, ווי א געזאַלבטער פון גאָט.

ער האָט דאַך אליין אין זיינע יונגע יאָרען געטרוימט צו ווערען א גרויסע שרייבערישע באַרימטהייט. שוין ניט איין ספור

און ניט איין מאמר אָפּגעדרוקט אין פארשידענע העברעאישע צייטשריפטען און זשורנאלען. א קריטיקער האָט נאָך אויף אים מיט דרייסיג יאָר צוריק געזאָגט, אז ער וואקסט א צווייטער בראנדשטעטער.

נאָר אָט איז ער געקומען קיין אמעריקא. האָט א לאנגע צייט שווער געקעמפט, געמוזט אויפגעבען אלע זיינע שרייבערישע אמביציעס — אויף דערוויילע, האָט ער זיך געטרייסט — און זיך אויסגעלערנט א פּראָפעסיע, א „מלאכה המפרנסת את בעליה". איצט געהאט איין איינציגע אמביציע: ווערען א פינאנציעלער ערפאָלג.

ווען ער איז שוין געוואָרען א רייכער דאָקטאָר מיט א שטארקער פּראקטיקע, איז ער שוין געווען אלט. אנדערע זיינען שוין אויפגעשטאנען אין דער ליטעראַרישער וועלט. פון אים וואָלט מען איצט חוזק געמאכט. און אויסער דעם — דורכ'ן משך פון די לאנגע יאָרען איז ער שוין געוואָרען אלט און צעבראָכען. ס'איז אָנגעקומען היפש שווערלאך צו ווערען א פינאנציעלער ערפאָלג. פון שרייבען האָט שוין קיין רייד ניט געקאָנט זיין — קיין זאפט איז שוין אין אים ניט געבליבען. די איבערגעבליבענע פּאָר יאָר פון זיין לעבען האָט ער געוואָלט דורכגעהן, ענדליך הנאה האָבענדיג פון די פילע שווערע יאָרען ארבייט, פון זיין ערפאָלג. און לאנג הנאה האָבען פון דעם איז אים שוין ניט געבליבען.

קיינער, אויסער די נאָהענטסטע פון זיין פאמיליע, האָט דאָך ניט געוואוסט, אז דאָס פּאָרט ער אין דער סויטה יעדען ווינטער ניט צוליב וואוילטאָג וועגען. ער האָט ג ע מ ו ז ט. ער האָט געליטען פון א זעלטענער קריינק מיט א לאטייניש נאָמען. עס האָט געקלונגען, ווי דער נאָמען פון עפּעס אן אויסטערלישן, זעלטענשיינעם באטאנישען מוסטער, וואָס מען זעהט שווארץ אויף ווייס אויף ברעטלאך, צוגעקלאפּט צו די בוימער און פלאנצען פון א באטאנישען גאָרטען.

אָט די קריינק האָט אָנגערירט זיין הארץ און האלז — דאָס הארץ איז אים וואָס אמאָל פארטריקענטער געוואָרען און איינגעשרומפּענער, און די רייד־סטרונעס זענען וואָס אמאָל געוואָרען שוואכער און איבערגעבראָכענטער. איבער דעם האָט ער עס געמוזט פארברייגען דעם קאלטען וועטער אין דער סויטה. ער האָט זיך

גענויטיגט אין אַ באַזונדערער טעמפּעראַטור צווישן גענוי באַשטימטע קליינע נומערען, העכער און נידעריגער פון נול פּאַרענהייט, אין אַ גענוי אויסגע׳חשבונ׳טען אַטמאָספערישען פייכטקייט־אינהאַלט — ניט צופיל נאַסקייט און ניט צופיל טרוקענקייט, ניט צו היים און ניט צו קאַלט, ניט צו־פיל זון און ניט צו־ווינציג זון. געמעסיגט. רוהיג. פאַרנאַכטליך. וועט ער אפשר דערציען נאָך אַ יאָר, נאָך אַ יאָר. בלויז אויף די פינגער פון איין האַנט.

מיט קנאה האָט ער געקוקט אויפ׳ן גליקליכען באַרימט־געוואַקסענעם קריינינג׳ען. אָט, דאָס איז עס, וואָס ער האָט באַדאַרפט ווערען! אין קריינינג׳ען האָט ער געזעהן ז י ך, דאָס, וואָס ער האָט ג ע ז אָ ל ט זיין. ער איז איצט געזעסען פאַר אים אַן אַרונטערגעפאַלענער, אַ בילינגערער, אַ דערדריקטער, אַ פאַרפאַלענער — אַ מענש, וועלכער האָט צעטרענצעלט זיין לעבען אויף גאָרניט, אויף געלטזאַכען, אין אַ הבל־הבלים׳דיגער יאָגעניש צו ווערען אַ פינאַנציעלער ערפאָלג.

און דר. וויסגאַל פלעגט זאָרגפעלטיג נאָכפאָלגען קריינינג׳ס וואַקסען, זיין שטייגענדיגען רום. עס פלעגט אים אַלעמאָל פרעהען צו הערען — פונקט ווי ער האָט עס זיך געפרעהט צו הערען היינטיגען אָוועגט — פון קריינינג׳ס אַ נייעם ערפאָלג. און קריינינג׳ס ערפאָלג — וועלכער האָט דאָך אים זיכער געבראַכט חוץ דעם אויסערליכען רום, אויך אַ טיף־אינערליכע באַפרידיגונג — איז פאַר דר. וויסגאַל געווען אַ באַשטעטיגונג, אַז דאָס איז דער איינציגער וועג, וועלכען ער, דר. וויסגאַל, האָט געדאַרפט נאָכפאָלגען. און כאָטש ער האָט אים אין דער שטיל מקנא געווען, האָט ער אים דאָך געוואונשען אַ ווייטערדיגען וואַקסען — פונקט ווי ע ר וואָלט דאָס אין קריינינג׳ען געוואַקסען.

נאָר ער אליין איז דאָך טאַקע ניט געוואַקסען. בלויז איין זאַך איז אין אים געוואַקסען, — די וואָס אַמאָל אַלס צייטינגער ווערענדיגע איבערצייגונג, אַז זיין לעבען איז געווען אַ דורכפאַל.

און נאָך עפּעס איז אינאיינעם מיט דעם געוואַקסען, עס איז געוואַקסען — די איינגעשרומפּענקייט, די אָפּשטאַרבונג. ער האָט אָנגעהויבען אָפּשטאַרבען פון אינווייניג אַרויס.

ס׳איז געווען שטיל. אין דער שטילקייט האָט זיך נאָך

שטארקער נעהערט דאָס וואָיען פונ׳ם אקעאן. יעדער איז נעווען פארטיפט אין זיך.

אלע האָבען זיך מיטאמאָל אומגעקוקט, און שטארק־פארוואונדערט אנגעשטעלט די בליקען אויף דאָס רויט־באלויכטענע, שטארק־געזונטע פנים. ווייל פון דאָרט האָבען זיך עס די אומדערוואַרטעטע ווערטער געלאָזט הערען:

— גלויבט איר, מר. קרייניג, אין דער אומשטערבליכקייט פונ׳ם... פונ׳ם מענשען, פונ׳ם מענשען בכלל?

קרייניג האָט געמישט מיט׳ן לעפעלע זיין גלאָז טיי, ניט אויפגעהויבען די אויגען, און האָט פארקרימט די ליפען:

— נו, כ׳ווייס.. וואָס פאלט אייך פלוצים איין...

דר. לאמדין האָט זיך פאר קרייניג׳ען געשעמט איבער ווייסגאל׳ס נארישער פראגע. ער אי זאזש רויט געוואָרען. אָבער קרייניג׳ען האָט עס הפנים אנגעהויבען אמוזירען. איין אויג האָט ער נאָך אלץ געהאלטען אויף דער גלאָז טיי. נאָר דאָס צווייטע אויג האָט ער עטוואָס אויפגעהויבען, עס גייגעריג אנגעשטעלט אויף דר. ווייסגאל׳ן, און אים באטראכט מיט אן אָפענער נייגיריגקייט, ווי עפעס א מאָדנעם, נארישען באשעפעניש. אזוי, הייסט עס, אומשטערבליכקייט ווילט זיך אים אויך! רייכקייט, געזונט, הצלחה, ערפאָלג — און נאָך א קאפיטשקע אומשטערבליכקייט דערצו. גאָר ניש׳קשה׳דיגע חזירים, די דאָזיגע וואוילע מענשען. איראָניש האָט ער ארויסגעזייט:

— ערלויבט, דאָקטאָר... איר זאָגט: אומשטערבליכקייט... וואָס׳ארא?... די אומשטערבליכקייט פון דער מענשליכער נשמה, אָדער נאָר פונ׳ם גוף?

פונ׳ם גוף! — דער דר. איז ארויסגעגלייכט געוואָרען, נאָך רויטער, אין די אויגען האָבען פונקען פון זיך געשאָטען. — פונ׳ם גוף! פונ׳ם גוף!

דר. לאמדין האָט אים אנגעקוקט. קרייניג האָט אויפגעהויבען דאָס צווייטע אויג. כא־כא, דעם אלטען איז דאָס שוין איצט נעגאנגען אין נצחון!

— ערלויבט... קוקט מיך ניט אָן אזוי... דאָ איז ניטאָ קיין שום מעטאפיזיק... איר, דר. לאמדין, דארפט דאָך זיכער וויסען דערפון! מיר ווייסען דאָך אין דער מעדיצין פון אזעלכע פאלען!

ס'איז דאָך געלונגען אויפצוהאַלטען די לעבעדיגקייט פונ'ם הארץ א היפש שטיקעל צייט נאָכדעם, ווי דער מענש איז שוין גע־שטאָרבען, פאָמפענדיג בלוט דורך דעם הארץ! ס'איז דאָך געלונגען אויפצוהאַלטען די לעבעדיגקייט פונ'ם מוסקול־געוועב פאר א גאָר לאַנגער צייט נאָכ'ן אָפּשטארבען פונ'ם מענשען אינגאנצען, דורך דעם, וואָס מען האָט באזונדערס געשפּייזט דאָס מוסקול־געוועב... ווייסט איר דאָך פון די נייעסטע אָפּעראַציעס, וואו מען האָט אי־בערגעפלאנצט די טהיראָיד־דריזען פון א יונגער חיה אין אן על־טערען מענשען — און דער עלטערער מאן האָט צוריקגעקראָגען זיין יוגענד? האָט איר דאָך געהערט וועגען דעם, אז אפילו די געשלעכטס־דריזען ווערען אויך איבערגעפלאנצט פון א יונגער אין אן עלטערער פערזאָן, און די עלטערע פערזאָן קריגט צוריק איר געשלעכטליכע קראפט? הייגט פארוואָס־זשע...?

קריינין האָט אים אָנגעקוקט נאָך א ווײלע. קאַלט, פון דער זייט, פרעמד. ווי א בוים ערגיץ אין פעלד, א פלוצלונג־אָנגע־טראָפענער בוים אויף א רייזע דורך א פרעמד פעלד. און דערנאָך איז שוין דער בוים ניטאָ. און קיין זכרון פון זיך לאָזט ער אין קאָפּ אויך ניט איבער. — — — — —

ער האָט פארדרייט דעם קאָפּ אָן א זייט. דאָס אלץ האָט אים אָנגעהויבען דערעסען. ער האָט געמאַכט אן אָפּדאַכ'ל מיט דער דלאָניע איבער'ן מויל, און האָט א געניץ געטאָן אָן א זייט. דר. לאמדין האָט זיך צו אים צוגערוקט — ווי איבערבעטען, איינ־נעמען.

— מילא, ער רעדט דאָך נארישקייטען... ער ווערט שוין עלטער — און עובר־בטל... וואָס איז דאָ די וויכטיגקייט... נאָך א פּאָר יאָר, נאָך א פּאָר יאָר... צום סוף וועט זיך דאָך אלץ דאָס־זעלבע איבער'חזר'ן: אז ס'וועט קומען צו ד ע ם, צום שטאר־בען, וועט ווערען אומעטיג... קאַלט... און לעבען אייביג — אין דער איצטיגער געשטאלט, אין דער, אין וועלכער מיר זענען איצט — וואָלט נאָך געווען זיכער א גרעסערע קללה, ווי דער איצטיגער טויט... מענשען וואָלטען זיך סוף־כל־סוף גענומען בעטען, מען זאָל זיי צונעמען פון דאנען... מילא, דעריבער זאָג איך: דער גוף, ווי דער גוף. וואָס ס'איז אונז אָבער יאָ נויטיג איז ד ע ר

נ ל ו י ב ע ן, דער גלויבען אין דער אידעע פון אומשטערבליכ־קייט, אין השארת הנפש, אויב איר ווילט... לאכט ניט!...

קריינין האט גארניט געלאכט. ער האט בלויז געניצט. דר. לאמדין האט נאך עפעס גערעדט — זעהר פארטייפט. קריינין האט געקוקט אויף זיינע ליפען, ווי זיי באוועגען זיך. רויטליכע, בלוטיגע, פייכטע, בחור׳שע. איז ער אויך געווארען פארטיפט — אין ב א ט ר א כ ט ע ן ד י ל י פ ע ן. ביידע האבען זיי דעריבער ניט געהערט, וואס מרס. לאמדין, וועלכע האט זיך גאר נאהענט צוגערוקט צו דר. ווייסגאל׳ן, האט ביי אים אזוי בעטענדיג־גירינג אויסגעפרעגט:

— דאקטאר... דאקטאר... זייט אזוי גוט, דאקטאר, דריקט זיך אויס קלערער... וואס מיינט איר — העלפט עס טאקע? האט עס טאקע געהאלפען? דאס הייסט, ווי — פלאנצט מען איבער אין דער עלטערער פערזאן די געשלעכטליכע דריזען פון אן אנדער, יונגערען מענשען, אדער גאר פון א חיה? און איז דער עקספערימענט געמאכט געווארען אויף פרויען אויך? זייט אזוי גוט, דאקטאר, דריקט זיך אויס קלערער...

זי איז שוין געווען מיט א היפשע פאר יאר עלטער פאר דר. לאמדינ׳ען.

אין דרויסען האט געמוזט פארקומען א מיטעננאכטיגער אקעאנען־ווייכער. דאס וואסער האט אזוי שטארק געפאטשט און זיך געשליידערט, אז מען האט דא אין הויז אלץ קלאר געהערט. אז מען פלעגט נאך ריידען, איז געווען צו דערליידען. ווי אבער דאס געשפרעך פלעגט אויף א ווייל שוואכער ווערען, פלעגט דער שטורם זיך דורכברעכען דורך די דינע באנגאלא־ווענטלאך. א פייפען, א בייסענדיגע נאסקייט, א זיך־פארדרייענדיגער וואיען אין אן אינ־סופ׳יגען שלשלת.

האט די מרס. לאמדין דערלאנגט נאך טיי, נאך צובייסענס, נאך פריינדליכקייט. פון דעם לעצטען האט מרס. לאמדין פאר־מאגט א רייכען שפייכלער. זי האט שוין אזוי נערוועדט דאס געשפרעך, אז עס זאל ארויספקומען אויף רייזען. אומגעפער אזוי: שטורם, אקעאן, שיפען ביינאכט, שיפברוך, — לאנגע רייזען, איי־ראפא, אמעריקא, דרום־אמעריקא...

און באלד האָט שוין דר. ווייסנאַל פּארטרוימט, קיינעם פון די ארומיגע ניט זעהענדיג און  ע פּ ע ס  זעהענדיג, גערעדט פון זיין נסיעה נאָך פלאָרידא.

— ער'ט פּאָרען מיט'ן שיף?

— ניין, ער איז שוין פאר דעם צו־אַלט... ער וועט עס מוזען מאכען וואָס שנעלער, מיט'ן דרום'דיגען עקספּרעס.

דר. לאמדין האָט זיך אָנגערופען:

— ער וואָלט איצט געוואָלט אַנהויבען רייזען... רייזען אזוי יאָר־איין, יאָר־אויס... ער האָט איינמאָל געמאכט א קורצע, האלב־יאָריגע נסיעה קיין אייראָפּא — און ער קאָן זאָגען: יעדער טאָג פון זיין נסיעה איז פאר אים געווען, ווי ער וואָלט געלעבט אין חלום, אין א זוניגען לאנד. יעדע נייע שטאָט — א נייע זעהונג...

קריינין האָט אים אָפּגעמאָסטען מיט א שמייכעלע פון אויבען ארונטער, ווי קינד — ווי א קלענערען פון זיך:

— גו, איך בין זיכער, אז איר וואָלט דאָס ניט געוואָלט ארומ־רייזען יאָר־איין, יאָר־אויס, יאָר־איין, יאָר־אויס! וואָלט אייך דאמאָלס ניט געמוטשעט דער געדאנק, אז אלע אייערע שיינע חלומות, אלע אייערע זעהונגען וועלען אזוי צעשוואומען ווערען, צערונען ווערען, אָהן דעם, אז זיי זאָלען  פּ א ר ב ל י י ב ע ן — פאר אייך אָדער פאר עמיצען אנדערש?

דר. לאמדין האָט אים אָנגעקוקט פארוואונדערט. ער האָט פּראָטעסטירט. אז מיר געהט גאָר ניט אָן דאָס שרייבען! אז עמיצער אנדערש זאָל וויסען פון דעם, וואָס איך לעב דורך און זעה... פאר מיר איז גענוג דאָס, וואָס איך לעב דורך אלע מיינע טעג אין זעהונגען — וואָס איך פיהל יום־טוב'דיג־ארומפאָרענדיג א גאַנץ לעבען! — — — אז ביי אייך איז אלץ שרייבען!

לאמדין האָט א פּארקרימטען שמייכעל געגעבען. אין גע־דאנק האָט ער געמאכט איינע פון זיינע קלוג־ביטערע באמערקונ־גען: זיי, די נבזה'ניקעס, די גראָבע יונגען, די, וועלכע מען רופט סתם־מענשען, ווייסען דאָך גאָרניט, וואָס דאָס לעבען איז! און דאָס לעבען ווייסען זיי ניט, ווייל זיי רעפלעקטירען ניט וועגען אים. ווייסען דען חיות, ביימער, קלעצער, שטיינער זייער לעבען, מאָג מיט זיי כ'וויים וואָס פּאסירען?

— כא... אומבאלעבטע זאכען... שטיינער... דוממים.

ער האָט א קוק געטאָן פון אויבען אדוגטער אויף די דריי ארום טיש. ער האָט זיך א סך, א סך, ניט אין ערך א סך געפיהלט העכער פון זיי!

און דעם אמת געזאָגט, האָבען עס די דריי ארום טיש אויך שטארק געפיהלט, ווי קריינין טורעמט איבער זיי. זענען זיי גאָר אנטשוויגען געוואָרען.

דאָס געשפרעך האָט זיך ווייטער אזוי געשלעפט פאמעליכקע, מיט אָפטע איבעררייסונגען, ביז וואנען עס איז אָהן כחות אויס־געגאנגען. קריינין האָט זיך אויפגעהויבען. עס איז שוין שפעט. ער האָט דאָך געוואוינט ווייט פון דאנען — אזש אין די בראָנקס.

די באלעבאטים האָבען אים שטארק געבעטען פארבלייבען נאָך אביסעל. „וואוהין וועט איר געהן? אזא שטורם, אזא קאלטע פינסטערניש דרויסען...” און זיי זענען געווען צופרידען, וואָס ער האָט זיך ניט געלאָזט איבעררייידען. אז ער איז שוין געווען אויף יענער זייט, האָבען זיי, ניט אויסריידענדיג קיין איינציג וואָרט, מסתמא אלע געהאט דעמזעלבען געדאנק. ס'איז שווער צו זיין אין דער געזעלשאפט פון א גרויסען מענש. ער דריקט — מיט זיין ריידען, און נאָך מער מיט זיין שרייענדיגען שווייגען.

קריינין האָט ניט גענוי אויסגע'חשבונ'ט די צייט. אז ער איז צוגעקומען צום קליינעם דיפאָ, איז שוין דער צוג געהאט אוועקגע־גאנגען מיט א צען מינוט צוריק.

איצט, אינ'ם שפעט־אָוועגט און שפעט־הערבסט, פלעגען די צוגען געהן זעלטען. ביז'ן נעקסטען צוג קומט אויס צו ווארטען נאָך א גאנצע שעה. אומקערען זיך צו די לאמדינס האָט ער זיך געשעמט. ס'איז אים דעריבער גאָרניט אנדערש איבערגעבליבען, ווי זיך לאָזען געהן איבער די גאסען.

זיי זענען געווען ליידיגע, די גאסען. פונקט, ווי די הייזער, מיט פארקלאפטע טירען, פארשלאָסענע לאָדענס אָדער שווארצ־בלאנקענדיגע פענסטער. פאפירען האָבען זיך געדרייט אין דער לופט. אלץ האָט דער ווינט ארומגעדרייט.

ער האָט זיך איינגעגנורעט, ס'איז געווען קאלט.

ס'האָט אים געערגערט. נאָך א גאנצע שעה — — — — און דערנאָך גאנצע צוויי שעה ביז וואנען ער'ט קומען אהיים. צוויי

שעה מיט א שפעט־נאכטיגען צוג. פע. ער'ט, הייסט עס, אויפ־
שטעהן גאר שפעט. דער מארגענדיגער טאג וועט שוין זיין א
פארפאלענער. ער קאן בלויז ארבייטען אין דער פרי.

— שא, צו אלדי שווארצע יאר, וועט ער ניט ארבייטען!

דאס איז צו אים געקומען, ווי א פלוצלונגדיגע דערלייזונג,
אן אומדערווארטעטער אויסוועג, אויף וועלכען ער האט זיך גארניט
געקאנט ריכטען — — — אבער באלד האט זיך א יאוש'דיגע
קאלטקייט גענומען רוקען אויף אים:

— וואס דען... וואס אנדערש וועט ער טאן?

ווי אלעמאל, נאכדעם ווי ער האט אקארשט פארענדיגט א
ליטערארישע ארבייט, פלעגט נאך דער קורצ־דויערנדיגער צייט פון
בארואיגענדיגער באפרידיגונג, אנקומען אויף אים עפעס א מין
פוסטקייט, אן אויסגעליידיגטקייט, א דערשעפונג. ער פלעגט זיך
ניט וועלען צורירען צו דער פען, צוגעהן צום שרייב־טיש. ס'האט
אים געעקעלט דערפון. און אפילו די אפגעטאנענע ארבייט איז
שוין איצט געווען פרעמד, ניט־זיינס — פאר פרעמדע, פאר פרעמד־
רע הענט, מיט אן אייגען זעלבסטשטענדיג לעבען!

איצט וואלט ער געדארפט ערגיץ אוועקפארען, זיך דורכ־
לופטערען, זיך אפרוען, אנקלייבען נייע איינדרוקען — — —

וואוהין וועט ער אבער פארען? זיין ארבייט, אדער די אומ־
אויפהערליכע און באשטענדיגע צוגרייטונגען פאר איר, האבען
אים תמיד איינגעשלונגען און אים ניט דערלאזט זיך צונויפקומען
מיט אנדערע מענשען אין יענע קליינע, אומבאדייטענדע געזעל־
שאפטליכקייטען, אין יענע צוגעלאזענקייטען, וועלכע זענען נויטיג,
כדי צו פארבינדען א פריינטשאפט. האט ער בלויז געהאט אויבענ־
אויפיגע באקאנטשאפטען — און קיינע פריינט. אליין.

אדער זאל ער גאר נעהן צו די יעניגע טויזענטער פארערער
זיינע — אמת'ע און צוגעטראכטע — וועלכע ער קען ניט און
וועלכע זענען אים פארט פרעמד? וואס בינדט אים צו צו זיי, —
די פרעמדע, די זייטיגע — — —

— — — ער וואלט איצט פארנעמען א רייזע ערגיץ.
אבער מיט וואס פאר א מיטלען? טפוי, זיי האבען דאך טאקע
אליין. אט, דער דר. וויסנאל. איז געווארען שטיין־רייך. פארט
יעדען ווינטער קיין פלארידא. זיי זענען דאס גליקלאך! ער האט

נאָך אודאי א גאנצען אָווענט געמוזט קוקען אויף זיים, קרייניג׳ען, פון אויבען ארונטער און באטראכטען אים, דעם לאדיוצלח, וואָס מיט זיין גאנצען „ערפאָלג״ איז ער דאָך פארבליבען א קבצן, א קבצן... א „בעק נאָמבער״... ער, ווייסנאל, האָט זיך טאקע גאנץ פרי ארומגעזעהן, וואָס עס איז גוט פאר איינעם צו טאָן, ער האָט נעכאפט דעם ריכטיגען שניט און לעבען: האָט אויפגעגעבען באַ־ צייטענס זיינע שרייבערישע אמביציעס, איז געוואָרען רייך און גליקלאך — — —

א פראָסט האָט זיך געקליבען אויף מאָרגען. שטיקער רויט־ פארפרוירענע וואָלקענס זענען געהאנגען אין דער הויך. רויט־ ליכטיגע. ס׳איז גיט געווען צו זעהן, פון וואנען זיי האָבען גע־ קראָגען זייער רויטע ליכטיגקייט. ס׳האָט קאלט געברענט אויף י ע נ ע ר זייט הימלען. די וועלט איז געווען פוסט.

אויף א ראָג גאס האָט קריינין דערזעהן, ווי א ברייטע פיגור האָט זיך פארקירעוועט און זיך געלאָזט געהן צום אָקעאַן. זיין הארץ האָט אויפגעקלאפט צום פרעמדען. נאָר די טריט זענען באלד פארשטאָרבען אינ׳ם זאמד. ס׳האָט אים געסמאליעט דאָס פנים.

מינוטען זענען פארלאָפען נאָך מינוטען, דער צוג האָט שוין באלד נעדארפט אָנקומען. קריינין איז אָבער מיטאמאָל געוואָרען גלייכגילטיג צו דעם. אים האָט אָפּגענומען דער חשק זיך אומ־ קערען אהיים — צו זיין איינציגען חדר. צווישען די פרעמדע מענשען אין דער איינענער אוואוינונג האָט ער זיך אויך געלאָזט צום וואסער צו.

אריינקומענדיג אין דער גאס, וואו די לאמדינ׳ס האָבען געוואוינט, איז ער ניך אריבערגעגאנגען אויפ׳ן אנדערען טראָטואר, זיך געהאלטען הארט ביי די ווענט, אז מען זאָל אים צופעליג ניט באמערקען דורך די פענסטער. דאָרט איז געווען ליכטיג. אין דער אויפרעגונג, וועלכע איז איצט געשטיגען אין קרייניג׳ען, האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, ווי זיי ביידע דאָרט באריידען אים איצט — — — וואָס־וואָס, די מרס. לאמדין האָט טאקע געמאכט א גוטען בייט. זי האָט איצט א מאַן, ביי וועמען זי איז דאָס וויכ־ טיגסטע אינ׳ם לעבען — דאָס ערשטע. און ער, קריינין — ער

איז פארבליבען א גארנישט — — — ניט קיין ווייב, ניט קיין קינד, ניט קיין האס, קיין אייגען ווינקל. אומעטום באקאנט, אומעטום אן אנגענעמער גאסט — און אומעטום א פרעמדער.

ער האט זיך געוואריעמט קעגען דעם לויכטענדיגען פענסטער. ער האט גארניט געפיהלט דעם פראסט. אויף זיינע וואנצען האבען אנגעהויבען וואקסען ליכטעלאך. דאס פענסטער האט זיך פלוצלונג אויסגעלאשען. ס'האט זיך אים געגומען פארשטעלען, ווי די צוויי אויף יענער זייט פענסטער, האלובען זיך איצט, הנאה האבענדיג איינס פון דאס אנדערע אין דער קאלטער נאכט. אפשר טראכט זי איצט נקמה'דיג פון אים, קריינינ'ען, בשעת אירע ליפען שמייכלען פארקרימט אונטער דר. לאמדינ'ס קושען.

...אז מען וויל, האט ער, קריינין, דאך אפילו קיינמאל ניט ליב געהאט אויף אן אמת. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער האט אזויפיל געשריבען וועגען ליבע. שרייבען. זיין גאנצער לעבען איז פארלאפען אין שרייבען. אים האבען נאכגעיאגט לאמדינ'ס ווערטער: „אז ביי אייך איז דאך אלץ שרייבען". אמת, ביי אים איז אלץ געווען שרייבען, פארבארייטונגען צום שרייבען. — — — אן אפנארעריי. פונ'ם לעבען גופא, ווי א „געוויינליכער" מענש, האט ער קיינמאל ניט הנאה געהאט. און אין דעם איז ער געווען ארימער פון אלעמען, פון די ארימסטע.

ס'האט אים איצט הנאה געטאן צו ערגערען זיך, צו שניידען זיך פאסענגוויז, צו געפינען אלץ מער באווייזען, אז זיין לעבען איז געווען — — — כ'וויים וואס! ס'האבען אים זיך דערמאנט די ווערטער פון זיינער אן אמאליגער געליבטער, וועלכע ער האט אזוי שטארק ליב געהאט (אין יענע צייטען, ווען ער האט ערשט אנ־געהויבען שרייבען, האט ער נאך געקאנט ליב האבען) און וועלכע איז געווען גרייט צו טאן פאר אים אלץ. ער האט איר אבער געזאגט, אז זיי מוזען זיך פאנאנדערגעהן, ווייל זי איז אים א שטער־רונג. איר ליבע פילט צו־פיל אוים זיין אינערליך לעבען און לעבט אויפ'ן חשבון פון זיין שרייבען. ז י נ ע מ ט ב י י א י ם צ ו זיין שרייבען. דאס מיידעל האט דאמאלס געענטפערט:

— גוט. לאמיר זיך פאנאנדערגעהן. פאר'ן פאנאנדערגעהן זיך וויל איך דיר אבער זאגען איינס. איך בין דיר ניט קיין פיינט.

איך ווינש דיר דאס, וואס דו ווילסט אזוי שטארק — א ליטעראַ־רישען ערפאלג. א ב ע ר מ ע ר ג א ר נ י ט.

ער האט איצט געפיהלט, ווי איר וואונש, איר קללה איז מקוים געווארען. ער האט געהאט גארנים. ע ר א י ז ב ל ו י ז נ ע ו ו ע ן א ל י ט ע ר א ר י ש ע ר ע ר פ א ל ג.

א דערדריקטער, א ליידיגער, מיט א רייסענדיגען געפיהל פון אליינ־זיין אויף דער וועלט — איינער צווישען מיליאנען פרעמדע — האט ער זיך געלאזט געהן ווייטער דורך די ליידיגע גאסען, צום ברעג־צו, צום אקעאן.

א ליידיגע בלייבקייט פונ׳ם זאמדיגען ברעג. און דערנאך, טיפער — טונקעל. שטורם, טויבער געדויש. דאס מאלען פון אומגעהויערע מיל־שטיינער. דאס קלאפען פון וואסער־וואלען און פעלזיגע ווענט. וואסערען אויף וואסערען. וואסערבערג איבער וואסערבערג. נאכט. וואסער. אקעאן. אקעאן!

אזוי ווי אין דער ארומיגער טונקעל איז ניט געווען קיין איינ־איינציג זאך, וואס זאל קאנען צוציען זיין בליק, האט ער א קוק געטאן אין דער הויך, אויפ׳ן הימעל־סופיט. א זאך, וועלכע ער פלעגט זעלטען טאן. ווייל שוין א לאנגע צייט, אז ער האט דארט גארניט נ ע ז ע ה ן: ער איז דאך געווען צו־קלוג און צו־ניכטער פאר אזעלכע סענטימענטאליטעטען. —

פינטעלאך, פינטעלאך. גאלדענע, בלייכע. שטילע, ציטער־דינע. און איז דער רויטער געזונטער שטערן מיט׳ן נאמען, וואס האט גארניט געמיינט פאר קרייניג׳ן. אפגעזונדערט פון די איבע־ריגע שטערן מיט א היפשער ליידיגער בלויקייט, מיט א שטאר־קערער שוויינענדיגער ליכטיגקייט, די קאנטען שארפער אפגע־גרעניצט קענען רואיגען טיפ־בלוי. אט דער דאזיגער שטערן — האט קריינין זיך דערמאנט, ווי ער האט אמאל וועגען דעם גע־לייענט — איז זיבען און צוואנציג מאל אזוי גרויס, ווי די זון. א סך לבנות דרייען זיך ארום אים, סאטעליטען... ער, דער דא־זיגער שטערן, איז אזוי ווייט פון דער ערד, אז עס נעמט פאר זיינעם א שטראל, וואס „פארט" דורך דער לופט מיט דער ניכ־קייט פון זעקס און אכציג טויזענט מייל א סעקונדע, גאנצע הונ־דערט און פופציג יאר, ביז ער דערגרייכט די אויבערפלאך פון דער

ערד. און קריינין האט פארמאכט די אויגען און זיך פארגעשטעלט די קאלטע ערד־לופט און די וועלט־פוסטקייט, וואס ארום דער ערד־לופט, און — ר׳האט געזעהן, ווי דער שטראל פארט.

און דא האט קריינין דערפיהלט, ווי ער האט אנגעהויבען איינגעזאקסען, איינשרומפען, וואקסען אויף צוריק. ער איז געווארען א מילב, וועלכען דאס אומגעהויער־גרויסע אויג פון דער וועלט קאן קוים זעהן דורך א פארגרעסערונגס־גלאז פון מיליאנען מיליאסען שטארקייט... א גארנים, א גארנים. פונקט ווי דאס גאנצע מענשליכע לעבען איז אויך גארנים — א דמיון בלויז, א חלום פון א — גאט׳ס? — אפערגעווארפענער פאנטאזיע — —

אפשר — האט ער ווייטער געטראכט, שארענדיג מיט די שפיץ שיך די שטיינדלאך אויפ׳ן אקעאן־ברעג — זענען צו איינעם פון יענע ווייטע שטערנס אויך צוגעקלעפט אזעלכע מילבענ־מענשעלאך, ווי דא, און זיי רעגען זיך אויך אויף פון אלערלייי נארישקייטען און קלייניגקייטען, און באטראכטען אויך די גאנצע וועלט, ווי זי וואלט פון זיי, פון די מילבעלאך, ארויסגעגאנגען, און פון זיי איר לעבען גענומען — — — און יעדעס מילבעלע שפילט זיך דורך דאס לעבען אויף איר אופן, מיט אזא גוואלדיגער ערנסטקייט, פונקט ווי זי וואלט אויסגעפילט די גאנצע וועלט. און די מילבעלאך פלאנטערען זיך איינער דעם אנדערען אין וועג, פאלען אן איינער אויפ׳ן אנדערען און שטעכען זיך מיט די הערנערלאך.

אין דער הויך האבען אלץ שטיל געשיינט די שטערן. און די אנוועזענהייט פון אזויפיל פרעמדע וועלטען האט נאך קריינינ׳ען געמאכט פיהלען נישטיגער און ווערטלאזער. ער האט טאקע געהערט — קלוגע, קיינמאל ניט רוענדיגע מענשען! — אז ס׳וועט אמאל אפשר מעגליך זיין פארען פון איין שטערן צום צווייטען אויף אזעלכע לופט־באנען. נאר אים האט עס ניט געפרייט — אים האט אט די טרייסט אויסגעקוקט נאריש. איז דעריבער? — — — לופט־באנען פון שטערן צו שטערן — פונקט, ווי די דראטלאזע אפאראטען און די אקרענטען פון קאנטינענט צו קאנטינענט. פארגרעסערען בלויז די אומרואיגקייט און דאס פאאנגערפאלען, פאנאנדערשטויבען פונ׳ם מענשען — אין א דיינעם שטויב, וואס וועט זיך דורך יארען און יארען

צעשפּרייטען איבער'ן גאַנצען וועלטאַל, צוזאַמען מיט'ן חרוב־ווערען פון דער וועלט. — — — און אפשר וועט עס ניט פאַר־קומען אזוי פאַמעליכען, אזוי שטיל־נאַכאַנאַנד, נאָר פּ ל ו צ ־ ל ו נ ג. אפשר געהט שוין זיכער זיין אַנגעצייכענטען וועג אין'ם פירמאַמענט יענער שטערן, וועלכער וועט זיך אַמאָל שטעלען אין וועג אונזער ערד — און דאַמאָלס וועט עס נעמען מיטאַמאָל אַן עק, און שטויבעלאַך וועלן מיר זיך ווידער ארומדרייען אין דער וועלט־פּוסטקייט. — — — און אַלע זיינע פאַרדרוסען און ערגער־נישען פון היינטיגען אָוועגט און פון זיין גאַנץ לעבען האָבען אים אויסגעזעהן אזוי נישטיג, אזוי הבל־הבלים'דיג, אזוי קליין — און אזוי א ו מ פּ א ר מ י י ד ל י ך. —

און דער אָקעאַן האָט ווידער גערוישט אין דער טונקעל — נ אַ כ אַ נ אַ נ ד, אָ ה ן א ו י פ ה ע ר. ער האָט זיך אַלץ גע־נאָסען אויף דער ערד. וואסער און טונקעל אויף דער ערד. קריי־נין איז דאָ, אויפ'ן ווייטען און פּוסטען אינזעל־ברעג, געווען א י י ן מ ע נ ש. איין מענש צווישען פריהרענדיגער ערד און פאַרפלייצענדיגען וואסער.

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף א צעפּוילטען קלאָץ, אַן וועלכען ער האָט זיך אין דער פינסטער אָנגעשלאָגען. — גוט איז אויך אָט דער קלאָץ, — האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט זיך אויף אים אַנידערגעזעצט. און באַלד איז אויף אים אָנגעקומען א באַ־רואיגונג. ער האָט זיך מער ניט געפיהלט דערדריקט — ער האָט זיך געפיהלט ש ו ו י נ ע נ ד י ג. ע ר ה אָ ט אָ נ ג ע נ ו ־ מ ע ן ד י ז אַ כ ע ן, ו ו י ז י י ז ע נ ע ן. וואָס איז דער חלוק — אויף אַזאַ אופן געלעבט, אָדער אויף אַן אנדערען? גאָרניט איז וויכטיג. אַלץ איז א שפּיל. זאָל זיך יעדער שפּילען, ווי ער וויל. און פאַר יעדען איז זיין שפּיל — דער אמת פון דער וועלט. און גאָרניט איז צום איבערמאַכען.

ס'האָט זיך דערהערט א שאָרכען איבער די שטיינדלאַך אויפ'ן ברעג. קריינין האָט זיך אומגעקערט. ער האָט דערזעהן א ברייטע, געזונט־פּלייציגע פיגור, וועלכע האָט זיך דערווייטערט פון'ם ברעג, מיט'ן קאָפּ ארונטערגעלאָזען. אַן דעם אויסשניט פון דער פיגור איז דער נאַכט, האָט קריינין דערקאָנט דר. ווייסגאַל'ן. ער

האט זיך דערוויטערט פונ׳ם ברעג מיט אזעלכע טריט און מיט אזא אויסדרוק פון זיין סוטילעוואטער, געבויגענער פיגור, ווי ער וואלט דא ביים ברעג א שטיק צייט געשטאנען, ארויסגעקוקט אויף זיינע אקרענטען, וועלכע האבן זיך פון ערגיץ א ווייטער נסיעה געדארפט צוריקקערן, און ענדליך האט ער זיך איבערצייגט, אז זיי וועלען זיך קיינמאל נים צוריקקערען.

קריינין האט זיך א ווײלע געוואונדערט, ווי אזויערנאך דער דר. ווייסגאל האט זיך געפונען דא. נאר קיין סך וואונדערען זיך האט ער נים געקענט. ער איז געווען מיד. ער האט פארמאכט די אויגען. און אונטער די אויגען האט ער שוין געפיהלט, ווי דער אקעאן רוקט זיך אלץ ווייטער אויף דער יבשה. אלץ איז שוין אונטער וואסער. קריינין איז שוין אויך געווען א ו נ ט ע ן. איבער אים איז געווען אקעאן און נאכט — און ר ו. די איי־בינע, איינציג־מעגליכע רו.